יעקב קרעפּליאַק

# מעשות פאר יונגוואַרג

בילדער געצייכנט פון
אַליס גאַרמאַן

---

יעקב קרעפּליאַק בוך-קאָמיטעט
ניו יאָרק 1947

# אינהאַלט

פֿאָרוואָרט פֿון יעקב קרעפּליאַקס בוך־קאָמיטעט .......... 7

יעקב קרעפּליאַקס לעבנס־געשיכטע פֿון ד״ר ה. פּראַנק ...... 11

קינדערשע ליידן און פֿריידן

שוואַרץ און ווייס .......... 25
איינגעבראָכן .......... 50
אַ מאַמע .......... 59
עלינו לשבח .......... 65
חרטה .......... 68
אַ געשלעג .......... 77
אַ כוואַטסקער ייִנגל און דעם קאָזאַקס קוטשמע .......... 83
געלט .......... 92
מלחמה .......... 101
אַ מעשה וועגן אַ גליטש .......... 107
סידני .......... 117

מיט בעלי־חיים אין און אַרום הויז

טויבן .......... 127
דער פֿויגלכאַפּער .......... 157
דער פֿאַרלאָזענער פֿויגל .......... 166
זשעף און מאַרקיז .......... 171
קאַשטאַן .......... 177
הונגער .......... 188
דריי באַגעגענישן מיט הויז־חיות .......... 196

לעגענדעס

פֿאַרבלאָנדזשעט .......... 219
משיחס קרוין .......... 246
דאָס אייביקע לעבן .......... 259

דאָס יינגל וואָס האָט געהערט סאַראַסאַטען ........... 277
דער טעמפּל פֿון רחמנות .................... 295

## אַ קינדער־שפּיל

דאָס „גרינע" יינגל ........................ 301

## יידישע איבערזעצונג פֿון ענגלישע זאַצן אין קינדער־שפּיל „דאָס גרינע יינגל" ........................ 327

## ווערטער־פּאַרטייטש ........................ 331


## בילדער אין טעקסט:

אויף די זייטן: 40, 62, 75, 99, 115, 120, 140, 168, 193, 261, 294

## בילדער אויסערן טעקסט:

1. יעקב קרעפּליאַק ביים שרייבטיש.
2. די אַלטע זאַבלודאָווער הילצערנע שול.

# פֿון יעקב קרעפּליאַק בוך־קאָמיטעט

מיט צוויי יאָר צוריק, דעם 21טן סעפּטעמבער 1945, איז פֿאַר דער צייט און נאָך אַ שווערער קראַנקייט אַוועק פֿון דער וועלט איינער פֿון די סימפּאַטישסטע און ליבסטע מענטשן פֿון צווישן מיטליאָריקן יידישן שרייבער־דור אין אַמעריקע, יעקב קרעפּליאַק. זיין טויט איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ פֿאַר זיין משפּחה, זיינע נאָענטסטע קאָלעגן און פֿריינט און פֿאַר זיינע לאַנדסלייט, די זאַבלודאָווער און ביאַליסטאָקער. פֿאַר זיי האָט ער יאָרנלאַנג אַוועקגעגעבן זיין צייט און ענערגיע, צו לינדערן די פֿיזישע און גייסטיקע יסורים פֿון די נאָענטע און ווייטע מיטמענטשן בכלל, און פֿון די קרבנות פֿון די מלחמות און מהומות אין די לעצטע דרייסיק יאָר בפֿרט. ביי אַלעמען און באַזונדערס ביי די אַמאָליקע מיט־קעמפֿער זיינע אין דער רוסיש־יידישער אַרבעטער־ און פֿרייהייטס־באַוועגונג, איז דער נאָמען יעקב קרעפּליאַק („יענקל פּראָפֿעסאָר") געווען זייער באַליבט און געשעצט — אַ סימבאָל פֿון אידעאַליזם און פֿריינט־שאַפֿט. אַלע וואָס האָבן אים געקענט וועלן קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן די מענטשנליבע, וועלכע האָט שטענדיק אַרויסגעשטראַלט פֿון דעם ליבן און פּשוטן, צו יעדער צייט הילפֿגרייטן, מענטש און ייד, פֿריינט און חבר, לאַנדסמאַן און קאָלעגע, יעקב קרעפּליאַק ז״ל.

קורץ נאָך זיין טויט, אין פֿרילינג, 1946, איז אין ניו־יאָרק געשאַפֿן געוואָרן אונדזער קאָמיטעט מיטן ציל אַרויסצוגעבן אַ צוויי־בענדיקע זאַמלונג און י. קרעפּליאַקס געקליבענע שריפֿטן, פֿון וועלכע מיר לאָזן איצט אַרויס דעם ערשטן באַנד. מיר הייבן אָן די אויסגאַבע, וואָס זאָל פֿאַראייביקן דעם אָנדענק פֿון פען־מייסטער און מענטשן־פֿריינט יעקב קרעפּליאַק, דווקא מיט אַ באַנד שריפֿטן פֿאַר דער יוגנט (וואָס קאָנען אויך פֿון דערוואַקסענע געלייענט ווערן מיטן לעבעדיקסטן אינטערעס). און געפֿירט האָט אונדז צו דעם באַשלוס דער איצטיקער גרויסער דוחק אין גוטע קינדער־ביכער אין יידיש; אַ מאַנגל וואָס שפּירט זיך אַמשמערצ־לעכסטן נאָכן יידישן חורבן אין אייראָפּע. מיר וועלן אַ גרויסע טייל פֿון דער אויפֿלאַגע זוכן אַרויסצושיקן צו די יידישע ישובים מערב לים, וואו דער אויפֿבוי פֿון יידישן לעבן, אויף די חורבות פֿון אַ צעשטערטער וועלט, שטעלט איצט זיינע ערשטע און שווערסטע טריט.

אין דעם איצטיקן באַנד גייען אַריין אַלע ווערק י. קרעפּליאַקס, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר די יונגע לייענער — סיי די וואָס זיינען שוין פריער דערשינען אין בוך־פאָרם, ווי דאָס בוך „יונגוואַרג" (פאַרלאַג „מתנות"), וואָס איז שוין מער אויפן ביכער מאַרק נישטאָ. סיי די וואָס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין בראָשורן און אין צייטשריפטן ווי דער „קינדער־זשורנאַל" און „קינדער־צייטונג".

אין דער באַשאַפונג פון געלט־מיטלען פאַר דער דערגרייכונג פון אונדזער ציל — וואָס איז אין דער היינטיקער צייט פון יקרות אויף פּאַפּיר און דרוק אַ ביז גאַר שווערע אויפגאַבע — האָבן זיך באַטייליקט אַ צאָל יחידים און אָרגאַניזאַציעס. זיי אַלעמען דריקן מיר אויס אונדזער האַרציקסטן דאַנק. דער פּלאַץ־מאַנגל דערלויבט אונדז נישט אויסרעכענען אַלעמען. מיר האָפן אָבער, אַז די לאָיאַלקייט אויך פון די וואָס ווערן נישט דערמאָנט דאָ אונטן ביים נאָמען וועט ווייטער אָנהאַלטן און נאָך אין אַ שטאַרקערער פאָרם, און וועט אונדז דערמעגלעכן דורכצופירן די אָנגעהויבענע אַרבעט צום צופרידנשטעלנדיקן סוף. זיי אַלע און די צו־געקומענע טוער וועלן זיכער קאָנען פאַרשריבן ווערן לזכרון עולם אין קומענדיקן, צווייטן באַנד פון דער אויסגאַבע.

אייניקע, ווי געזאָגט, מוזן אָבער דערמאָנט ווערן שוין ביי דער איצטיקער געלעגנהייט.

דעם ערשטן און גרעסטן דאַנק פאַרדינט דער „ביאַליסטאָקער ברענטש 88, אַרבעטער רינג", וואו דער אומפאַרגעסלעכער יעקב קרעפּ־ליאַק איז געווען אַ מיטגליד אַלע זיינע יאָרן אין אַמעריקע, און האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער קולטור־טעטיקייט פון ברענטש. דער „ביאַליסטאָקער ברענטש 88, אַ. ר." האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאַפן דעם „יעקב קרעפּליאַק בוך־קאָמיטעט" און ער, דער בר. 88 אַ.ר., טראָגט אויף זיך די גאַנצע אַחריות פאַר דער דורכפירונג פון דער שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער אונטערנעמונג.

אויך קומט אַ דאַנק די באַאַמטע, פירער און טוער פון „ביאַליסטאָקער צענטער" אין ניו־יאָרק, באַזונדערס פּריינט דוד סאָהן, וועלכע האָבן געשטעלט אין דינסט פון אונדזער קאָמיטעט זייער גאַנצן אַפּאַראַט, כּדי מיר זאָלן קאָנען דערגרייכן כּמעט אַלע טיילן פון די אַמעריקעס.

אַ באַזונדערע אָנערקענונג מוז אויסגעדריקט ווערן צו דער „ביאַ־ליסטאָקער רעליף סאָסייעטי" אין פּעטערסאָן נ. דזש., וועלכע איז גע־ווען די ערשטע צו ענטפערן אויף אונדזער רוף און האָט בייגעשטייערט די גרעסטע סומע פון צווישן אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אַט־דער

שיינער און פּריינטלעכער טאַט האָט ניט בלויז געהאָלפן מאַטעריעל אונ־דזער אַרבעט, נאָר האָט אויך געגעבן מוט און בטחון דער קליינער הייפל ערנסטע טוער און מיטאַרבעטער, וואָס שטעלן צונויף דעם אַקטיוו פון אונדזער קערפּערשאַפט.

אַ גרויסן דאַנק קומט אויך פּריינט נ. כאַנין, בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרב.־רינג, וועלכער איז פּאַקטיש געווען דער גייסטיקער פאָטער פון דעם געדאַנק, אַז דער בר. 88 זאָל שטעלן אַן אומצעשטערבאַרן מאָנומענט זייער פאָרשטאָרבענעם מיטגליד דורך אַרויסלאָזן אין בוך־פאָרם זיינע וויכטיקסטע ווערק. אַ דאַנק דאַרף אויך געזאָגט ווערן צום בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער רינג.

פון יחידים מוז ספּעציעל דערמאָנט ווערן דער מיטגליד פון אונדזער קאָמיטעט פּריינט אַלעקסאַנדער מאַץ. אַליין אַ ווילנער, האָט ער אָבער אַדאַפּטירט אונדזער ביאַליסטאָק פאַר זיין היימשטאָט דאָ אין אַמעריקע. ער האָט ניט געשפּאָרט קיין צייט און אַרבעט צו מאַכן אונדזער אונטער־נעמונג דערפאָלגרייך. און דערפאַר זאָגן מיר אים אַ האַרציקן יישר־כוח.

פאַר דער גרויסער און פלייסיקער הילף־אַרבעט, טעכנישער און שריפטשטעלערישער, ספּעציעל ביי דער צוגרייטונג פון אַלערליי פאַר־טייטשן, וואָס ווערן געדרוקט צום סוף בוך, דריקן מיר אויס אַ האַר־ציקן דאַנק אונדזער קאָרעקטאָר, פּריינט הירש אַבראַמאָוויטש.

אויך דער דרוקער, פּריינט אליהו לאַוב, אַ לאַנגיעריקער גוטער פּריינט פון יעקב און אַננאַ קרעפּליאַק און אַ מיטגליד פון אונדזער קאָ־מיטעט, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן פאַר זיין פאַראינטערעסירונג מיט אונדזער אונטערנעמונג און לאָיאַלער קאָאָפּעראַציע אין איר דורכ־פירונג.

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמט אונדזער קאַסירער, פּריינט בנימין גוזאָווסקי, — דער, וועלכער טראָגט פּאַקטיש די אַחריות צו זאָרגן פאַר די פינאַנצן וואָס אַזאַ אונטערנעמונג פאָדערט. ער האָט עס געטאָן מיט ליבע אוןווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמתן קולטור־טוער.

## יעקב קרעפּליאַק בוך־קאָמיטעט

דר. הערמאַן פראַנק
פאָרזיצער, רעדאַקציע־קאָמיסיע

זיידל כאַבאַצקי
סעקרעטאַר און געשעפטס־פירער

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1947.

# יעקב קרעפּליאַק

## קורצע לעבנס־געשיכטע

**(1945—1885)**

**א**

אין צאַרישן רוסלאַנד, ניט ווייט פֿון דער מערב־גרענעץ פֿון אָט־דער ברייט צעשפּרייטער מדינה, איז געלעגן דאָס אַלט און גוט־באַקאַנט יידיש שטעטל זאַבלודאָווע, נאָענט צו דער גרויסער פֿאַבריק־ און האַנדל־שטאָט ביאַליסטאָק. דאָס שטעטל איז פֿון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט גרויסע, געדיכטע וועלדער און מיט רחבותדיקע גרינע לאָנקעס, אויףביידע זייטן פֿון אַ שפּיגלדיק־בלאָען טייך. אין מיטן שטעטל איז געשטאַנען אַ וואונדערלעכע, אַלטע הילצערנע שול, וואו ס׳האָבן נאָך געדאַוונט די עלטער־עלטער־זיידעס פֿון די עלטסטע צווישן די גרייז־גרויע זאַבלודאָווער איינוואוינער. איבער 400 יאָר איז שוין די שול דאָרט געשטאַנען און דער „פּנקס״, וואָס האָט זיך אין איר געפֿונען, האָט געקענט דערציילן מעשות פֿון 300 יאָר צוריק.*

אין זאַבלודאָווע, ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט געלעבט אַ געמישטער עולם — פֿאַרמעגלעכע פֿאַמיליעס, ניט גרויס אין צאָל, אָבער מיט אַ גרויסער דעה איבער די ענינים פֿון קהל; און ווייניק־פֿאַרמעגלעכע, האָרעפּאַשנע לייט, ווי מלמדים, בעלי־מלאָכות, קרעמערס, אַרבעטער. די איינוואוינער פֿון שטעטל האָבן געפֿירט אַ געזונטן, שטילן לעבן, נאָענט צו דער נאַטור און דערווייטערט פֿון דער בהלה און הו־האַ פֿון די גרויסע שטעט. פֿון די נאָענטע און ווייטע שטעט פֿלעגן זיך אָבער דערטראָגן טשיקאַווע אָפּקלאַנגען — באַזונדערס אין צייטן פֿון שטורעמס אין פּאָליטישן לעבן פֿון רוסלאַנד, ווי מלחמה, רעוואָלוציע און ד.גל. דע־מאָלט איז אַפֿילו זאַבלודאָווע — דאָס שטעטל מיט פֿיינע, הילצערנע, קליינע הייזער, מיט די ברייטע גאַסן באַשאָטנטע פֿון געדיכטע שורות אַלטע, שטאַ־

---

* אַ בילד פֿון דער אַלטער שול וועט איר געפֿינען דאָ אין בוך, אין אָפּטיילונג „לעגענדעס״.

טנעביימער, אויפֿגערודערט געוואָרן. ווייל אַפֿילו אין איר, אין דעם קליי־נעם זאַבלודאָווע, האָט געלעבט אַ יוגנט, וואָס האָט געגאַרט צו וויסן וואָס אין דער גרויסער וועלט טוט זיך און האָט געוואָלט מיטמאַכן די געשעע־נישן אין גאַנצן לאַנד. און אויך הונדערטער יידישע אַרבעטער האָט געהאָט זאַבלודאָווע אין אירע פֿאַבריקן און פֿאַבריקלעך, אין וועלכע מ׳פֿלעגט מאַכן פֿון פֿעל — לעדער, פֿון וואָל — געוואַנטן, פֿון תּבֿואה — גרויפּנס אאַז״וו.

אין אַ האָרעפּאַשנער זאַבלודאָווער משפּחה, ביי זעליק דעם שטריק־דרייער, איז דעם צווייטן טאָג סוכּות פֿון יאָר 1885 געבוירן געוואָרן אַ זון, יענקעלע, און פֿון אים איז עס אויסגעוואַקסן דער גרויסער מענטשנ־פֿריינד און באַוואוסטער שרייבער יעקב קרעפּליאַק, דער מחבר פֿון דעם בוך וואָס איר לייענט איצט.

זיין פֿאָטער, זעליק, פֿלעגט אַליין, אָדער מיט דער הילף פֿון איינעם אָדער צוויי געזונטע אַרבעטער, פֿלעכטן שטריק פֿון קאַנאָפּלע אָדער פֿלאַקס, און דאָס פֿאַרקויפֿן צו די אַרומיקע פּריצים און פּויערים. דער האָרעפּאַש־נער זעליק האָט געהאָט אַ גוטן קאָפּ, אַ זייער שטאַרקן זכּרון, און האָט געלאָזט לערנען זיינע קינדער, כּדי צו מאַכן פֿון זיי געבילדעטע, חשובֿע מענטשן. זיין פּרנסה פֿלעגט אים זייער, זייער אָפֿט צווינגען צו פֿאַרלאָזן דאָס הויז אויף גאַנצענע טעג און וואָכן. איז דער צובונד צו אים פֿון די קינ־דער ניט געווען אַזאַ האַרציקער ווי ביי קינדער פֿון אַ פֿאָטער, וואָס איז מיט זיי שטענדיק אונטער איין דאַך.

דערפֿאַר האָט די מאַמע, אסתּר, געהאָט פֿאַר די קינדער אַ טאָפּעלע מאָס ליבשאַפֿט און האַרציקייט. ניט נאָר אַ זעלטן גוטע פֿרוי, און אמתער מענטשנפֿריינד, איז די מאַמע געווען, נאָר — אויך געבענטשט פֿון דער נאַטור מיט אַ זיסער שטימע צום זינגען און מיט ליבע צו נגינה. אויך האָט זי געקענט דערציילן אירע קינדער אָן אַ שיעור אַלטע מעשׂהלעך, וואָס זי האָט נאָך געהערט פֿון איר מאַמע און באָבע. ניט זעלטן פֿלעגט זי פֿאַר די קינדער לייענען פֿון טייטש־חומש, און פֿון אַנדערע ווייבער־טייטש־ספֿרים, פֿאַטישע מעשׂהלעך און לעגענדעס, וועלכע פֿלעגן די קינ־דער אַריבערטראָגן אויף טויזנטער יאָרן צוריק, צו די ערשטע אָנהייבן פֿון אונדזער אַלטן יידישן פֿאָלק.

יענקעלע איז געוואַקסן אין חבֿרשאַפֿט און פֿריינדשאַפֿט מיט די שכנישע קינדער פֿון דעם זעלבן עלטער ווי ער. אָבער שטאַרק צוגעבונדן איז ער אויך געווען צו זיין שוועסטערל זינע (זעלדע), וועלכע איז געווען מיט אַ צוויי יאָר עלטער פֿון אים. מ׳האָט יענקעלען פֿרי אָפּגעגעבן אין חדר, צו גוטע מלמדים. מיט פֿלייס האָט ער געלערנט חומש מיט רש״י. דער תּנ״ך

האָט ביי אים געלאָזן אַ שטאַרקן איינדרוק. שוין פּרי האָט אין זיין יונגער נשמה, אונטער דער ווירקונג פּון אונדזערע יידישע נביאים, זיך דערוועקט אַ געפּיל פּון מענטשנליבע, אַ שטרעבונג צו יושר און צום אמת.

אויך אין דער רוסישער שול האָבן די עלטערן געשיקט יענקעלען און זעלדען. ניט זעלטן, זיצנדיק אין קלאַס־צימער, וואו מ׳פּלעגט די קינדער לערנען די רוסישע שפּראַך אָדער חשבון, פּלעגט יענקל זיך גאָר פאַרטיפן אין זיינע אייגענע מחשבות און זיך אַוועקטראָגן אין אַנדערע, וויטע וועלטן. אָדער ער פּלעגט מיט זיין בלייער צייכענען מענטשלעך, צי אַנדערע בילדלעך, אין זיין שרייב־העפט. דאָס פּלעגט אָבער דער רוסישער לערער באַלד באַמערקן און ווערן אין כעס. ער פּלעגט מיט אַ ווירע שלאָגן יענקלען איבער די הענט, אים מוסרן און רופן „אַברהם”. פּלעגט אים יענקעלע פרעגן: „איז דען ניט מיין נאָמען יעקב, פאַרוואָס רופט איר, הער לערער, מיך גאָר אַברהם?” און דער בייזער רוסישער לערער פּלעגט זיך צעשרייען: „ווייל דער אורפאָטער פון אייער יידישן פאָלק האָט געמאַכט ׳מענטשן׳ און אויך דו צייכנסט מענטשעלעך אויפן פּאַפּיר”... ביידע קינדער, יעקב און זעלדע, האָבן צו עטלעכע יאָר צייט זיך געלערנט אין אָט דער שול און געהאַט אין שטעטל אַ נאָמען פון ערנסטע פלייסיקע שול־תלמידים. זיי האָבן צוגעגעבן כבוד און נחת דער הויז פון זייערע עלטערן.

אַ גרויסער גרינס־גאָרטן איז געווען אַרום דער הויז, וואו די פאַמיליע האָט געלעבט, און מיט גרויס חשק און ליבשאַפט פלעגט יענקעלע אין זייער גאָרטן ניט זעלטן פאַרזייען גרינסן, אַפילו פאַרפלאַנצן דאָרט פרוכט־בוימלעך: עס האָט אים פאַרשאַפט הנאה צו זען ווי ס׳וואַקסט און גערייט אַלץ וואָס די גוטע מאַמע־ערד גיט אַרויס; די ערד, וואָס ער האָט מיט זיינע יונגע הענטלעך באַאַרבעט. געשפּילט האָט זיך יענקעלע מיט זיינע חברים, סיי זומער, סיי ווינטער אונטערן פרייען הימל, אויף דער פרייער לופט — אין גאָרטן, אין פעלד און וואַלד, אויפן פאַרפרוירענעם טייך אד״גל. עס האָט אים אויך געצויגן צו איין סאָרט פאַרוויילונג, וואָס דאַרף געשפּילט ווערן מערסטנס אין דער היים. די שפּיל איז באַשטאַנען אין קלייבן און סאָרטירן און אָפּהיטן בריוו־מאַרקעס (סטעמפּס) פון פאַרשיידענע לענדער. שיינע, פאַרביקע בילדער האָט ער פון קינדוויז אָן זייער ליב געהאַט, פלעגט אויסשניידן די פיינע קאָלירטע באַמאָלונגען פון „לשנה טובה” קאַרטלעך און זיי קלייבן. די פאַרבן־פּראַכט פון אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן אויף די מאַרקעס (סטעמפּס) האָט, ווי ס׳זעט אויס, געהאַט אַ צויבער־ווירקונג אויף יענקעלעס נשמה, שוין צו 7 יאָר איז טאַקע פון דעם קליינעם יענקעלע דעם סטעמפּ־קלייבער מיט יאָרן שפּעטער אויסגעוואַקסן

אַ באַוואוסטער מאַרקעס־זאַמלער, אַ „פילאַטעליסט״, אַ מבין און גרויסער ליבהאָבער פון די פיין־באַצירטע און נוצלעכע פאַפירענע צייכנס.**

נישט בלויז צו מאַלעריי־קונסט האָט יענקעלען פרי שוין געצויגן, ווייל אין זיין נשמה האָט געלעבט אַ ליבשאַפט צו אַלץ וואָס איז שיין, נאָר אויך פון געזאַנג און מוזיק פלעגט זיין יונג, נאָך קינדעריש, האַרץ אויפ־ציטערן מיט אַ גרויסער הנאה. נאָך גאַנץ יונג איז ער געווען, אפשר קיין 15 יאָר ניט, ווען ער פלעגט דעם גרעסטן טייל פון יאָר פאַרברענגען, כדי זיך צו לערנען אַ מלאכה, אין דער נאָענטער שטאָט ביאַליסטאָק. און דאָרט איז דער גרעסטער פאַרגעניגן זיינער געווען צו הערן פון צייט צו צייט באַרימטע מוזיקער, וואָס פלעגן קומען אויף קאָנצערטן. אַן אומפאַר־געסלעכן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דער קאָנצערט פון באַ־רימטן פידל־שפילער אין יענער צייט, סאַראַסאַטע. שוין פיל, פיל שפּע־טער האָט יעקב קרעפּליאַק, אין זיין „לעגענדע״ (וואָס ווערט געדרוקט דאָ אין בוך) — „דאָס ייִנגל וואָס האָט געהערט סאַראַסאַטען״, איבערגעגעבן די איינדרוקן פון יענעם וואונדערלעכן קאָנצערט אין ביאַליסטאָק.

## ב

ווען יענקל האָט דערגרייכט דעם בר־מצווה עלטער איז ער שוין גע־ווען צוגעוואוינט צו שעפּן וויסן און בילדונג פון ביכלעך און ביכער, וועלכע ער פלעגט מיט כוונה לייענען אין די פרייע מינוטן. אָנגעהויבן האָט ער מיט העברעאישע ביכער, ווייל פון די בעסטע מלמדים אין שטעטל האָט ער געקראָגן אַ היפּשע באַקאַנטשאַפט מיט דער אַלטער שפּראַך פון יידישן פאָלק. און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג ביז יענקל האָט אויך ביכלעך און ביכער אין יידיש און רוסיש אָנגעהויבן צו שלינגען, ווען און וואו נאָר ער האָט זיי באַקומען צום לייענען. ער איז ניט געווען אָפּגעריסן פון די וועלט־פּאַסירונגען; האָט געוואוסט מיט וועלכע אידעאַלן די בעסטע מענטשן פון יענער צייט לעבן, צו וועלכע צילן זיי שטרעבן. און געווען איז דאָס אַ צייט, ווען די שטרעבונג צו פרייהייט און גלייכהייט, צו אַ בעסערער און שענערער וועלט, האָט געלעבט אין די הערצער פון דער יוגנט. באַזונדערס האָבן די יונגע יידישע אַרבעטער, אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, זיך אָפּגעגעבן אין יענער צייט מיט אַ קאַמף פאַר מער פרייהייט, מער יושר און גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן, אַ קאַמף

** אַ פּאָר אַרטיקלען איבער מאַרקעס („אין מאַרקעלאַנד״) האָט י. קרעפּליאַק, אונטערן פּסעוודאָנים „פילאַטעליסט״, אָפּגעדרוקט אין „קינדער־זשורנאַל״ (יוני און אויגוסט, 1936). אַ קליינע זאַמלונג פון פּאָסט־מאַרקעס, וואָס ער האָט אָפּגעקליבן (ווייל זיי האָבן אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר יידן), וועט לויט זיין ווילן געשיקט ווערן קיין ארץ־ישראל.

פֿאַר די גלייכע רעכט פֿון די יידן צוזאַמען מיט אַלע פֿעלקער פֿון דער צאַרישער מדינה. די צאַרישע פּאָליציי און די זשאַנדאַרן האָבן מיט אַ שטרענגער אויג און אייזערנער האַנט אויפֿגעפּאַסט אויף אָט די קעמ־פֿערישע, די „רעוואָלוציאָנערע", טיילן פֿון דער יידישער און ניט־יידישער יוגנט און פֿון אַרבעטער־קלאַס. מ׳האָט זיי גרויזאַם פֿאַרפֿאָלגט, זיי איינ־געשפּאַרט אין די געפֿענגענישן און אויך פֿאַרשיקט אין דער ווייטער קאַלטער סיביר.

אונטערן איינפֿלוס פֿון דער גרויסער שטאָט ביאַליסטאָק, וואָס האָט גע־האַט אַ סך פֿאַבריקן און טויזנטער אַרבעטער, איז יעקב קרעפּליאַק גע־וואָרן אַ פֿרייהייטס־קעמפֿער מיט אַ גרויסן נאָמען און אַ סך נאָכפֿאָלגער. אויך זיין שוועסטער, זעלדע (זינע), צו וועלכער ער איז געווען פֿון דער קינדהייט אָן, שטאַרק צוגעבונדן, האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין ביאַליסטאָק אין יענער צייט און דאָרט באַזוכט אַ מיידלשע מיטל־שול. יענקל קרעפּ־ליאַק פֿלעגט אין ביאַליסטאָק עטלעכע שעה אין טאָג אָפּגעבן אויף „שטונדן": ער האָט געלערנט יונגע און דערוואַקסענע תּלמידים צו לייענען און שרייבן רוסיש, יידיש און העברעאיש און דערפֿון טיילווייז פֿאַרדינט אויף חיונה. דערביי איז ער, פֿאַרשטייט זיך, געקומען אין באַרירונג מיט מוטיקע יונגע יידישע אַרבעטער־קעמפֿער, וואָס זיינען שוין יאָרן־לאַנג (אין ביאַליסטאָק האָט די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1895) געווען אָנגעשטעקט מיט פֿרייהייטס־געדאַנקען און שנאה צום צאַריזם.

פֿון זיינע פֿריסטע יאָרן האָט יענקל קרעפּליאַק מיטגעפֿילט מיט דעם צער פֿון די אָרעמע און אונטערדריקטע. דאָס האָט אים געפֿירט אין די רייען פֿון יענע קעמפֿער פֿאַר פֿרייהייט און גערעכטיקייט, וועלכע ווערן אין אַלע לענדער פֿון דער וועלט גערופֿן מיטן זעלביקן נאָמען „סאָציאַ־ליסטן". דער גרויסער אידעאַל פֿון סאָציאַליזם האָט דעם יונגן קרעפּליאַק אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט אין זיך דערפֿילט אַ פֿאַרלאַנג צו פֿאַרשפּרייטן דעם דאָזיקן געהויבענעם אידעאַל צווישן די פֿון זיינע חברים און באַקאַנטע, וואָס האָבן ווייניקער פֿון אים געוואוסט וועגן דעם לעבן אין דער גרויסער וועלט. עס זיינען אַרום אים געשאַפֿן געוואָרן לערן־קרייזלעך פֿון בחורים און מיידלעך אין זאַבלודאָווע.און אַפֿילו אין ביאַליסטאָק, אַ שטאָט מיט אַזוי פֿיל געבילדעטע יונגע מענטשן פֿון די מיטל־שולן און פֿול מיט אויפֿ־געקלערטע און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, האָבן אַסך יונגע לייט זיך ביי אים געלערנט. די חברים־תּלמידים האָבן אים זייער רעספּעקטירט, ווייל ער האָט זיי געלערנט און אויפֿגעקלערט, מיט פֿלייס, ליבשאַפֿט און געדולד. אין דער רעוואָלוציאָנערער „אונטערערדישער", ד.ה. געהיימער און פֿאַר־באָרגענער באַוועגונג האָט מען אים גערופֿן יענקל פּראָפּעסאָר. אונטער

אַט־דעם נאָמען האָבן אים געקענט סיי די פּריינט, סיי די פּיינט זיינע — די פּאָליציי און זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן געזוכט צו כאַפּן דעם צוואַנציק־יאָריקן באַגייסטערטן רעוואָלוציאָנער.

מיט זיין גוטן ביישפּיל פון פריינדלעכקייט און ברידערלעכקייט, האָט יענקל קרעפּליאַק געווירקט צום גוטן ניט ווייניקער ווי דורך זיין אויפגע־קלערטן און קלוגן וואָרט, מיט וועלכן ער האָט צווישן די יונגע אַרבעטער פּאַרשפּרייט בילדונג און וויסן. אויך צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און זייערע פּאַרטייען פּלעגן פון צייט צו צייט אויסברעכן קריגערייען, בית־טערע סכסוכים. אָבער שטענדיק פלעגט יענקל, אויב ער פלעגט דערביי זיין, אַריינטראָגן שלום און פריינטשאַפט אין די צעריסענע צווישן זיך מחנות. ער פלעגט דערביי אויסמוסרן זיינע חברים מיט די ווערטער: „טייערע חברים, אויב איר ווילט בויען אַ נייע, שיינע און גערעכטע וועלט, און קענט אַליין צווישן זיך נישט לעבן בשלום, טאָ ווער זשע וועט אייך נאָכגיין אויף די וועגן, אין וועלכע איר ווילט פירן אַנדערע מענטשן?״

אַט אַזוי האָט זיך דער נאָמען „יענקל פּראָפעסאָר״ פאַרשפּרייט ווייט און ברייט איבער אַ סך שטעט און שטעטלעך, וואו ער האָט, צוליב זיין אַר־בעט פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און אויפקלערונג צווישן יידישע אַרבעטער, זיך אויפגעהאַלטן דאָ לענגער, דאָרט קירצער, אין יענער שטורמישער צייט, אין די יאָרן צווישן 1903 און 1906. אומעטום, וואו ער איז געווען — אין מינסק, פּינסק, קאַטערינאָסלאַוו, גראָדנע, קריניק אאַ״נד, מען האָט אים גוט געקענט און געשעצט.*** און דערפאַר טאַקע איז געווען אַזוי גרויס די שנאה צו אים פון דער צאַרישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. מ׳האָט אים צייטנווייז געפּייניקט און געשלאָגן. איין מאָל, אין האַרבסט פון 1905, ווען ער איז געזעסן אין דער ביאַליסטאָקער טורמע, האָט זיך צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין שטאָט פאַרשפּרייט אַפילו אַ קלאַנג, אַז אין טורמע איז, פון די אַכזרישע קלעפּ, דער באַרימטער חבר „יענקל פּראָ־פעסאָר״ געשטאָרבן.

אין די יאָרן פון קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט האָט יענקל קרעפּליאַק זיך באַגעגנט מיט אַ יונגער חברטע, אַ מיטקעמפערין פאַר דער באַפרייאונג פון פאָלק, אַנע שאַפּיראָ, און זיך מיט איר נאָענט באַפריינדעט. אויך זי איז אַ צייט געזעסן אין געפענגענישן פאַר אירע פרייע, רעוואָלו־ציאָנערע געדאַנקען. אָבער אָט רוקט זיך אונטער די צייט (1906) ווען יענקל קרעפּליאַק האָט געדאַרפט זיך שטעלן צום מיליטער דינסט. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט אין אַרטילעריע און געשיקט דינען אין העלסינג־

*** אַן אינטערעסאַנטע פּאַסירונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּינסק, אין דער צייט ווען י. ק. איז דאָרט געווען, ווערט באַשריבן אין אַ דערציילונג, וועלכע גייט אַריין אין אָט דעם בוך — „אַ כוואַטסקער יינגל און דעם קאָזאַקס קוטשמע״.

פּאָרס, די הויפּטשטאָט פון פינלאַנד. אַפילו אין די קאַזאַרמעס, צווישן די סאָלדאַטן, האָט יענקל קרעפּליאַק אויך פאַרשפּרייט פרייהייטלעכע רעוואָ־לוציאָנערע געדאַנקען. פון דער קאַזאַרמע, אין פינלאַנד, פלעגט ער זיין פריינדין, אַנען, שרייבן לאַנגע בריוו, אויסגיסנדיק אין זיי זיינע געדאַנקען און געפילן וועגן דעם קאַמף זייערן פאַר אַ נייער, אַ בעסערער וועלט און שילדערנדיק דאָס לעבן אין און אַרום די קאַזאַרמעס. און ווען דער טערמין פון מיליטער־דינסט האָט זיך פאַרענדיקט, אין 1910, האָבן יעקב און אַנאַ געשלאָסן אַ לעבנס־בונד, און גלייך נאָך זייער חתונה פאַרלאָזן דאָס צאַ־רישע רוסלאַנד אויף שטענדיק. זיי האָבן געהאַט בדעה צו פאָרן קיין אַמע־ריקע, אָבער דערפאַרנדיק ביז בעלגיע, האָבן זיי אין יענעם פרייען לאַנד, אין דער גרויסער האַפן־שטאָט, אַנטווערפּן, זיך פאַרהאַלטן, און דאָרט אָפּגעלעבט כמעט פינף יאָר צייט.

## ג

אין אַנטווערפּן האָט יעקב קרעפּליאַק זיך אויסגעלערנט אַ מלאכה, די שלייפעריי פון דימענטן. ער האָט זיך צו איר געוואוינט, ווייל אים האָט פון שטענדיק געצויגן צו נאַטור־אַנטיקלעך, ווי די פיינע, אומגעוויינלעכע מינעראַלן (שטיינדלעך און מעטאַל־אַרצן)' שטיקלעך זעלטענע געהילץ, בלעטער פוןביימער אד"גל. אין משך פון יאָרן האָט ער אויפגעקליבן אַ גאַנצע נאַטור־קאָלעקציע פון אָט די „אַנטיקן". אָבער די דימענטן שלייפעריי איז נישט געווען זיין איינציקע אָדער זיין וויכטיקסטע באַשעפטיקונג אין יענער צייט. אין אַנטווערפּן האָט זיך אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע, וועלכע האָט זיך געצויגן פינף און דרייסיק יאָר צייט. אויך פריער האָט ער מיט זיין פעדער געמאַכט וויכטיקע, אָבער נישט אָפן געדרוקטע, ווערק. דאָס זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע ער פלעגט צוגרייטן פאַרן קאַמף קעגן צאַריזם. אָבער ערשט פון יאָר 1911 אָן איז ער געוואָרן אַ פאַרפאַסער פון ליטעראַרישע ווערק פאַר קליין און גרויס, און פלעגט שיקן דערציילונגען און אַנדערע שאַפונגען צום דרוקן אין זשורנאַלן און צייטונגען. אין יאָר 1913 האָט ער אַליין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל „דער מערב", דער ערשטער זשורנאַל אויף יידיש אין גאַנץ בעלגיע.

איינע פון די ערשטע דערציילונגען וואָס י. קרעפּליאַק האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן און וועלכע האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן לויב פון אַלע קריטיקער און מבינים, איז געווען „זשעף און מאַרקיז", וועלכע גייט אַריין אין דעם איצטיקן בוך. דאָס איז ניט די איינציקע דערציילונג זיינע, ווי איר — לייענער פון בוך — וועט געפינען, וואָס באַשרייבט דאָס לעבן

און דעם געמיט פֿון הויז־חיות און פֿויגלען. אַ טיפֿע ליבשאַפֿט און פֿאַרשטענדעניש האָט יעקב קרעפּליאַק געהאַט צו אַלע בעלי־חיים, ווי אויך צו אַלץ וואָס לעבט, ווי ביימער און אַלע אַנדערע פֿלאַנצן. אָט פֿון אַזאַ ליבשאַפֿט איז אויך אַרויסגעקומען זיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן נשמה־צושטאַנד פֿון אָט די שטומע לעבעדיקע באַשעפֿענישן, דערהויפּט די וואָס לעבן מיט אונדז אין נאָענטער שכנות — די הויזלעכע בעלי־חיים, וועלכע עס האָט אַזוי מייסטערהאַפֿט באַשריבן אונדזער פֿאַרשטאָר־בענער פֿריינד און דער אמתער צער־בעלי־חיים, אין זיינע מעשות וואָס איר געפֿינט דאָ אין בוך.

דער אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, סוף זומער 1914, האָט אַריינגעצויגן בעלגיע אין רעכטן מלחמה־פֿייער, און בלייבן אין אַנט־ווערפּן איז מער ניט מעגלעך געווען. די קרעפּליאַקס, מיט זייער קליין טעכטערל, שולמית, זיינען מיט אַסך אַנדערע מלחמה־אַנטלאָפֿענע (פּליטים) אַוועק אין דער שכנישער האָלאַנד, און פֿון דאָרט — אין אָנהייב 1915 — קיין אַמעריקע.

דאָ אין ניו־יאָרק האָט יעקב קרעפּליאַק בלויז אַ קורצע צייט זיך פֿאַרנומען מיט זיין מלאכה, דימענטן שלייפֿעריי. אין גיכן איז ער אַריבער אין גאַנצן צו ליטעראַרישע באַשעפֿטיקונגען: איז געוואָרן רעדאַקציע־סעקרעטאַר פֿון באַוואוסטן מאָנאַט זשורנאַל „די צוקונפֿט", פֿון וועלכן דער באַרימטער פּאָעט אַ. ליעסין־וואַלט איז געווען רעדאַקטאָר. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אויך געשאַפֿן וואונדער־שיינע דערציילונגען פֿאַר קינדער און דערוואַקסענע. זיינע קינדער דערציילונגען פֿלעגן מערסטנס דערשיינען אין דער פֿאָרם פֿון קליינע ביכלעך, אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג „מתנות". אין יאָר 1928 האָט דער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פֿון אַרבעטער־רינג אַרויסגעגעבן י. קרעפּליאַקס פּיעסע (אין איין אַקט) פֿאַר קינדער, „דאָס גרינע יינגל", זי האָט געוואונען די ערשטע פּרעמיע אין דעם קאָנ־קורס פֿאַר אַ קינדער־פּיעסע פֿאַר די יידישע אַרבעטער־רינג שולן. (די פּיעסע ווערט איבערגעדרוקט דאָ אין בוך).

דאָ אין אַמעריקע, אין דער היים פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, האָט יעקב קרעפּליאַק, פּונקט ווי אין זיינע יונגע יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד, פֿאַרשפּרייט צווישן זיינע אַרבעטנדיקע ברידער וויסן, בילדונג און אויפֿ־קלערונג. ער האָט געהאָלפֿן אויפֿבויען איבערן לאַנד יידישע קינדער־שולן, אין וועלכע דער יונגער יידישער דור קען זיך אויסלערנען די שפּראַך און ליטעראַטור פֿון זייערע טאַטעס און מאַמעס, די יידישע געשיכטע, און די געשיכטע פֿון דער פֿרייהייטס־באַוועגונג. ער איז געווען פֿון די וויכטיקסטע טוער פֿון דעם בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פֿון „אַרבעטער־רינג" און האָט

אויך פֿיל געטאָן פֿאַר דעם „ביאַליסטאָקער ברענטש" (נומ׳ 88), וואו ער איז צענדליקער יאָרן געווען אַ מיטגליד.

אַ צווייטע וויכטיקע קהלישע אַרבעט זיינע האָט געהאַט צו טאָן מיטן וואוילזיין און פֿאַרשריט פֿון זיינע לאַנדסלייט — פֿון די זאַבלודאָווער און ביאַליסטאָקער, סיי פֿון די וואָס זיינען פֿאַרבליבן אין דער אַלטער היים (באַזונדערס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה); סיי פֿון די אָרעמע, קראַנקע און אַלטע לאַנדסלייט דאָ אין אַמעריקע. ער האָט אויך געשריבן אַ סך וועגן זיין אַלטער היים, און האָט רעדאַקטירט שריפֿטן, ווי „זאַבלודאָווער פּנקס", „ביאַליסטאָקער פֿריינד" אאַ״נד, וואו דאָס אַמאָליקע און דאָס הייננטיקע לעבן אין זיין אַלטער היים ווערט אַלזייטיק באַהאַנדלט. די לאַנדסלייט זיינע האָבן אים, פֿאַר דער גוטער אַרבעט זיינער, זייער ליב געהאַט. די ביאַליסטאָקער, פֿאַר וועלכע ער האָט זייער פֿיל געטאָן, מיט ראָט און טאָט, מיט זיין מענטשנליבע און מיט זיין געבענטשטער פּען (אין זשורנאַל „ביאַליסטאָקער שטימע"), האָבן אים צוגעטראָגן אַ געהויבענע מתּנה. זיי האָבן, אין יאָר 1927, אָפּגעדרוקט זיין בוך דערציילונגען (פֿאַר דערוואַקסענע) אונטערן נאָמען „פֿון קאַזאַרמע און מלחמה". אין יאָר 1936 זיינען אין בוך־פֿאָרם (פֿאַרלאַג מתּנות) דערשינען אויך זיינע דערציילונגען פֿאַר דער יוגנט. דאָס בוך האָט געטראָגן טאַקע דעם נאָמען „יונגוואַרג".

יאָרן לאַנג האָט יעקב קרעפּליאַק געליטן פֿון אַ האַרץ־קראַנקהייט, אָבער אין גאַנצן אונטערגעגראָבן זיין שוואַכן געזונט האָט דער מוראדיקער חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער בלוט־דורשטיקער שונא האָט פֿאַרשניטן דאָס לעבן פֿון זעקס מיליאָן יידישע קרבנות — מענער, פֿרויען און קינדער. און פֿון צער און טרויער איז יעקב קרעפּליאַק זייער שווער קראַנק געוואָרן אין יאָר 1944. פֿרייטיק, ערב סוכּות, דעם 21טן סעפּטעמבער, 1945, איז ער אויסגעגאַנגען. דאָס יידישע פֿאָלק האָט פֿאַרלוירן איינעם פֿון זיינע בעסטע, געטרייסטע זין; און די יידישע קינדער — אַ גוטן פֿריינט, וואָס האָט זיי טיף, פֿון גאַנצן האַרצן ליב געהאַט און האָט פֿאַר זיי פֿיל גוטס געטאָן.

דורך די לעצטע צוויי יאָר פֿון זיין לעבן האָט איין ליכטיקער שטראַל אַ ביסל דערוואַרעמט זיין האַרץ. דאָס איז געווען זיין אייניקל, דודל, דער זון פֿון זיין יונגערער טאָכטער, מרים. דעם אייניקל האָט יעקב קרעפּליאַק געקעכלט און געצערטלט, ווי די געטרייסטע מאַמע, און האָט געפֿונען אין דעם יונגן נפֿשל טרייסט פֿאַר זיין טויטלעך־פֿאַרוואונדעטער, צע־ווייטיקטער נשמה.

צו דער לוויה אין „ביאַליסטאָקער צענטער", אויף איסט בראָד־וועי, זיינען, זונטיק, דעם צווייטן טאָג סוכּות, דעם 23סטן סעפּטעמבער, 1945,

געקומען הונדערטער מענטשן — לאַנדסלייט און זייטיקע, וועלכע האָבן דעם שרייבער און מענטשנפֿריינט פֿאַרערט און געליבט. באַרימטע שרייבער און כלל־טוער האָבן אים מספּיד געווען.

זיינע יוגנט־פֿריינט און חברים קענען אים ניט פֿאַרגעסן. און אַזוי וועלן אים אויך ניט פֿאַרגעסן די יידישע קינדער, וואָס וועלן לייענען זיינע שיינע מעשׂות. אויך אין די מעשׂות לעבט יעקב קרעפּליאַקס מענטשלעכע איידלקייט און פֿיינער אידעאַליזם.

ניו־יאָרק, סוף מאַי, 1947.

הערמאַן פֿראַנק

# שוואַרץ און ווייס

ליפּע לעהרערן

.1

פֿאַרבייגייער אויף פּוירל-סטריט האָבן, געוויינטלעך, גאָר קיין אַכט ניט געלייגט, וואָס פֿון מיטן טראָטואַר האָט זיך מיט אַמאָל אַרויסגערוקט אַ מענטשלעכער קאָפּ, ווי ער וואָלט פֿון דאָרט פּלוצלונג אַרויסגעוואַקסן.

פֿון אַ פֿיר-עקיקער עפֿענונג מיט אַן אָפּגעדעקטער פֿאַרזשאַ-ווערטער אייזערנער טיר, ביי דער זייט פֿון אַן אַלטן „בילדינג", האָט זיך באַוויזן דאָס פּנים פֿון אַ נעגערטע מיט גרויסע פֿולע, פֿייערדיקע אויגן.

איבער פּוירל-סטריט איז דער הימל געווען אַן אייזערנער — אַ געפֿלעכט פֿון שטאָלענע רעלסן, דריי-עקן, ריוועטן און קראַנ-שטיינער — איבער וועלכן עס פֿלעגט אויבן אין הימל יאָגן דער „על". דער אייזערנער הימל איז געהאנגען שווער איבער דער גאַס, האָט זי צוגעדריקט און פֿאַרפֿינצטערט.

מענטשן האָבן ניט ליב צו גיין מיט אַזוינע גאַסן, און די גע-ציילטע דורכגייער האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דער נעגערטעס אויגן ניט באַמערקט, ווי דער נעגערטע אין גאַנצן. ווען זיי זעען די זעלביקע אויגן אין די „מואווים", אין דער פֿינצטער אויפֿן עקראַן, וואָלטן זיי די גרויסע שוואַרצע אָנגעשטרענגטע אויגן געווים אָנגענומען פֿאַר די אויסדרוקספֿולע „ווּעמפּישע" אויגן פֿון אַ פֿאַלאַ נעגרי, אָדער אַן אַנדערער מואווי-אַקטריסע. געווים. האָבן די ווינציקע פֿאַרביי-גייער געוואוסט, אַז פּוירל-סטריט איז ניט קיין מואווי-טעאַטער, אַז די נעגערטע איז ניט קיין מואווי-אַקטריסע, נאָר זיכער אַ „דזשעניטאָרין", וואָס שלעפּט עפּעס פֿון קעלער אויפֿן טראָטואַר אַרויס.

דאָס האָט טאַקע אַ שוואַרצע דזשעניטאָרין געשלעפּט אַ שווע־רע אַש־קאַן, ניט פאַר אירע כּוחות, מיט די טרעפּ פון קעלער אויפן טראָטואַר אַרויף. פון גרויס אָנשטרענגונג זײַנען איר די אויגן גע־קראָכן פון די לעכער, געווען פול מיט בייזקייט, ווי אָנגעפילט מיט קללות.

מיט אַמאָל האָבן אירע אויגן זיך אַ דריי געטאָן און מיט אַנגסט אָנגעהויבן אַרומטאַפּן דעם אַלטן, אויסגעטראָטענעם, אויסגעקרימטן טראָטואַר, זיך אָפּגעשטעלט אויף איין פונקט און גענומען בייטן זייער אויסדרוק. זיי זײַנען געוואָרן זאַרגפול, ווייך, און ליבשאַפט האָט אַ פינקל געטאָן.

אַ נעגער־ייִנגל, מיט אַ קעפּל געקרויזטע שוואַרצע וואָל, מיט גרויסע אויפגעריסענע אויגן, ווי ביי איר, איז געלעגן צונויפגעדרייט ביי דער וואַנט פון דעם „בילדינג".

— וואו ביסטו, זוניו?

ווייניק מענטשן האָבן געוואוינט אויף פּוירל־סטריט, אַלץ „לאָפּט־בילדינגס" און לעדער־סקלאַדן, וואָס האָבן די צוגעדעקטע גאַס אָנגעפילט מיט שווערע ריחות. די מויערן האָבן אויסגעקוקט ווי ווענט פון אַ פאַרחושכטן טונעל. מער ניט, די זומערדיקע זון האָט זיך איצט דורכגעריסן דורכן אײַזערנעם געוועב און מאָדנע פאַנטאַסטיש צעקעסטלט די טונקעלע גאַס אין שוואַרצע און העלע פלעקן.

דאָרט, ביי דער וואַנט, האָט זיך דורכגעריסן אַ זונען־פלעק, ווי אַ פיר־עקיק ליכטיק קעסטעלע. דאָס נעגער־ייִנגל האָט זיך אײַנגאַנצן צונויפגעדרייט, צונויפגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט וועלן אײַנגאַנצן זיך אײַנפּאַסן אין דעם ליכטיקן וואַרעמען קעסטעלע.

די שוואַרצע האָט האַלדזיק און ברוסטיק ווייטער גערעדט:

— ביסט דאָ, דזשימי? גוט, ביסט אַ טייערער זונדל, וואָס דו פאָלגסט און גייסט ניט אַראָפּ פון טראָטואַר. זאָלסט מיר דאָ זײַן די גאַנצע צייט, זאָלסט ניט אַראָפּ פון דאַנען, מען וועט דיך איבער־פאָרן.

ביי דער מוטערס קול, האָט זיך דאָס נעגער־ייִנגל אויסגע־גלייכט, זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן בייכל און גענומען וואַרפֿן הענט און פֿיס.

— וואָס טוסטו, זוניו?

— איך שווים, מאַ.

די דזשעניטאָרין איז שוין געשטאַנען אַ לאַכנדיקע לעבן איר ייִנגל.

— וואו האָסטו אַ וואַסער, זוניו?

— כ׳לערן זיך, מאַ.

די שוואַרצע פֿולע מאַמע האָט מיט אַמאָל זיך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט אין די היפֿטן און זיך צעטרייסלט פֿון געלעכטער אויפֿן קול. אָבער אויבן איז אָנגעלאָפֿן אַ „טריין" און האָט זיך עפּעס ווי צעבייזערט מיט גרילץ און מיט דונער. די שוואַרצע האָט דערפֿילט, אַז זי האָט אויפֿגעהערט צו הערן איר אייגן געלעכטער, האָט זי אויפֿגעהערט לאַכן, נאָר מיט האַסט אַ כאַפּ געטאָן איר ייִנגל אין די אָרעמס, צוגעדריקט צו זיך, און גענומען קושן.

דזשימין, ווייזט אויס, איז ניט אָנגעשטאַנען וואָס די מאַמע קושט אים, ווי מען קושט אַ קליין קינד. האָט ער זיך געווערט און געריסן פֿון אירע הענט. זי האָט אים אַראָפּגעלאָזט צוריק, אונטער־געשפּאַרט די הענט אונטער די זייטן און מיט מאַמעשער שטאָלץ גערעדט צו איר ייִנגל, אויף איר האַלדזיקן ענגליש:

— סאָני, יור פֿאָני, ביסט אַ חוזק זונדל, ביסט דאָך שוין אַ גרויסער באָי, מען קאָן ניט שווימען אויפֿן גלייכן טראָטואַר. דאָס וואַסער צו באָדן זיך איז ווייט... — האָט זי אַ וווּיז געטאָן מיט דער האַנט פֿון גאַס אַרויס.

— וואו, מאַ?

— דאָרטן, אַהינצו מוז מען פֿאָרן מיט טריין, מיט אַ „באָס", אָדער אַ „מאַשין".

— איך קאָן טרייבן אַ מאַשין, מאַ, ווילסט זען?

און דאָס שוואַרצע ייִנגל הייבט אָן קערעווען מיט די הענטלעך, ווי ער וואָלט געהאַלטן דאָס קאָנטראָל־ראָד פֿון אַן אויטאָ, קלאַפּן

מיט די פּים אָן טראַטואַר, אַנבלאָזן די בעקלעך און אַרויסלאָזן אַ מעקענע שטימעלע — דאָס בלאָזט דער האָרן...

די מאַמע קאַטשעט זיך פֿון געלעכטער, די מוסקולן און די גרויסע אויגן שפּרינגען אַזש אויפֿן רונדן פּנים. די הענט פּאַטשן אין די היפֿטן און זי קרייעט אַזש פֿון גרויס הנאה.

— אָ, זוניו, הער אויף, הער אויף, איך שטאַרב פֿון געלעכטער.

די מאַמע האָט גאַרניט באַמערקט ווי אַ פֿאַרבייגייענדיקער נעגער האָט זיך אויף איר לאַכן — הינטער איר אָפּגעשטעלט, גע־כאַפּט אַ קוק און באַלד האָבן זיך ביי אים צעפֿינקלט די אויגן און די ציין. ער איז נאָך געשטאַנען אַ וויַיל, זיך צוגעהערט ווי זי קרייעט אַלץ — „אוי, זוניו, הער אויף, איך שטאַרב", האָט ער מיט פּלוטאָוואַטן ערנסט אַ וויַיז געטאָן אויפֿן יינגל און פּלוצלונג זי אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס איז עס: אַ יינגל, צי אַ מיידל?

דזשימי איז געגאַנגען אַזוי אָנגעטאָן, אַז ס'איז טאַקע געווען שווער צו דערקענען.

די האָר געקרויזטע, ווי אַ מיידלשער „באַב", אין אַ פּאָר פֿרעמדע, צו־ברייטע הויזן, וואָס די מאַמע האָט, ווייזט אויס, אונטערגעהאַקט פֿון אַ דערוואַקסענעם, אָבער ניט פֿאַרשמעלט, האָבן דיביידע איינצלנע הייזקעס עפּעס זיך צונויפֿגעגאָסן ווי אין איין ‚קליידל'. דערצו, אַ דין סוועטערל, וואָס אים האָט געקאָנט טראָגן אַ יינגל אָדער אַ מיידל. בלויז די שיך אויף די פֿיסלעך זיינען געווען גרויסע מאַנצבילשע מיט פֿאַרריסענע ברייטע שפּיצן.

דער דערוואַקסענער שוואַרצער — אַ מאָגערער, אַ לאַנגער, האָט אָפּגעפֿרעגט זיין פֿראַגע, נאָך מער צעפֿינקלט די אויגן און די ציין, נאָך אַ וויילע געשטאַנען, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער, און פּאַמעלעך גענומען אַוועקגיין, פֿאַכנדיק זיגעריש מיט די הענט, און ווי עס ווייזט אויס, זייער צופֿרידן פֿון זיין אייגענעם שפּאַס.

די דזשעניטאָרין האָט איצט דערשלונגען איר געלעכטער. אַ וויילע איז זי געבליבן צעטומלט. באַלד האָבן זיך ביי איר די אויגן ווילד אַ דריי געטאָן, געוואָרן שרעקלעך: אַזאַ באַליידיקונג!

איר יינגל! זי וועט אים ווייזן, דעם מיאוסן שוואַרצן. זי וועט אים מיט עפּעס טרעפן אין קאָפּ, זי וועט אים אויף איר טראָטואַר ניט אַרויפלאָזן, נישקשה, זי קען אים... און אַ כאַפּ געטאָן אַ בעזים פון האָל.

דער לאַנגער שוואַרצער האָט דערזען, אַז זי הייבט אים אָן נאָכגיין, האָט ער נאָך שטאַרקער צעוויגט די הענט און אָנגעהויבן שטעלן גרעסערע שפּרייזן. מיט קולות איז אים די שוואַרצע מאַמע נאָכגעלאָפן, ביז וואַנען דער שפּאַסיקער נעגער האָט זיך פאַרקירע־וועט הינטערן ראָג.

— וואַרט, מאַ, איך וועל אים דעריאָגן — און דזשימי האָט זיך אַ לאָז געטאָן.

די מאַמע האָט אויפגעהערט צו שרייען אויפן שוואַרצן און אָנגעהויבן נאָכלויפן און שרייען צו דזשימין:

— לויף ניט, וואו לויפסטו? לויף ניט צו דעם מערדער, ער וועט דיך נאָך שלאָגן... זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דזשימין פאַר אַ האַנט און אים צוגעהאַלטן לעבן זיך.

פון הינטערן ראָג האָט זיך דערוויל פאַרזיכטיק אַרויסגערוקט דאָס לאַכנדיקע פּנים פון לאַנגן שוואַרצן, ווי ער וואָלט זיך נאָכ־אַמאָל אַ רייץ געטאָן מיט איר, און איז באַלד צוריק פאַרשוואונדן.

די באַליידיקטע מאַמע איז געבליבן שטיין, האָט ווילד געקוקט אויפן אָרט, וואו דער נעגער האָט זיך באַוויזן פון הינטערן ראָג, אין איין האַנט פעסט געהאַלטן דזשימין, און די צווייטע האַנט געטרייסלט אין אַ פויסט, און געשריען.

דזשימי פאַרקוקט דער מאַמען אין די אויגן:

— ער'ט גיין צוריק, וועל איך זיך מיט אים שלאָגן.

אָ, מיין איינציקער, מיין דזשימעלע, — ווערן ווידער גוט די אויגן ביי דער מאַמען, — מיין טייערער, דריקט זי אים ווידער צו זיך, זאָלסט אים טאָקע ניט שוויגן, ער איז אַ שלעכטער, אַז דו וועסט אים דערזען, זאָלסטו מיך גלייך אַ רוף טאָן, איך וועל אים שוין אויף מיין טראָטואַר ניט אַרויפלאָזן...

די מאַמע האָט מיט האַסט זיך ווידער גענומען צו דער אַש־קאַן, אַרויפגעשלעפּט זי אויפן טראָטואַר, און ווידער גענומען ריידן צו איר יינגל:

— נו איצט גיי איך אין דעם צווייטן בילדינג. דאָ שפּיל זיך. געדענק, זאָלסט מיר ניט אַראָפּ פון טראָטואַר. דאָ זאָלסטו בלייבן, ווערסט אַראָפּ, איז זאָל גאָט אָפּהיטן, וועט מען דיך איבערפאָרן, זאָלסט ניט אַראָפּ פון טראָטואַר, אויב איך וועל דיך געפינען ווי נעכטן אויף דער צווייטער זייט, וועל איך דיך שלאָגן און פון קעלער ניט אַרויסלאָזן. מען וועט דיך איבערפאָרן... ווערסט ניט?

— ניין, מאַ.

— אַזוי, מיין איינציקער, געדענק, זאָלסט ניט אַראָפּ.

דזשימי קען שוין גוט דער מאַמעס רייד: ניט אָפּטרעטן פון דאַנען, ניט אַראָפּ פון טראָטואַר, מען וועט אים איבערפאָרן... ער זאָגט צו, ער וועט ניט גיין. אָבער אין דער אמתן, ציט אים אַוועקצוגיין פון דאַנען, ווי מיט צוואַנגען. דאָ אין גאַס איז פינצטער, אין קעלער, וואו די מאַמע וואוינט מיט אים, איז פינצטער. דאָרטן, ווייטער, ווייס ער, איז ליכטיק, גוט, ווי דאָ.

ווי אַ פלאַנץ, האָט דזשימי זיך געצויגן צו דער זון, אַהינצו, וואו עס איז ליכטיק און זוניק. אָבער מען טאָר ניט אַריבער די גאַס, מען וועט אים איבערפאָרן, וועט ער שוין בעסער בלייבן דאָ: „טרייבן אַ מאַשין", „שווימען"... אָט וועט ער אַוועקלייגן אַ הענטל אויפן טראָטואַר און זאָל עס זיך צעקעסטלען אין טונקעלע און העלע פלעקן. וואו עס איז אַ זוניקער פלעק, איז וואַרעם אַ מחיה! אים ווילט זיך האָבן אַזאַ וואַרעמקייט אומעטום, איבערן גאַנצן לייב, שטעלט ער אונטער דאָס צווייטע הענטל, זוכט אויס די גרעסטע זונען־פלעקן, ער ווייס שוין אַפילו, אַז די פלעקן באַוועגן זיך, רוקן זיך איבער פּאַמעלעך און ער רוקט זיך מיט זיי צוזאַמען. ער וואָלט געוואָלט אין גאַנצן זיין אונטער איין העלן פלעק, אין גאַנצן, אַפילו מיט די אויגן...

און ער פּרוּווט זיך טאַקע אויסלייגן אין דעם שמאָלן פיר־עקיקן, ליכטיקן קעסטעלע, וואָס ליגט ווי אויסגעמאָלט אויפן טראָ־טואַר, די אויגן אויך... און ער פאַרזשמורעט זיי און דרייט זיי

צונויף, קאָרטשעט זיך איין אין אַ קנײלכל, ווי ער וואָלט טאַקע קאָנען באַווייזן זיך אַנידערצוליינגן אינגאַנצן אין דער ליבער וואַ־רעמקייט פֿון שמאָלן פּירעקיקן זונען־פֿלעק אויף פּוירל־סטריט.

גיין, ער וועט פֿון טראָטואַר ניט אַראָפּ... אָבער ווען ער איז אין דרויסן און די מאַמע איז לאַנגע שעה'ן אין דעם צווייטן בילדינג, כאַפּט ער זיך צו צום ראָג... און נאָר צום ראָג? שוין ניט איינמאָל איז ער אַריבערגעלאָפֿן נאָך עטלעכע בלאָק ווייטער, און וואָס ער זעט דאָרטן!

אָ, דאָרט איז גוט, ער דאַרף שוין קיין זאַך ניט אונטערשטעלן, ער קאָן אַפֿילו מיט די אויגן אין דער הייך ניט קוקן, און מאַשינען לויפֿן דאָ אַזוינע שיינע, קאָלירטע, גלאַנציקע. דאָ, לעבן זיי, זעט מען זעלטען אַזוינע. דאָ זעט מען נאָר שווערע, טונקעלע, גרויסע. דאָ איז ניטאָ די שיינע גרינע און רויטע ליכט, פֿון וועלכע ער קאָן די אויגן ניט אָפּרייסן, וואָס שטעלן אָפּ די מאַשינען און לאָזן זיי פֿאָרן ווייטער.

אָבער מער פֿון אַלץ ציט אים אַהינצו, ווייל ער האָט דערזען ווי יינגלעך זיצן פֿון הינטן אויף די מאַשינען ביי די רעדער. ביים ערשטן מאָל זען, האָט עס אים דערשראָקן, אָט דרייט זיך אַריין דאָס יינגל אין ראָד. ווי די מאַמע וואָרנט אים שטענדיק. אָבער ער האָט שוין עטלעכע מאָל געזען, ווי זיי הענגען זיך אָן, ווי זיי שפּרינגען אַרויף און ער איז זיכער, אַז ער קאָן אויך אַזוי, ער וואָלט, פּונקט ווי זיי, זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט ביי דער מאַשין און וואָלט זיך אָנגעהאַנגען. ער וואָלט געגאַרט אַזוי זיצן און פֿאָרן. באַזונדערס וואָלט ער געוואָלט מיטפֿאָרן אויף דעם גרויסן רויט־געלן „באָס", וואָס איז פֿול מיט מענטשן. אָבער פֿאַר אים האָט ער מורא, ווייל איינמאָל, ווען פֿון הינטן אויפֿן „באָס" זיינען געזעסן צוויי ווייסע יינגלעך, האָט ער דערזען, אַז דער „באָס" האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, די יינגלעך זיינען האַסטיק אַראָפּגע־שפּרונגען און גענומען לויפֿן, זיי זיינען צוגעלאָפֿן אַזש ביז אים. ער זעט, זיי זיינען אַזוינע יינגלעך ווי ער, נאָר ווייסע און אַביסל גרעסערע. ביי זיך, לעבן הויז, האָט ער מיט קיינעם ניט זיך צו שפּילן. קיינער וואוינט ניט אַרום, נאָר ער און זיין מאַמע. אָבער

פֿאַרוואָס זיינען זיי אַראָפּגעשפּרונגען און שטייען איצט לעבן אים און קוקן אַזוי אָנגעשטרענגט אויפֿן „באָס", און אים זעען זיי גאָר־ניט? ערשט ער זעט, אַ מאַן, ווי אַ פּאָליסמאַן, האָט זיך באַוויזן פֿון „באָס" און שרייט עפּעס צו די יינגלעך פֿון דערווייטנס און ווייזט אַ פֿויסט. ער האָט זיך אָפּגערוקט פֿון די יינגלעך. פֿאַר אַזאַ „דרייווער", ווי אַ פּאָליסמאַן, וואָלט ער אַנטלאָפֿן צו זיך אין קעלער. אָבער צו זיין גרויס פֿאַרוואונדערונג, שטייען זיך די ווייסע יינגלעך רואיק, ווי עס אַרט זיי גאָרניט, נאָר זיי קוקן מיט איינ־געגעסענע אויגן, ווי זיי וואָלטן בלויז געוואַרט, צי זיי דאַרפֿן ווייטער לויפֿן, צי ניט. און גלייך ווי דער טרייבער איז צוריק אַריין אין מאַשין און זיך גענומען רירן פֿון אָרט, האָבן די יינגלעך זיך אַ לאָז געטאָן פֿון אַלע פֿיס און צוריק זיך אַרויפֿגעכאַפּט פֿון הינטן ביי די רעדער.

ער האָט עס אין אָנהייב גאָרניט פֿאַרשטאַנען, נאָר געקוקט און געקוקט, מיט זיין מאַמעס גרויסע אויגן אויף די יינגלעך און זיי, די ווייסע יינגלעך, האָבן ווי ערשט איצט אים באַמערקט, אַז ער שטייט און קוקט אויף זיי. האָבן ביידע ווייסע יינגלעך, ווי צו־נויפֿגערעדטערהייט, אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג פֿון דער לויפֿנ־דיקער מאַשין אַראָפּ.

פֿון יענעם טאָג אָן איז עס אים פֿון געדאַנק ניט אַרויס. אמת, אויפֿן „באָס" וואָלט ער מורא געהאַט צו פֿאָרן, צוליבן טרייבער, אָבער אויף די אַנדערע „מאַשינען" וואָלט ער זיכער געפֿאָרן. ער האָט ניט געזען, אַז אימעצער זאָל ניט לאָזן. קיינער טשעפּעט ניט, און עס האָט אים געצויגן צו יענער גאַס־קרייצונג עטלעכע בלאָק ווייטער, וואו עס פֿאָרן אַדורך די קאָלירטע, גלאַנציקע מאַשינען און וואו יינגעלך זיצן פֿון הינטן אויף די בופֿערס.

---

ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, ווייס ער אַליין ניט. ער האָט נאָר אָפּגעוואַרט די מינוט, אַז די מאַמע זאָל אַוועק אין דער צווייטער „בילדינג" אַרבעטן. באַלד איז ער מיט אימפּעט דורכגעלאָפֿן דאָס שטיקל וועג און מיט אויפֿגעריסענע, צעשראָקענע אויגן גענומען

זיך איינעסן אין די פֿאַרביילויפֿנדיקע מאַשינען און געטראַכט אויף וועלכער קאָן ער זיך אַרויפֿכאַפּן.

ער האָט שוין אַלץ פֿריער גוט באַמערקט. ער ווייס שוין, אַז ער דאַרף וואַרטן ביז די מאַשינען וועלן זיך אָפּשטעלן אויף רויט, נאָכדעם נאָך צוואַוואַרטן אַביסל, ביז זיי דאַרפֿן זיך נעמען רירן, ערשט, זיך אָנכאַפּן פֿון הינטן און ער וועט פֿאָרן!

אָט קומט אָן דער באַס, זאָל ער אפֿשר פֿאָרט אויף אים אַרויף? ניין, ער האָט מורא פֿאַרן טרייבער.

נאָר אָ, אָ! אַ גלאַנציקע קאָלירטע מאַשין איז אָנגעקומען, אַ גרינע מיט רויטע פּאַסן, און געבליבן שטיין.

פֿלינק, באַוועגלעך, ווערן אים הענט און פֿיס. ווי אַ קעצל גיט ער זיך אײנגאַנצן אַ שאַר צו: אַ כאַפּ אָן, אַ טוליע צו, און ער פֿאָרט שוין.

אייגנטלעך, האָט ער גאָרניט באַמערקט, ווי ער האָט אָנגעהויבן פֿאָרן, אַזוי אויפֿגערעגט איז ער געווען, נאָר ער האָט דערפֿילט, ווי עפּעס איגווייניק אין בייכל וואָלט אים אַ צי געטאָן און פֿאַרשטאַנען, אַז ער פֿאָרט שוין.

פֿון זיין זיץ אויפֿן בופֿער, זעט ער, ווי דאָס ראָד דרייט זיך און ער קאָן שוין עפּעס פֿון ראָד די אויגן ניט אָפּרייסן. דאָרט פֿון דער זייט, האָט ער נאָך פֿריער באַמערקט אַ ווייסע, גלאַנציקע מעטאַלענע זאַך, ווי אַ פֿלעשעלע, פֿון וועלכער עס האָבן געשאָסן העזעלעך זון, אַזש ניט געקאָנט קוקן. איצט קאָן ער זיך פֿון דעם ניט אָפּרייסן. עס דרייט זיך אַרויף־אַראָפּ, אַראָפּ־אַרויף און אַלץ גיכער, האַסטיקער.

דאָס ראָד האָט אים גענומען שווינדלען פֿאַר די אויגן אין איין צונויפֿגעגאָסן שטיק, נאָר דאָס פֿלעשעלע איז געוואָרן אַ בליציק פֿינטעלע, און עס גיט אַ בליץ, אַ בליץ מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז עס ווערט אים קיל אין הערצל און ער נורעט איין דעם קאָפּ און טוליעט זיך צו צום וועגטל פֿון דער מאַשין, ווי ער וואָלט זיך געטוליעט צו דער בילדינג־וואַנט פֿון פֿוירל־סטריט, אויף וועלכער עס גליט אַ זונען־פֿלעק.

דזשימי האָט אַפילו ניט געוואוסט צו טראַכטן, וואו עס קאָן פאַרפאַרן און ווי אַזוי ער וועט קומען אַהיים צוריק. ערגעץ-וואו איז ער ביי זיך געווען זיכער, אַז ער וועט קומען מיטן זעלביקן וועג צוריק. ביסלעכווייז האָט ער זיך גענומען בארואיקן. ער האָט גענומען פילן די פולע ליכטיקייט און אַז עפּעס וואַרעמט אים אַזוי אַנגענעם פון די זייטן און אין רוקן.

.2

די זייט גאַס, וואו דזשימין איז אויסגעקומען זיך אַרויפזעצן, האָט זיך געצויגן אין דער ריכטונג צו „איסט". צוערשט איז גע-פאָרן דער באַס, אויף וועלכן ער האָט פריער געטראַכט, צי זאָל ער זיך פאָרט ניט אַרויפזעצן, און נאָך אים די מאַשין מיט דזשימין. דער באַס איז געווען דער „מעדיסאָן-סטריט-באַס", וואָס מאַכט זיינע שטענדיקע „טריפּס" פון דער טשעמבער-סטריט "פערי" צו דער „איסט סייד" דורך מעדיסאָן-סטריט, און אויפן זעלביקן וועג האָט עס איצט געטראָגן די מאַשין דעם קליינעם דזשימין.

---

פונוואַנען האָט דזשימי געקאָנט וויסן, וואָס אין דער „ווייטער" וועלט טוט זיך? פונוואַנען האָט דער דזשעניטאָרינס יינגל פון קעלער, דאָרט צווישן די לעדער-סקלאַדן, געקאָנט וויסן, אַז די מאַשין טראָגט אים איצט איבער פרעמדע קינדערשע מלוכות?

דזשימי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט, אַז מעדיסאָן-סטריט איז נאָך לאַנגע קינדערשע מלחמות איינגעטיילט געוואָרן אין דריי מלוכות:

פון ניו-באָוערי ביז פּאַיק-סטריט, וואו עס וואוינען מערסטנס גריכן, איז געווען „גריכנלאַנד", פון פּאַיק-סטריט ביז ראַטגערס, וואו איטאַליענער וואוינען, איז געווען „איטאַליע" און פון ראַט-גערס אַראָפּצו איז געווען „יידנלאַנד".

נאָך לאַנגע מלחמות, פון וועלכע עס איז צום באַדויערן אין דער געשיכטע פון מלחמות קיין רעקאָרדס ניט פאַרבליבן, האָבן זיך די דריי מלוכות, מער אָדער ווינציקער, איינגעאָרדנט מיט זייערע גרענעצן און אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען.

די מלחמות פֿלעגן פֿאָרקומען צוליב פֿאַרשיידענע סיבות, אָבער דערהויפּט טאַקע צוליב „ראַידס". אַזויפֿיל יינגלעך פֿלעגן ווען נע־מען „ראַידס" — זיך אָנהענגען פֿון הינטן אָן באַסעס און מאַשינען, אַז כּדי ניט געהרגעט צו ווערן, ביים אָפּרייסן איינער דעם אַנדערן פֿון אַ באַס, אָדער מאַשין, האָבן זיי געמאַכט גרענעצן: ביז אַהער מעגסטו פֿאָרן פֿון דיין מלוכה, און ווייטער, לאָז דיין פּלאַץ פֿאַרן איינוואוינער פֿון דער צווייטער מלוכה. טרעפֿט, אַ מאַשין שטעלט זיך ניט אָפּ ביים גרענעץ, מעגסטו צופֿאָרן ביזן נאָענטסטן סיגנאַל און סטאָפּ. ניט ווייטער! אַנדערש וועט מען דיך אַראָפּשלעפּן...

אָבער, דוכט זיך, גוט, שוין איינגעטיילט אין מלוכות מיט באַשטימטע גרענעצן און געזעצן, שוין אַלץ איינגעאָרדנט, און מיט אַמאָל שפּרינגט ווייטער אַרויס אַ מלחמה. דערהויפּט צוליב נייע פּירער. מאַכט זיך, אַ פּירערס עלטערן קלייבן זיך איבער אין אַן אַנדער טייל שטאָט, און נעמען מיט, פֿאַרשטייט זיך, דעם הויפּט פֿון דער מלוכה, און ווייסן גאָרניט, אַז זיי לאָזן איבער אַ גאַנצע מלוכה אויף הפֿקר, און עס וועלן דאָרט זיך אָנהייבן מלחמות... זעלטן ווען, פֿלעגט דאָס אויפֿקומען פֿון אַ נייעם פּירער אָפּגיין אָן מלחמות.

און עס פֿלעגן זיך בילדן פֿאַרבינדונגען און אָפּמאַכן אַמאָל „יידנלאַנד" מיט „איטאַליע" קעגן „גריכנלאַנד", אַמאָל איטאַליע מיט גריכנלאַנד קעגן יידנלאַנד, אָדער גאָר יידנלאַנד און גריכנלאַנד קעגן איטאַליע.

געוויינטלעך, פֿלעגן די מלחמות פֿאָרקומען ביינאַכט, נאָך דער שול, און זיך פֿאַרציען ביז שפּעט אין אָוונט. גאַנצע מחנות יינגלעך אין געלעכערטע צעקעסטלטע שול־יאַרמעלקעס, ווי זיי וואָלטן גע־טראָגן גרויסע קאַליפֿאָרניער קאָלירטע „בלוט־פּאָמעראַנצן" אויף די קעפּ, אין „סוועטערס" און „אָווערצאָלס" פֿון די פֿאַרשיידנסטע קאָלירן, „מיט קאַוואַלעריע" אויף „סקייטס", מיט „אַרטילעריע" אויף „פּושערס", מיט עמבלעמען אויף די געשטריקטע בלוזעס, האָבן זיי אָנגעפֿירט די מלחמות.

די מיידלעך פֿון די מלוכות פֿלעגן געוויינטלעך זיין נאָר צוקו־קערינס און זעלטן ווען נעמען אָן אָנטייל אין די באַטאַליעס פֿון די

יינגלעך. זיי פֿלעגן בלויז צוקוקן, זיך אָנשטעלן וואו די „שלאַכטן״ דאַרפֿן פֿאָרקומען, און אין בעסטן פֿאַל העלפֿן שרייען, ליאַרעמען, אָדער מיטהעלפֿן... לויפֿן.

דערפֿאַר, אָבער, פֿלעגן די מחנות יינגלעך זיך לאָזן באַוואָפֿנטע מיט פּיסטאָלעטן, געקויפֿטע אין קענדי סטאָרס, מיט ברעטלעך אַנ־שטאָט שווערדן פֿון די קאַסטנס, וואָס וואַלגערן זיך ביי די „דריי־גודס״ מאַגאַזינען פֿון די נאָענט איסט בראָדוויי און קאַנאַל־סטריט.

מען פֿלעגט זיך קלאַפּן און פֿעכטן, און ניט איינמאָל איז אַרויס־געקומען אַ געשלעג, אַז גרויסע האָבן זיך געמוזט אַריינמישן און פֿונאַנדערנעמען.

אָבער די געפֿערלעכסטע צייט פֿאַר מלחמות איז געווען זומער, אין וואַקאַציע־צייט. אַלע אַרמייען פֿון אַלע מלוכות פֿלעגן אָפּזיין דעם גאַנצן טאָג אויפֿן גאַס, און עס האָבן קיינמאָל ניט געפֿעלט קיין אורזאַכן פֿאַר אַ מלחמה.

אמת, עס פֿלעגן זיין צייטן פֿון אַלגעמיינעם פֿרידן אויך. אין אַזעלכע צייטן האָבן די יינגלעך אויפֿגעהערט מורא צו האָבן פֿאַר די טרייבער פֿון די באָסעס, אָדער פֿאַר די טרייבער פֿון די אַנדערע מאַשינען. אין גאַנצע רייען פֿלעגט מען זיך אויסשטעלן אויף „ראָ־לער־סקייטס״, אויף „פּושערס״ מיט די פֿירער אין דער שפּיץ און פֿון הינטן. די פֿירער פֿלעגן די ערשטע זיך אָנכאַפּן אָן באָס, און נאָך זיי איינער־אָן־אַנדערן, אין אַ לאַנגער קייט. אַפֿילו מיידלעך פֿלעגט מען אַמאָל אַריינגנעמען.

דער באָס פֿליט, און פֿון הינטן ציט זיך נאָך אַ פּאַס מיט קינדער. מען האַלט זיך ביי די טאַליעס, פֿאַר די סוועטערס, ביי די גאַרטלען. דער קינדער־פּאַס ציט זיך אויס, שלענגלט זיך, מען איז באַגייסטערט, מען פֿאַרגעסט אַפֿילו אָן דער געפֿאַר, אַז אָט, אָט לויערט דער טויט: דער באָס פֿון פֿאָרנט זאָל זיך פּלוצלונג אָפּ־שטעלן, און אַ צווייטע מאַשין פֿון הינטן זאָל בלוטיק זיך אַריינ־שניידן אין זיי, אָדער גאָר איין באַוועגונג ניט פֿאָרזיכטיק: אַ פֿוס זאָל זיך פֿאַרטשעפּען, אַ רעדל אין סקייט זאָל קאַליע ווערן און מען פֿאַלט, מען ווערט מיטגעשלעפּט און אַמאָל טאַקע אונטערן ראָד אויך.

אָבער דאָס אַרט ניט, וועגן דעם קלערט מען ניט, דאָס ערגסטע איז, אַז דער באָס זאָל זיך ניט געבן אַ שטעל אָפּ, און דער טרייבער אין אוניפאָרם זאָל ניט אַרויסשפּרינגען. ביז... דער באָס שטעלט זיך טאַקע ראַפּטאָם אָפּ און דער טרייבער לאָזט זיך לויפן נאָך זיי, ווי נאָך שטאָטישע צעפלויגענע שפּערלעך.

אין אַזאַ צייט האָבן די „מלוכות" ניט געקוקט אויף גרענעצן. מען פלעגט אַריינפאָרן איינער צום אַנדערן און פאָרן צוזאַמען.

---

ווען דזשימי האָט זיך געלאָזט פאָרן, איז אַזאַ אַלגעמיינער שלום אויף דער וועלט ניט געווען, און ווען עס וואָלט אַפילו יאָ געווען, וואָלט אים אויך מסתמא ניט געהאָלפן. וואָרים ווי די מאַשין האָט זיך נאָר באַוויזן נאָכן באָס אין „גריכנלאַנד" האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל:

— אַ נעגערל זיצט אויף אַ מאַשין! אַ נעגערל! שלעפּט אים אַרונטער!

אין „גריכנלאַנד" איז מען געוואָרן אַזוי איבעררראַשט פון דער „חוצפה" און פון דער פּלוצלעכקייט, אַז מען האָט ניט באַוויזן דזשימין אַראָפּצושלעפּן. עס האָבן זיך נאָר אויפגעהויבן קולות, און מען האָט אָנגעהויבן נאָכיאָגן אויף „סקייטס" און אויף „פּאַר-שערס" און שרייען און ווייזן צו „איטאַליע", אַז דאָרטן זאָל מען אים איבערכאַפּן.

אין איטאַליע האָט מען פון אָנהייב ניט באַגריפן, וואָס מען שרייט צו זיי. דער באָס איז געלאָפן ווי אַ באַשיצער פון פאָרנט, און האָט פאַרשטעלט די מאַשין מיט דזשימין פון הינטן, און ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט, איז פּונקט ווי אין „גריכנלאַנד", די מאַשין שוין פאַרביי און אַריין אין „יידנלאַנד".

אין „יידנלאַנד" איז דער פירער, דייווי, געהאַט געשטאַנען מיט זיין גאַנצער „גענג" און זיך געפּאָרעט אַרום אַן אויטאָמאָביל-ראָד, וואָס זיי האָבן געפונען און געבראַכט צוקייקלען אַהער אויפן טראָטואַר און אַרויפגעלייגט אויף אַ ליידיקן איבערגעקערטן מיסט-קאַן.

דײװוי — אַ ייִנגל, געװיקסיקער פֿון זײַנע יאָרן, מיט אַן אַפּע־נעם גוטמוטיקן פּנים, האָט געפּרוּװט מיט אַלע כּוחות אַראָפּנעמען די גומענע שינע פֿון ראָד, ער האָט אָבער ניט געקאָנט, װי זי װאָלט געװוען אײַנגעװאַקסן.

דײװוי איז פֿון דעם געװוען פֿאַרשװיצט און אױפֿגערעגט. זײַנס אַן אַרױסהעלפֿער איז געשטאַנען מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל, מיט אַ האַמער אין די הענט: דײװוי האָט צו אים עפּעס אַ זאָג געטאָן, און יענער האָט װײַטער גענומען קלאַפּן. אָבער, װי עס װײַזט אױס, האָט עס דעם אַרױסהעלפֿער געהאַט צוגעגעסן און ער האָט גענו־מען סתּם האַקן מיטן האַמער איבערן ראָד, װאו עס האָט זיך געלאָזן.

— װאָס טוסטו? װעסט צעהאַקן די שינע און זי װעט ניט טויגן צום שװימען!

— זאָל עס גײן צום טײַװל... — האָט מיט אַלע כּוחות יענער אַ זעץ געטאָן מיטן האַמער איבערן ראָד, װי מען דערלאַנגט אַ זעץ אַ זאַך צום לעצטן מאָל.

דײװוי האָט יענעם אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן האַנט און זיך גענומען אַמפּערן, נאָר מיט אַמאָל האָבן זײ װי דערפֿילט דעם טומל, װאָס האָט זיך געהאַט אױפֿגעהױבן אין „גריכנלאַנד" און זיך גענומען צוקוקן. און דאָ שרײַען שױן ייִנגלעך פֿון דערװײַטנס און טײַטלען אױף אַ מאַשין:

— אַ נעגערל פֿאַרט; אַ נעגערל פֿאַרט אױפֿן „באַמפּער"! שלעפּ אים אַראָפּ!

בײַ זײ „אַראָפּשלעפּן" איז געװוען אַ געװײנטלעכע זאַך. זײ האָבן געקאָנט אַרױפֿשפּרינגען און אַראָפּשפּרינגען אין מיטן פֿאָרן, טאַקע מיט גרױס ריזיקע, אָבער זײ האָבן געקאָנט.

װי דזשימי איז נאָר אַרײַנגעפֿאָרן אין „גריכנלאַנד", האָט ער דערזען, אַז מען שרײַט עפּעס צו אים, און מען יאָגט זיך. אין אַנ־הײב האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס דאָס מײנט, נאָר װען ער האָט דערזען, אַז אַ האַנט פֿון אַ ייִנגל אױף „סקײטס" גיט זיך אַ ציִ, און װיל אים אַ כאַפּ טאָן דעם פֿוס, האָט ער אינסטינקטיװ צוגע־כאַפּט און נאָך מער זיך צוגעדריקט צו דער מאַשין. און דאָ זעט ער פֿון אַלע זײַטן לױפֿן ייִנגלעך און פֿון אַלע זײַטן ציִען זיך הענט,

דריקט ער זיך אַלץ פֿעסטער אויף זיין זיץ צו דער מאַשין, ווי ער וואָלט אינגאַנצן זיך געוואָלט אין איר אַריינפֿרעסן.

דייווי און זיין „גענג" האָבן פֿאַרגעסן אָן ראָד. זיי זעען, אַז עס טראָגט זיך אַ טומל, און אין מיטן טומל דער באָס. ער האָט פֿלינק אויפֿגעכאַפּט אָפּגעריסענע ווערטער, צייכנס פֿון אויפֿגעהויבענע הענט און ער איז האַסטיק אַראָפּ פֿון טראָטואַר.

פֿאַרביי האָט זיך דורכגעטראָגן דער באָס, און באַלד די מאַשין מיט דזשימין.

— דייווי, לאָז ניט, לאָז ניט! — האָט זיין „קראַוד" גענומען ליאַרמען.

דזשימי האָט איצט ווי דערפֿילט די געפֿאַר. עס שרעקט אים אַזוי דאָס ווייסע גרויסע ייִנגל, וואָס לויפֿט צו אים קרום פֿון טראָ-טואַר. ער וואָלט שוין איצט בעסער געוואָלט אַראָפּשפּרינגען, נאָר אינסטינקטיוו זעט ער דאָס ראָד און דאַרטן דאָס בליציקע פֿינ-טעלע: בליץ-בליץ, אַזוי האַסטיק-שנעל, און ער קאַרטשעט זיך אינ-גאַנצן איין אויף זיין געפֿערלעכן „סיט", ווי מיט טויזנט הענטלעך קלאַמערט ער זיך אָן דער מאַשין, און מיט דער מאַמעס גרויסע אויפֿגעריסענע אויגן גענומען קינדיש רופֿן:

— ניין, ניין...

דייווי האָט אים אַ פּאַק געטאָן פֿאַר אַ פֿוס.

פּלוצלונג האָט זיך אין מיטן טומל אַריינגעשניטן אַ געשריי פֿול מיט שוידער און טויטלעכן אַנגסט. דאָס האָט אַ ייִדישע מאַמע פֿון מעדיסאָן-סטריט דערזען ווי מען שלעפּט אַראָפּ דעם שוואַר-צינקען פֿאַרן פֿיסל, ווי ער לאָזט זיך ניט, און אָט, אָט, פּלאָנטערט ער זיך אַריין אין ראָד, און אַרויסגעלאָזט דעם אוממענטשלעך-מענטשלעכן געשריי.

אויף אַ רגע האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פֿאַרצווייפֿלטע געשריי האָט איבערגעריסן און אָפּגעשטעלט די גאַנצע באַוועגונג פֿון דער ניו-יאָרקער גאַס, אויף די טראָטואַרן האָבן דורכגייער זיך אומגע-קוקט, זיך פֿאַרהאַלטן אַ סעקונדע — זען וואָס דאָ איז. פֿון ביידע זייטן מויערן, פֿון די רייען פֿענצטער, שטאָק איבער שטאָק, האָבן גענומען זיך אַרויסשטעקן קעפּ.




...דייווי האָט דזשימין אַ פּאַק געטאָן פֿאַרן פּוס...

(ז' 39)

אַ גלאַנציקע גרינע מאַשין מיט רויטע פּאַסן האָט מיט איינמאָל, מיט אַ גרילץ פֿון די „ברייקס" זיך אָפּגעשטעלט. אַ מאַן איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון פֿאָדערשטן זיץ, און זיך געלאָזט לויפֿן אויף צוריק. אין דער זעלביקער רגע איז שוין געוואָרן אַ געלאָף פֿון די טראָטואַרן צום מיטן גאַס, וואו עס איז געלעגן אַ שוואַרץ פֿאַרבלוטיקט יינגל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין וויקלען און קאָרטשען, ווי ער וואָלט ניט געווען אַ מענטשלעך קינד, נאָר אַ צעטראָטן שלענגל.

דער מאַן פֿון מאַשין האָט אַ כאַפּ געטאָן דזשימין אויף די הענט:

— וואו איז דאָ אַ שפּיטאָל ? — האָט ער צעשראָקן אַ פֿרעג געטאָן.

זיין פֿראַגע איז אָבער געווען איבעריק. פֿון אַלע זייטן האָט מען געשריען:

— גלייך אין „בית ישראל", דאָ נאָענט.

איינער אַ יונגער בחור האָט, גאָרניט פֿרעגנדיק, זיך געגעבן אַ זעץ אַריין אין פֿראָנט־זיץ, אַ כאַפּ געטאָן דאָס ראָד, און פֿייל פֿון בויגן געלאָזט די מאַשין צום שפּיטאָל.

.3

פֿריער ווי געוויינטלעך האָט זיך דייווי מיט אַ שווער געפֿיל אומגעקערט אַהיים.

דאָס פֿאַרצווייפֿלטע געשריי פֿון דער יידישער מאַמען האָט זיך ווי איינגעגעסן ביי אים אין די אויערן, געבליבן קלינגען און וויל גאָרניט אַרויס. אין יענער קליינער רגע, וואָס ער האָט אַראָפּגעשלעפּט דאָס נעגערל, האָט ער נאָך געכאַפּט אַ קוק הינטער זיך, און סע שטייט אים נאָך פֿאַר די אויגן, ווי דאָס נעגערל האָט זיך געקאָרטשעט אויף ערד, געוויקלט זיך אין יסורים. דייווין האָט עס נאָך דער סומאַטאָכע ניט געלאָזט רוען, און אַן אומעטיקער און צעטראָגענער איז ער געקומען נאָך אין העלן טאָג אין שטוב אַריין.

— פֿילסט זיך ניט גוט ? — האָט אים די מאַמע אַ פֿרעג געטאָן.

— גאָרניט — האָט ער קורץ געענטפֿערט.

דייווים פֿאָטער איז געקומען פֿון דער ארבעט, זיך באַגריסט. דערזען, אַז דייווי איז שוין דאָ, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ביסט שוין דאָ? אַבי איך האָב דיך געזוכט אויפֿן גאַס.

— עסן איז פֿארטיק — האָט זיך אָנגערופֿן די מאַמע. — איך האָב מורא, אַז אים איז עפּעס, כאָטש ער זאָגט, אַז ס'איז גאָרניט, ווייסט דאָך זיין נאַטור.

— דייווי, דיר איז עפּעס?

— ניין, פּאַ.

רופֿט זיך אָפּ די מאַמע:

— אָט, וואָס ער זאָגט, אַזאַ שיין וועטער, און שוין שעה'ן, אַז ער איז אין שטוב.

— אַז ער זאָגט: ניט, איז מסתמא גאָרניט, ער איז ניט קיין בייבי, אַ דערוואַקסענער ייִנגל... אוי, איר מאַמעס! — האָט ער ווי צו זיך אַליין געזאָגט אויפֿן קול.

דער פֿאָטער האָט זיך געוואַשט ביים „סינק" מיטן האַנטוך און גערעדט אין שטוב אַריין.

— איך האָב איצט אַזוינס געזען, וואָס איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געזען...

— וואָס? — איז די פֿרוי געוואָרן נייגעריק.

— כ'גיי דאָ פֿאַרביי דעם שפּיטאָל, זע איך אַ רעדל מענטשן ביים אַריינגאַנג, פֿאַרשטיי איך שוין, אַז ס'איז אַן „עקסידענט". מסתמא געבראַכט אַן איבערגעפֿאָרענעם. ניט קיין נײַס. „דער אויטאָמאָביל איז געוואָרן דער מאָדערנער מלאך המות" — דערמאָנט זיך דער פֿאָטער אַ קעפּל פֿון אַ ייִדישער צייטונג און רעדט עם אַרוים אין דער הויך, — כ'קום צו, דערלאַנג אַ קוק און זע אַזוינס, וואָס איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געזען, און וואָלט ניט געגלויבט, ווען איך זע עס ניט מיט מיינע אייגענע אויגן.

— דערצייל שוין! — רעדט אַרוים אַביסל דערשראָקן די מאַמע.

— כ'זע צווישן דעם רעדל מענטשן. אויף די טרעפּ פֿון שפּיטאָל זיצט אַ שוואַרצע און יאָמערט, וויינט אויפֿן קול, רייסט זיך די האָר פֿון קאָפּ, ברעכט זיך די פֿינגער, קנייפּט זיך, ווי זי וואָלט

וועלן אויסרייסן פון זיך שטיקער פליש און הערסט יעדעס פיצל אויף איר פנים, די הויט אויף די הענט ציטערט, גאָר פשוט די הויט אויף די הענט...

— וואָס האָט געטראָפן?

דייווי האָט זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט און איז בלייך געוואָרן.

— אין אָנהייב האָב איך געמיינט אַ משוגענע און דער עולם שטייט אַרום איר, אָבער זי האָט געהאַלטן אין איין קלאָגן אויפן קול!

„זוניו"...

„מיין איינציקער".

„מיין טייערער".

„מיין יינגל".

אַז עס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרצן. איך האָב אַ פרעג געטאָן, וואָס דאָס איז? ערשט, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז היינט ביי טאָג, דאָ ניט ווייט, האָבן „לויפערס" אים געשלעפט פון אַ מאַשין, און ער איז איבערגעפאָרן געוואָרן...

— אויף טויט? — האָט די מאַמע אין איין אָטעם אַ פרעג געטאָן.

— מען ווייס ניט.

— אַן איין־איינציקער! — באַדויערט די מאַמע. — אָבער וואָס זיצט זי אויף די טרעפּ. פאַרוואָס ניט אינווייניק?

— דאָס האָב איך אויך געפרעגט. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט אַזוי געוואָלדעוועט אין שפּיטאָל, אַז מען האָט זי געמוזט אַרויספירן, אַ ברירה האָבן זיי געהאַט, אָבער אַזאַ צער, אַזאַ צער, האָב איך נאָך ניט געזען — רעדט דער פאָטער, ווי ער וואָלט זי נאָך געזען פאַר די אויגן. — אָבי מען זאָגט יידישע מאַמעס...

— וואָס מיינסטו, קנאַפּ פאַלן מיר איין די בלוטן צוליב דייווין?

דייווין איז געוואָרן היים, ער האָט אָנגעהויבן פילן ווי דאָס אָרט ברענט אונטער אים, און מורא געהאַט צו קומען אויף טאַטע־מאַמע.

— און ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן — זעגט זיך איין דער פאָטער ביים טיש און נעמט זיך צום עסן, — ווען עס וואָלט ניט

געווען אַ שוואַרצער, וואָלטן אים די ווייסע לויפּערם ניט אַראָפּ־געשלעפּט.

דייווי האָט געהאַט צוגעטראָגן אַ שטיקל ברויט צום מויל און עס אַראָפּגעלאָזט צוריק.

— אַ, וואָס דו רעדסט, קנאַפּ שלעפּן זיי איינע די אַנדערע? דו שטענדיק מיטן סאָציאַליזם.

— וואָסי, ניט אמת.

דייווי האָט געוואוסט, אַז דער פּאַ האָט אָנגעהויבן, וועט ער שוין וועגן דעם ריידן. פּאַ איז אַ „סאָשעליסט" און ער רעדט שטענ־דיק אַזוי. די מאַמע וועט זיך מיט אים אַמפּערן. אַן אַנדערש מאָל, האָט ער עס ניט ליב, איצט וויל ער זיי זאָלן זיך פאַרריידן. אָ, ווען ער קאָן שוין אַוועק פון שטוב...

— וואו גייסטו, דייווי? האָסט דאָך עפּעס גאָרניט געגעסן?

— ערנסט, פּאַ, איך וויל ניט מער, כ'וויל זיין אין גאַס.

דייווי איז אַרויס אין גאַס און מיט עקשנות געטראַכט, אַז ער איז ניט שולדיק: יענער האָט זיך ניט געלאָזן אַראָפּשלעפּן. וואָלט אים אויף הענט אונטערגעכאַפּט און פּאַ איז ניט גערעכט, מיט אַ ווייסן וואָלט ער אויך געטאָן דאָס אייגענע... און כאַפּט זיך פּלוצלונג: וואָלט ער מיט אַזאַ קליין, ווים יינגל טאַקע אויך געטאָן דאָס אייגענע?

פאַרוואָס גייט ער צום שפּיטאָל, וואָס האָט ער דאָרט צו טאָן? בעסער ניט גיין דאָרטן. ער בלייבט שטיין און גייט ווייטער צום שפּיטאָל. אָט זעט ער שוין דעם געזעמל מענטשן ביים אַריינגאַנג. דאָס מוז זיין, וואָס פּאַ האָט דערציילט. ער בלייבט ווידער שטיין, און מיט אַמאָל, ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן, אַז עס אַרט אים ניט, איז ער האַסטיק צוגעגאַנגען.

אויף די טרעפּ פון שפּיטאָל האָט ער באַלד דערזען די שוואַר־צע. דאָס איז „זיין" מאַמע, האָט ער אַ קלער געטאָן.

אַרום זיך האָט ער דערהערט פראַגעס און ענטפערס. דער עולם האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן. דאָס האָט מען געענט־פערט צו די אָנגעקומענע:

„איבערגעפֿאָרן".

„אויף טויט?"

„זיצט שוין שעה'ן".

„שמייסן וואָלט מען זיי באַדאַרפֿט".

אָבער די אַלע רייד זיינען פֿאַרביי זיינע אויערן. ער האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן זיין קוק פֿון דער שוואַרצער. איצט איז זי שוין געזעסן אָן איינגעשטילטע, אָבער נאָך אַלץ אין שטילן יאָמער גערעדט:

„זוניו".

„מיין יינגל".

„כ'וועל דיך שוין ניט זען".

אירע יאָמערדיקע רייד האָבן אים מאָדנע אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. אים האָט זיך פֿאַרוואָלט צוגיין צו איר און זאָגן: הער אויף, איך בין עס דאָס יינגל, וואָס האָט אים אַראָפּגעשלעפּט, נאָ, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט, אָבער „פֿאַר גאָדס סעיק", הער אויף. ער איז אָבער געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטער און בלויז געקוקט.

מיט אַמאָל האָט זיך די טיר אין שפּיטאָל געעפֿנט. אַ יונגער „אינטוירן" אין אַ ווייסן כאַלאַט האָט זיך באַוויזן, באַטראַכט אַ ווײַלע דעם געזעמל מענטשן, געכאַפּט אַ קוק אויף דער יאָמערדיקער שוואַרצער, זי אויפֿגעהויבן און אַריינגעפֿירט אינווייניק.

„זעט, מען האָט זי אַריינגענומען", האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גערייד.

„צו נעמען בלוט", האָט איינער אין עולם אַ זאָג געטאָן. „אַ נוירס האָט געזאָגט, אַז מען זוכט אַ פּאָר מענטשן צו נעמען בלוט".

דייוויין האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. ער האָט אַפֿילו אַ רגע ניט געטראַכט, עפּעס האָט ער אין עקשנות אַ בייג געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָ געגאַנגען האָבן אַ „פֿאַיט" מיט אימעצן, מיט האַרץ אַן עפֿן געטאָן די טיר און אַריין אין שפּיטאָל.

---

דייוויי האָט, דוכט זיך, גוט געקענט דעם שפּיטאָל, די גאַנצע לאַנגע געביידע אַרום, פּונקט ווי אַ גוט-באַקאַנטן מענטשן אין גאַס. האָט ער אָבער נאָר איבערגעטראָטן די שוועל און אַריין אינווייניק,

האָט אויף אים אַן אָטעם געטאָן מיט פרעמדקייט, ווי ער וואָלט גאָר דעם שפּיטאָל פון דרויסן ניט געקענט.

אין שפּיטאָל האָט שוין געברענט די עלעקטריק, און באַגעגענט האָט אים אַ פרעמדע וועלט און אַ פרעמדער ריח — דער מאָדנער שפּיטאָל־ריח. אים האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק, צי זאָל ער ניט אַרויס צוריק, אָבער געפילט, אַז צוריק וועט ער שוין ניט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויף דער יונגער טעלעפאָן־מיידל ביים „סוויטש", צי זאָל ער איר זאָגן, אָבער באַלד באַשלאָסן, אַז זי איז נאָך אַ „בייבי" — ניטאָ וואָס צו ריידן צו איר, און ער האָט דערזען אַן עלטערע נוירס אין פענסנע אַרויסקומען פון עלעווייטאָר, איז ער צו איר צוגעגאַנגען.

— וואָס דאַרפסטו ?

— בין געקומען געבן בלוט.

די נוירס האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט.

— וואָס, וואָס דאַרפסטו ?

— געבן בלוט פאַרן שוואַרצן יינגל.

די עלטערע נוירס האָט ערשט איצט ווי ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן און געבליבן קוקן אויף אים. דאָס האָט דייוויין אַביסל צעמישט.

— ווער האָט דיך געשיקט אַהער ?

— בין אַליין געקומען.

— אַליין געקומען געבן בלוט פאַר אַ שוואַרצן יינגל ? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט שטוינונג.

— יאָ.

— מיר — האָט די נוירס אין די פענסנע רוף געטאָן, און זיך אַ קער געטאָן צום „סוויטש", — זייט אַזוי גוט און פאַרבינדט מיך מיט ד"ר קאָן.

— ד"ר קאָן ? — האָט די נוירס גערעדט אין טעלעפאָן — אַ זאַך, וואָס האָט צו טאָן מיט אייך. אַ ווייס יינגל איז געקומען געבן בלוט פאַרן נעגער־ייגנגל, וועמען איר האָט פריער איינבאַנדאַזשירט די ריפּן. וואָס פאַר אַ יינגל פרעגט איר ? קוקט אויס אַ יידישער... — ביסט דאָך אַ יידישער ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן

דייווין אין מיטן שמועס. — יאָ, אַ יידישער, ביזנעס? ניין, ווייזט אויס, אַז ניט. אַליין געקומען? יאָ. איך פֿאַר שוין אַרויף מיט אים צו אייך.

דייווי איז שוין איצט געשטאַנען רואיק און גלייכגילטיק. עפּעס איז אים אַראָפּ אַ משא פֿון דער נשמה, און געוואַרט וואָס עס וועט זיין.

---

ווען זיי זיינען אַרויסגעפֿאָרן צו ד״ר קאָן, איז ער זיי געקומען אַנטקעגן. אַן עלטערער, אַ גרוילעכער, האָט ער עפּעס אַזוי שאַרף און קרומלעך געקוקט און קורץ און גיך אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס פֿאַר אַ געשיכטע?

— געקומען געבן בלוט פֿאַרן נעגערל... — פֿרעגט אים, דאָקטאָר.

— וואָס פֿאַר אַ בלוט? — האָט דער דאָקטאָר בייז אַ ברום געטאָן.

— ווער האָט דיך געשיקט אַהער? — האָט ד״ר קאָן אָנגעהויבן.

— אַליין געקומען.

ד״ר קאָן האָט ווי ניט געהערט דייוויס ענטפֿער און וויטער גיך אין כּעס אָנגעהויבן ריידן אין יידיש:

— טאַטע־מאַמע געשיקט... אַ נייע פּרנסה ביי יידן: שיקן יונגע קינדער בלוט געבן...

דייווי האָט איצט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער דאָקטאָר מיינט, און קורץ אַ זאָג געטאָן:

— דאָס האָב איך אים אַראָפּגעשלעפּט פֿון מאַשין...

דער ד״ר קאָן האָט זיך פֿאַרהוסט, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרשטיקט מיט אַ וואָרט.

— וואַ־אַ־ס? — האָט ער אויסגעצויגן און דירעקט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף דייווין.

דייווי האָט איצט געקוקט דעם דאָקטאָר גלייך אין די אויגן, ווי איינער זאָגט, וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? און מיט עקשנות אַרויסגערעדט:

— יאָ, איך האָב אים אַראָפּגעשלעפּט.

ד"ר קאָן האָט זיך איצט ווי צעשריען:

— פריער ווערסטו אַראָפּשלעפּן, נאָכדעם ווערסטו קומען געבן בלוט. שמייסן, קאַטעווען דאַרף מען אייך, און וואָס איז דאָס פאַר אַ געשעפטן, זיך אָנהענגען אָן מאַשינען און אַראָפּשלעפּן!...

ד"ר קאָן האָט זיך אַביסל באַרואיקט, אָבער נאָך אַלץ גיך און הארט גערעדט:

— ווייסט ווי אַזוי מען גיט בלוט? ווייז דיין האַנט. זעסט, מען וועט דיר דאָ איינשניידן דעם אָדער... דו ווייסט, אַז דאָס טוט ווי? — האָט ער געמאַכט אַ שטרענג פּנים.

— איך ווייס.

— און ווילסט זיך לאָזן?

— יאָ.

— וואָס וועט דיין טאַטע־מאַמע זאָגן?

— זיי טאָרן ניט וויסן.

ביי ד"ר קאָן האָט זיך מיט אַמאָל דער גאַנצער אויסדרוק גע־ביטן. אין די שאַרפע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אַ מילדקייט און אַ צופרידנקייט. ער האָט איצט אַ רוף געטאָן צו דייווין:

— קום מיט מיר.

מעכאַניש איז אים דייווי נאָכגעגאַנגען.

ד"ר קאָן האָט אים אַריינגעפירט אין אַ „וואָרד". דייווי האָט דערזען רייען בעטלעך מיט קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער אויף זיי. ד"ר קאָן האָט אָנגענומען דייווין פאַרן אַקסל און אים צוגע־שטופּט צו אַ בעטל.

— דערקענסט?

אויף אַ בעטל, אויף אַ ווייט קישן איז געלעגן אַ שוואַרץ קעפּל, דורכגעשניטן מיט ווייסע באַנדאַזשן. מען האָט כמעט דאָס פּנים ניט אַרויסגעזען, נאָר צוויי גרויסע אויסגעריסענע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט.

— זעסט, וואָס דו האָסט געטאָן?

דייווין האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם.

— נו, גוט — האָט ד"ר קאָן פּלוצלונג אָנגעהויבן ריידן אויסער־געוויינלעך פריינטלעך, — חרטה איז אַ גרויסע זאַך, אָבער נאָכ־אַמאָל זאָלסטו מיט קיינעם אַזוינס ניט טאָן. ביי אַזעלכע יינגלעך ווי דו נעמט מען קיין בלוט ניט. ער דאַרף ניט קיין בלוט — האָט ער אַ ווייז געטאָן אויף דזשימין. — ער וועט געזונט ווערן, אָבער נאָך אַ האָר וואָלט ער געשטאָרבן. נו, גיי אַהיים און זיי אַ וואויל בחורל . . .

דייווי האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פון וואָרד, נאָר פּלוצלונג זיך אומגעקערט, צוגעגאַנגען צו דזשימיס בעטל, מיט די פינגער זיך פאַרזיכטיק צוגערירט צום אויבערדעק, און אַ פרעג געטאָן:

— טוט וויי?

דאָס שוואַרצע קעפּל מיט די אויפגעריסענע אויגן האָט זיך אַ ריר געטאָ אויף:

— יאָ.

— האָסט באַדאַרפט זיך לאָזן אָראָפּשלעפּן — האָט דייווי ווייטער שטיל אַ זאָג געטאָן. — איך האָב ניט געמיינט . . .

דייווי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ניט געפונען קיין ווערטער, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז מיט פּאַמעלעכע טריט אַרויס פון וואָרד.

ד"ר קאָן איז געשטאַנען און דאָס צוגעקוקט.

# איינגעבראָכן

1.

די לעצטע צייט איז הערשעלען געוואָרן זייער פֿאַרדעכטיק; ער פֿרעגט גאָרניט, ער זאָגט גאָרניט, אָבער ער גייט אַרום מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, מיט אומרואיקע אייגלעך; פֿאַרקוקט אָפֿט דער מאַמען אין די אויגן און דערוואַרט עפּעס.

אויף ריכטיק וואָס, ווייס ער אַליין ניט, נאָר דאָס הערצל זאָגט אים אונטער, אַז עפּעס וועט דאָ מיט אים געשען, אַז עס קלייבט זיך וואָס איבער זיין קאָפּ...

ער שפּילט זיך נאָך איצט אויך צוגלייך מיט אַלע שקצימלעך פֿון דאָרף אַ גאַנצן טאָג ביי דער ברייטער, פֿרייער סיים*). ער לויפֿט אַרום אַ באָרוועסער איבערן ברעגיקן גראָז, פֿאַרקריכט ווייט אין דעם זומפּיקן צעוואַקסענעם פּליושטש אָדער פּליושקעט זיך גאָר שעה'ן־לאַנג אין וואַסער און כאַפּט מיט אַ פֿאָדעם אויף אַ צו־געבונדענעם קייקעלע ברויט, זילבענע, צאַפּלדיקע פּלאָטקעלעך.

ער שפּילט זיך נאָך איצט אויך... אָבער עפּעס אַ געפֿיל פֿון מורא לאָזט אים ניט אָפּ, עפּעס אַן אומעט ליגט אין האַרצן, ווי אַ שאָטן וואָלט זיך דאָרט פֿאַרקליבן, און מאַכט טונקל און קיל זיין קינדער־פֿרייד.

אָנגעהויבן האָט זיך עס, זינט מען האָט אין שטוב גענומען צופֿיל דערמאָנען זיין נאָמען און צופֿיל זיך אומקוקן אויף אים. עפּעס רעדט די מאַמע מיטן טאַטן, דער טאַטע מיט דער מאַמען וועגן אים אַזעלכע רייד, וואָס ער פֿאַרשטייט ניט גאַנץ קלאָר. באַזונדערס רעדט אַ סך די מאַמע, ביי יעדן גלעט איבערן קאָפּ, ביי יעדן מאָל „אַ געזונט אין דיין געקרויזט קעפּל", פֿרעגט זי אים:

---

*) אַ נאָמען פֿון אַ טייך.

— ווילסט גיין, אברהמלע, אין חדר? — ווילסט דאָך גיין אין חדר...

ער שווייגט, עפּעס ווערט אים אומעטיק פון דער מאַמעס פרעגן. עס ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. פאַרוואָס זאָל ער ניט וועלן גיין אין חדר, אַז דאָרטן, דערציילט די מאַמע, איז אַזוי גוט: אַ מלאך וואַרפט קאָפּיקעס, מען טוט אָן נייע שיכלעך, הויזן מיט קעשענעס און מען וואַקסט אויס גרויס... וואָלט דאָס חדר געווען אין דאָרף, וואָלט ער שוין ניט צורו געלאָזן, מען זאָל אים פירן אין חדר, אַז ניט וואָלט ער אַליין געלאָפן... און סטיאָפּקען און מי־קיטען וואָלט ער טאַקע אַלע טאָג געוויזן די קאָפּיקעס פון מלאך. זיי קאָנען דאָס ניט האָבן. ער ווייס, ער איז אַ יידיש יינגל און נאָר יידישע יינגלעך לאָזט מען אַריין אין חדר — אָבער דאָס חדר איז ערגעץ ווייט, וואו דער פעטער אלקנה איז. נאָר איין מאָל האָט ער געזען דעם פעטער אלקנה, און ער געדענקט נאָך זיין באָרד. עפּעס אַ מאָדנע גרויסע באָרד. און אַ צאַצקע האָט ער אים געבראַכט, און די צאַצקע געדענקט ער גוט — אַ פערדל אויף רעדלעך. האָט ער אים געגומען צום טייך אָנטרינקען און אים געלאָזן שווימען ווי דער אַלטער מיכאַלקע זיין „בולאַטן", איז ער אַוועקגעשוואומען. האָט ער געוויינט, געשריען, האָט מען אים צוגעזאָגט, אַז דער פעטער אלקנה וועט ווידער קומען, וועט ער ברענגען אַן אַנדער פערדל. און אַלע טאָג האָט ער געפרעגט, וואו איז דער פעטער אלקנה? ווען קומט דער פעטער אלקנה? האָט מען אים געזאָגט, אַז ער פאָרט שוין, נאָר ס'איז זייער ווייט, זייער ווייט, איז ער נאָך ניטאָ.

און די מאַמע זעט, אַז ער ענטפערט ניט, פאַרשטייט זי אים, קוקט אויף אים, אי שטאָלץ, אי אומעטיק.

— דו ביסט אַ קלוג יינגל! דו ווילסט דאָך גיין אין חדר. וועסט דאָך פאָרן צום פעטער אלקנה? ווילסט פאָרן צום פעטער?

— יאָ...

— וועסט וועלן שלאָפן ביים פעטער?

— מיט דיר אין איין בעט.

— און אַליין אין אַ גוט, ווייך בעט?

— ניין.

פון דער מאמען טרעט ער ניט אפ א טריט. איז ער נאר אין א שלעכטן וועטער אין שטוב, גייט ער איר נאך פון שטוב אין קראם און פון קראם אין שטוב; קריכט איר נאך אונטערן טובאנק און פאלגט נאך איר יעדן ריר, און קומט אפט אוים דעם טאטן אין וועג. בייזערט זיך דער טאטע:

— גייט נאך ווי א שעפס! פע, א פינף־יאריקער בחור, וואס וועט באלד גיין אין חדר, זאל זיך נאך האלטן אן דער מאמעס פארטוך! וואס פלאנטערסטו זיך אונטער די פיס?

אבער די מאמע שטעלט זיך שטענדיק איין פאר אים:

— וואס האסטו צום קינד? ער מוז דאך ערגעץ זיין...

ווען ער פארקריכט אפילו ווייט מיטן זומפיקן ברעג און פילט זיך אזוי מאדנע אין צעוואקסענעם הויכן גרינעם אויר וואס פאר־שטעלט אים אין גאנצן. ס'איז דארט קיל און גרין, גרין און קיל — וואונדערבאר גרין. ביי יעדן שארך זיינעם שפרינגען זיך פונאנדער גרינע פרעש, בונק! אין דעם גרינעם לינזיקן וואסער. און דער אויר שמעקט אזוי שטארק, אזוי שארף, אזוי פייכט... דאס וואסער אונטן בלעזלט זיך, בולקעט זיך. ער שטעלט פארזיכטיק די בארוועסע פיסלעך אויף די קילע רויטלעך־ווייסע אנגעקוואלענע פליושטש־ווארצלען און ווי א יאגט־הינטל שרעקט ער ווילדע קא־לירטע ענטלעך און שווארצע וואסער־הינדלעך.

עס פארגעסט אן אלץ. עס צעברענען זיך די אויגן: ער וועט כאפן איינס, און דאך שרעקט ער זיך איבער יעדן מאל, ווען פלוצ־לונג פון סאמע אונטער זיינע פיס שיסט ארויף מיט גערויש א פארל און לאזט זיך אוועק קרום איבערן טייך.

אט! א וואסער־הינדל איז געזונקען ווי א שטיינדל צום גרונט. עס פארכאפט אים דער אטעם. דער פליושטש בייגט זיך מיט אים צוזאמען צום וואסער, דאס וואסער בלעזלט זיך, שלינגט... דאס הארץ קלאפט אים. ער וועטווארטן. ער ווייס, דאס הינדל מוז צו־ריק ארויף. און דער פליושטש נייגט זיך אלץ נעענטער מיט אים צום וואסער. פון צווישן די קויקן וואסער זעט ער נאך א יינגל דארטן און דאס וואסער בלעזלט זיך, שלינגט, ציט... און ער נייגט זיך אלץ נעענטער, נעענטער...

נאָר פֿלוצלונג טוט אים אַ צאַפּל דאָס הערצל. ער הייבט אויף דעם קאָפּ, הערט זיך צו, אימעצער האָט אים פֿון פֿליושטש ווי אַ רוף געטאָן:

„הערשעלע!“

גלייך ווי די מאַמע...

און אַ טומנעקייט און אַ בענקשאַפֿט באַפֿאַלט אים. ער פֿאַרגעסט אָן דעם הינדל און גיט זיך אַ וואָרף, גיכער זיך ארויסצוקלייבן פֿון דער גרינער וואַסער-וועלט.

אַ פֿאַרסאָפּעטער לויפֿט ער אריין אין שטוב:

— וואו איז די מאַמע? דו מיך גערופֿן?

— ניין, כ׳האָב שוין טאַקע געקלערט וואו די ביסט?

— מאַמע, געקאָנט אַ הינדעלע כאַפּן...

— זע נאָר — בייזערט זיך דער טאַטע, — אַ יינגל, וואָס וועט שוין באַלד גיין אין חדר, ליגט אים אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקייטן.

אברהמל כאַפּט אויף דער מאַמעס אַן אומעטיקן בליק און דאָס הערצל קלעמט אים ווידער פֿאַר דאָס אומבאַוואוסטע.

.2

אַ דערפֿרייטער, אין איין אָטעם, איז הערשעלע אריינגעלאָפֿן אין קראָם:

— מאַמע, געכאַפּט אַ העכטעלע, אָט אַזאַ קליינטשיקן... אריינגעלאָזט אין אַ גריבל וואַסער...

— אַ געזונט אין דיין געקרויזט קעפּל — האָט אים פֿלוצלונג די מאַמע געגומען קושן, — דו טייער יינגעלע מיינס.

— קום אַהער, הערשל — האָט דער טאַטע איבערגעשלאָגן, — גיי צו מיכאַלקען און זאָג, אַז ער זאָל מאָרגן פֿרי קומען מיט דער פֿור, די מאַמע וועט דיך אַוועקפֿירן צום פֿעטער.

אַן אַנדערש מאָל איז ביי אים דער גיין צו מיכאַלקען געווען אַ יום-טוב. מיכאַלקע פֿלעגט אים אַרויפֿזעצן רייטנדיק אויפֿן בולאַטן, און אים דורכפֿירן הין און צוריק איבערן פֿאַדוואָר, פֿון דער הייך. פֿון דעם בולאַטנס רוקן האָט דער גאַנצער פֿאַדוואָר געהאַט

אַן אַנדער פּנים. גאָרנישט ווי פֿון אונטן. איצט האָט אים ווידער דאָס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן, עפּעס האָט ער אונטער די קושן אויפֿגעכאַפּט דער מאַמעס אַ פֿאַרצאַרנטן בליק, און אומרואיק אָנגעהויבן קוקן דאָ אויפֿן ערנסטן טאַטן, דאָ אויף דער מאַמען...

— דו קלוג ייִנגל מיינס, וואָלסטו געזען, וואָס פֿאַר אַ שיכלעך נייַע מען האָט געבראַכט פֿאַר דיר!...

.3

אין גאַנצן אָנגעטאָן אין נייַע מלבושימלעך איז הערשעלע געזעסן מיט דער מאַמען אויף מיכאַלקעס פֿור און אָנגעקוואָלן פֿונם וועג. אַ זוניקער טאָג, פֿון ביידע זייטן איבער אַ קאַנאַווע ווי אַ שנור, ציט זיך, צוזאַמען מיטן וועג, דער פֿאַרביקער האָרבסטיקער וואַלד. עס מיניען זיך פֿאַר די אויגן קאָלירן: רויט, גרין, געל, וויאָלעט. פֿייגל פֿליען אַדורך אַזעלכע, וואָס ער האָט ביים טייך ניט געזען. עס שמעקט מיט פּעך און דאָרט טיף אין וואַלד קוקט אַרויס אַ סוד, און דאָ טרעפֿט זיך אָן פֿון צייט צו צייט אַ ווילדער באַרנע-בוים מיט „דימשקעס" — אַ בוים ווי ווינטערדיקע גרינע עפּעלעך.

— מאַמע, כ'וועל אָנרייסן עפּל.

— נאָך וואָס דאַרפֿסטו דאָס, זיי טויגן דאָך ניט, ס'פֿעלט דיר?

— כ'וויל...

בעט די מאַמע מיכאַלקען און ער שטעלט אָפּ די פֿור אויף אַ ווײַלע... באַרג אַרויף לאָזט מען אים גאָר גיין צופֿוס און ער גייט שטאָלץ צוזאַמען מיט מיכאַלקען פֿוס אין פֿוס, ווייזט, אַז ער איז אַ גרויסער, רייסט פֿעלד-בלימלעך אין קאַנאַווע, לויפֿט גאָר אַוועק אַפֿריער און קומט צוריק.

ביי אַ פֿעלד פֿון אַרבעס-סטרוטשקעס האָט שוין מיכאַלקע אַליין אָפּגעשטעלט די פֿור — אַראָפּגענומען הערשעלען, ער זאָל גיין רייסן. אָבער ניט מיט די וואָרצלען, האָט ער אים אָנגעזאָגט, מיט די וואָרצלען איז אַן עבירה.

הערשעלע האָט אַן אַלץ פֿאַרגעסן. ער האָט זיך געפֿרייט פֿון די נייַע ערטער, פֿון דעם אומבאַקאַנטן וועג. נאָר איינמאָל האָט ער

דערזען אַ זילבער־לויפּיק טייכל שנירלט זיך איבער אַ לאָנקע, האָט ער פלוצלונג אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענטלעך:

— אוי, מאַמע, כ׳האָב פאַרגעסן דאָס העכטעלע אין גריבל... עס וועט שטאַרבן... — און זיך פאַרטראַכט.

און נאָכאַמאָל האָט ער אויפגעצאַפּלט:

— שטשאַ, כאַיאַ? — האָט מיכאַלקע געפרעגט — מאַלענאַ דאַ כעדערא וועזיעטשע?...*)

און הערשעלע האָט אויפגעכאַפּט ווי די מאַמע ווינקט צו מיכאַלקען, ער זאָל שווייגן. און מיכאַלקע האָט פאַרענדיקט:

— שקאָדאַ, יעשטשע טאַקי מאַלי!...**) — און אַ פאַך געטאָן מיטן בייטש.

— פּאַשאָל!...

## 4.

אַריינגעפאַלן איז הערשעלע צום פעטער אלקנה ווי אין אַ טשאַד. דער קאָפּ האָט זיך אים גענומען דרייען.

אַלץ עפּעס אין גאַנצן אַנדערש ווי ביי זיי, און קינדער אַ סך. ס׳איז אַ גוואַלדיקער טומל, מען שפּילט זיך, מען קריגט זיך — אים האָט מען גלייך אַרומגערינגלט, געקוקט מיט פרעמדע אויגן, כמעט באַטאַפּט אים און אים גערופן זיך שפּילן.

ער האָט זיך נאָך געהאַלטן פרעמד, ניט אָפּגעטראָטן אַ טראָט פון דער מאַמען.

זאָגט די מאַמע:

— גיי, שפּיל זיך מיט די קינדער, הערשעלע. וואָס גייסטו מיר נאָך, נאַרעלע?

און באַלד הייבט זיך אים אָן איינריידן, אַז ער זאָל וועלן גיין אין חדר, אַז ער זאָל פאָלגן דער מומען, דעם פעטער, ער זאָל זיין אַ גוט יינגל. ער זאָל פאָלגן דעם רבין, ער זאָל וועלן לערנען, וועט אים זיין גוט.

---

*) איר פּירט, חיה, אייער קליין יינגל אין חדר אַריין?
**) אַ רחמנות, נאָך אַזאַ קליינינקער!

— גיי, שפּיל זיך, הערשעלע, מיט די איבעריקע קינדער. באַלד וועט קומען דיין רבי. דו ביסט דאָך אַ קלוג ייִנגל...

— קום שפּילן קנעפּלעך — האָט אים אַ רוף געטאָן דער עלטסטער פֿון די קינדער. — מיר האָבן אַ שופֿלאָד קנעפּלעך...

און פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ גאַנצן שופֿלאָד מיט קנעפּלעך, אַלערליי סאָרטן: שיסעלעך, פֿאַרצעלייטשיקעס, מיניץ.

— דאָס האָב איך געוואונען... — כאַפּט זיך איינער פֿון דער חברה אַרויס, און ווייזט אַ „שיסעלע" אויפֿן האַנט. — פֿאַר איר בין איך געגאַנגען פֿיר מאָל...

— און דאָס האָב איך געוואונען...

— און דאָס איך...

באַלד האָט זיך צעפֿלאַקערט די שפּיל. הערשעלע איז גאָר געווען אַ טייערער „פּיקער". מיט איין פּיק פֿלעגט ער טרעפֿן אין קנעפּל. ער האָט אָן אַלץ פֿאַרגעסן. ס'האָט אים שוין קיין זאַך ניט אינטערעסירט, נאָר געווינען וואָס מער קנעפּלעך.

עפּעס האָט די מאַמע געבראַכט אַ ייִדן און געזאָגט, אַז דאָס איז דער רבי. דער רבי האָט אים אַ קניפּ געטאָן אין בעקל, און געזאָגט: אָ, אַ טייערער, טייערער ייִנגל. ווילסט לערנען? הערשעלע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן. עפּעס האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט אַ רבין גאַנץ אַנדערש. און דער קוקט אויס ווי אַלע מענטשן וואָס קומען צו זיי.

נאָר ער ענטפֿערט: כ'וויל, אַבי גיכער צום שפּיל. ער האַלט אין אָפּגעווינען אַ „שיסעלע". זאָל דאָס זיין דער רבי...

ער זעט די מאַמע סוד'עט זיך דאָ מיט דער מומען, דאָ מיטן פֿעטער — גאָרניט; מיכאַלקע קומט אַריין מיט דער בייטש אין האַנט, בלייבט שטיין עפּעס אין טיר — גאָרניט. די מאַמע גייט צו ווי ער ליגט אַזוי אויפֿן פּאָדלאָגע און שפּילט, קושט אים, שמייכלט — גאָרניט; ער הערט אַ פֿור פֿאָרט אָפּ אין דרויסן — גאָרניט, און פּלוצלונג גיט ער זיך אַ צאַפּל, גיט אַ וואָרף די קנעפּלעך און אַ פֿלי אַרויס אין דרויסן...

די מומע האָט אים געוואָלט אַ כאַפּ טאָן פֿאַר אַ הענטל, אָבער ניט באַוויזן; דער פֿעטער איז גאָר געבליבן שטיין אַ צעטומלטער מיט האַלבע ווערטער אויף די ליפּן.

— וואָס, וואָס לויפֿסטו ?...

אין דער רגע איז שוין הערשעלע געווען אין דרויסן. דערזען ווי די פֿור מיט דער מאַמען פֿאַרקירעוועט זיך אין אַ זייטיקער גאַס האָט ער מיט אַ געשריי: מאַמע! גענומען נאָכיאָגן מיט אַלע כּוחות די פֿור.

ער זעט גאָרניט, ער פֿילט גאָרניט. עפּעס שטעלן זיך אָפּ מענטשן און רופֿן: ייִנגעלע, וואָס איז ?... ער זעט זיי נאָר אויס־מיידן... און די פֿור פֿאָרט אַלץ גיכער אַוועק...

אין פֿאַרצווייפֿלונג יאָגט ער מיט אַלע כּוחות, און דער צע־שראָקענער רוף „מאַמע"! רייסט זיך אַלץ אָפֿטער; אים ווילט זיך אַנידערפֿאַלן אין געוויין, נאָר די פֿיסלעך לויפֿן פֿון זיך אַליין, און דאָס האַרץ רייסט די לופֿט.

„מ־אַ־מ־ע, נעם מיך!" און די פֿור איז ווייט, אַזוי ווייט...

און פּלוצלונג האָט ער דערזען, אַז די מאַמע דרייט אום דעם קאָפּ צו אים. עפּעס מאַכט זי מיט דער האַנט דאָ צו אים און דאָ צו מיכאַלקען. אים דוכט, אַז זי הייסט מיכאַלקען פֿאָרן גיכער, אַז אים ווייזט זי צוריק, צוריק... און ער יאָגט און ער שטרעקט אויס די הענטלעך:

— מאַמע, נעם מיך, נעם מיך!

ער זעט די פֿור האָט זיך אָפּגעשטעלט, די מאַמע קריכט פֿון פֿור. און ער לויפֿט נאָך אַן אָנגעשטרענגטער צו איר, זי לויפֿט אים אַנטקעגן, ער ליגט שוין ביי איר אין די הענט און פֿון האַלדז רייסט זיך נאָך: מאַמע, נעם מיך...

די מאַמע ווישט אים זיין פֿאַרשוויצט פּנים, טוליעט אים צו זיך און רעדט:

— דו ביסט אַ שלעכט ייִנגל, האָסט דאָך עפּעס צוגעזאָגט צו זיין גוט און פֿאָלגן... מיכאַלקע, פֿאָר צוריק צום פֿעטער...

צוריק בײם פֿעטער, האָבן אים אַלע געמוסרט, אי דער פֿעטער, אי די מומע, נאָר די קינדער האָבן אַנדערש געקוקט אויף אים און קײן זאַך ניט געשטערט, אים האָט קײן זאַך ניט געאַרט. ער האָט זיך נאָר ווי אַ שעפּסל געבונדן צו דער מאַמען, געהאַלטן פֿאַרן קלײד און פֿון איר ניט אָפּגעטראָטן. זי האָט שוין גאָרניט געפּרובירט פֿון אים אַװעקגײן. װען זי האָט אים אײנגעלײגט שלאָפֿן, האָט זי זיך געמוזט זעצן לעבן אים און ער האָט זי צוגעהאַלטן פֿאַרן האַנט.

— — — — — — — — — — —

מיט אַמאָל האָט ער זיך אױפֿגעכאַפּט, זיך פֿאַרזשמורעט פֿון דער זון, װילד זיך אַרומגעקוקט און אָנגעהױבן פֿאַרצװײפֿלט רופֿן: מאַמע, װאו איז מאַמע? קײן ענטפֿער האָט ער ניט געקראָגן, נאָר דער פֿעטער איז אַרײַן און אַ זאָג געטאָן:

— שאַ, שאַ, די מאַמע װעט באַלד קומען.

האָט ער שױן גאָרניט געפֿרעגט, שטיל אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. עס זײַנען אים פֿאַרלאָפֿן די אױגן. די שטוב מיט אַלץ האָט זיך אָנגעהױבן אָפּרוקן פֿון אים און באַקומען אַ קרום געשטאַלט. און דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערזען די װעלט דורך אמתע טרערן.

— — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום איז שױן הערשעלע געגאַנגען אין חדר. דער מלאך האָט אים געװאָרפֿן קאָפּיקעס, ער האָט זיך געגרױסט מיט זײַנע נײַע הױזן מיט די קעשענעס און געשפּילט אין קנעפּלעך.

# אַ מאַמע

אין זונען־שיין באָדט זיך דאָס שטעטל אין טאָל. אַרומגערינגלט מיט בערג, זיינען די שפּיצן באַוואַקסן מיט וואַלד, די משופּעדיקע זייטן אויסגעפּוצט אין תּבֿואה־פֿעלדער און לאָנקעס.

אונטן, צופֿוסנס שפּילט זיך דער טייך אַרום.

— — — — — — — — — —

פֿאַר יום־טובֿ בין איך פֿריי פֿון חדר. ווי שטענדיק, האָב איך קיינעם אין שטוב ניט דערציילט און בין זיך אַוועק אין סאָסנע־וואַלד קלייבן בעטקעס (שוועמלעך).

כ׳ווייס, איך האָב זיך שוין פֿאַרשפּעטיקט. די מאַמע קוקט שוין די אויגן אויס. אָבער איך האָב נאָך אַ סך צו טאָן: איך מוז נאָך אָנקלייבן שוואַרצע יאַגדעס, וואָס נאָר איך אַליין ווייס אַן „ערטל״ וואו זיי וואַקסן; איך מוז נאָך אַרויפֿקלעטערן אַ קוק טאָן צו מיין נעסט פֿון וועווערקעס — זעקס קליינינקע, געלינקע זיינען זיי דאָרטן; איך האָף נאָך צו געפֿינען אויך האָזענע ניסלעך אונטן אין נאָסן וואַלד.

צווישן די אָלשענע און ניסן־ביימלעך, איינגעפּלאָנטערט אין ווילדע האָפּן און קראַפּיווע, דאַרפֿן שוין זיין צייטיקע ווינטערדיקע מאַלינעס, קלער איך, כ׳וועל זיי אויך אָנקלייבן. אפֿשר וועל איך קאָנען זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דער מאַמען — זע, וואָס כ׳האָב אָנגעבראַכט: בעטקעס, שוואַרצע יאַגעדעס, האָזענע ניסלעך און אפֿשר נאָך ווינטערדיקע־מאַלינעס אויך...

און ווייטער טראַכט איך, אַז מען וועט זיך נאָך דאַרפֿן אויף גיך אַ באָד טאָן אויך, אַז די מאַמע זאָל ניט וויסן... ווייל פֿאַרנאַכט איז דאָס וואַסער וואַרעם — מחיהדיק! אַחוץ אין „קעסל־גרוב״, וואו פֿון פֿאַרכּישופֿטן זומפּ אין וואַלד, פֿון אונטערן תּהום,

קומט אַרויס דער „וואַסער-מענטש" און שלעפּט אַראָפּ צום גרונט אַזעלכע קליינע יינגלעך ווי איך און וואו מיר וואַרפֿן אַריין אַלע יאָר אַ קאַץ פֿאַר אַ כּפּרה... אין „קעסל-גרוב" איז דאָס וואַסער שטענדיק קאַלט.

אָבער הלוואַי טרעף איך נאָר דעם באַלעגאָלעס זון מיט דער פּאָר פֿערד. איין פֿערד וועט ער מיר שוין געבן צום אויסבאָדן. דעם באַלעגאָלעס זון וויים, אַז איך קען. אויב ניט, וועל איך זיך ווידער אָנטשעפּען אָן ווײדל, אַ דאגה מיר — אַבי אַריבערשווימען די „קעסל-גרוב" און אויפֿן צווייטן ברעג איז אַ מחיה זיך צו קייקלען נאַקעטערהייט איבערן לאָנקע!

דער פֿאַרנאַכט קומט אָן און איך אייל זיך. פֿון אַ פּאָליאַנע זע איך, די זון האָט זיך ווי אַ רויטער טייך צעשוואָומען איבערן הימל, איין זייט איז באַדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס און ס'ווערט טונקע-לער. איצט וועט שוין ביי מיר לאַנג ניט דויערן. די פּאַדעשוועלעך זיינען ביי מיר גליטשיק פֿון די פּעכינע נאָדלען, איך גיי און גליטש זיך — איך גיב זיך אַ גליטש. און אָט בין איך אין נאַסן-וואַלד.

ס'אַראַ מאַלינעס! איך האָב זיך גאָרניט געריכט — גרויסע און אָנגעשאָטן! זיי זיינען אַזש שוואַרץ פֿון אָנגעגאָסענעם זאַפֿט. די שטעכיקע שטעקלעך בייגן זיך אַרונטער.

איך וואַרף זיך אין די צונויפֿגעפּלאָנטערטע האָפּן, ברעך איבער און טאַפּטשע איין די בריאיקע קראַפּיווע. אַ, אָ, איך וועל זיי אָנ-קלייבן אַ סך...

פּלוצלונג איז עפּעס פֿאַרביי מיר דורכגעפֿלויגן און זיך אַוועק-געשטעלט אַנטקעגן אויף אָן אויסגעפֿוילטן פּיען. איך האָב זיך איינגעאָנצן אָנגעצונדן און פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם. איך זע אַ וואַסער-פֿויגל שפּרינגט פֿאַרזיכטיק אַרום און פֿלאַטערט מיטן געשטרייפֿטן ווײדעלע.

„כ'קאָן זיך שווערן, ס'איז אַ נעסט..." — גיט מיר אַ קלאַפּ אין הערצל. כ'וועל האָבן מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן אין חדר: אַ נעסט פֿון וועווערקעס האָב איך שוין, איצט — פֿון וואַסער-פֿייגעלעך".

נאָר דאָס פֿייגעלע האָט מיך דערשפּירט, און קרום פֿון דער זייט אויף מיר אַ קוק געטאָן, אָפּגעפֿלויגן אַ שטיקל און זיך געשטעלט אויף אַ צווייטן בוים, באַהאַלטנדיק זיך אונטער צווייגן, ווי דאָרטן וואָלט געווען דער נעסט.

ניין, וועסט מיך ניט אָפּנאַרן. כ׳וועל אַזוי לאַנג וואַרטן, ביז דו וועסט מוזן אַרייַנפֿליען", טראַכט איך.

אַ צווייט פֿייגעלע איז באַלד צוגעפֿלויגן און זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן זעלבן פּיען. דאָס ערשטע האָט פֿאַרצווייפֿלט אַ צוויטשער געטאָן, ווי אָנזאָגנדיק, אַז דאָ לויערט אַ שונא.

זיי האָבן זיך געדרייט און אַרומגעפֿלויגן. איך בין די גאַנצע צייט געלעגן צונויפֿגעקאָרטשעט אין די קוסטעס און געטשאַטעוועט. ס׳איז מיר מיט אַמאָל היים געוואָרן... איך זע איין פֿויגל האָט זיך שטיל אַרייַנגעגנבעט, און גאָר עפּעס אונטער אַ וואָרצל.

„אָט גאָר, אַבי איך האָב געמיינט אין פּיען..."

ווי אַזוי דאָס צווייטע פֿייגעלע איז אַריין, האָב איך שוין גאָר ניט באַמערקט, נאָר איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז אינווייניק. שטילינקערהייט האָב איך זיך גענומען שאַרן צו דער נעסט.

מיט האַרצקלאַפּעניש האָב איך אַרייַנגערוקט די האַנט אונטערן פּיען... אַ געשריי געטאָן און באַלד אַרויסגעכאַפּט די האַנט צוריק. פֿון ווייטיק האָב איך אָנגעהויבן שפּרינגען אויף איין פֿיסל און בלאָזן אויפֿן צעבלוטיקטן פֿינגער. אַ שטיק הויט האָט דאָס פֿייגעלע מיר אויסגעפּיקט מיטן שאַרפֿן, דינעם שנאָבל. און מיט אַמאָל — באַץ! ביידע פֿייגעלעך זייַנען פֿאַר מייַנע אויגן אַרויסגעפֿלויגן, און פֿאַרפֿאַלן!

פּלוצלונג קוק איך זיך אַרום — שטאָק־פֿינצטער, און איך בין אייניקער אַליין, בייַנאַכט אין וואַלד. איך צאַפּל פֿון שרעק. איך ווייס: וועלף נישטערן ביינאַכט, און ערגעץ אין מיטן וואַלד — דער פֿאַרכישופֿטער זומפּ מיטן וואַסער־מענטש, וואָס פֿאַרנאַרט אַלעמען און פֿון וואַנען קיינער קערט זיך ניט אום. און דער וואַלד איז שטיל — דער וואַלד שווייגט.

פּלוצלונג האָט אַ בייזער פֿייַף זיך דורכגעטראָגן דורכן וואַלד. די ביימער האָבן צעצאָרנטע אָנגעהויבן הודזשען, ווי אַ בייזע האַנט




אַ בייזער פֿייף האָט זיך דורכגעטראָגן דורכן וואַלד...
בליצן דונערן... אַ שלאַקס־רעגן האָט אַ גאָס געטאָן...

(ז׳ 61, 63)

וואָלט זיי געשוויבערט די צעוואַקסענע קעפּ. אַ שלאָקס־רעגן האָט אַ גאָס געטאָן און מיט גערויש אָנגעהויבן פּויקן איבער די בלעטער.

פֿון שרעק לאָז איך זיך לויפֿן פֿון וואַלד אַרויס, נאָר די פֿינצ־טערניש באַגעגנט מיך פֿון אַלע זייטן און איך ווייס ניט, וואוהין צו לויפֿן. איך פּלאָנטער זיך אין די ווילדע האָפּן, ווי משונהדיקע לאַ־פּעס ציִען זיך נאָך מיר די אַרויסשטאַרצנדיקע וואָרצלען. איך פֿאַל איבער זיי, הייב זיך אויף און פֿאַל ווידער און ברי זיך אָפּ אָן די שטעכעדיקע קראָפּיווע. קאַלטע שטראָמען וואַסער נעצן מיך דורך און רינען מיר איבערן לייב. איך פֿאַרזשמורע די אויגן פֿון די בלענ־דיקע בליצן, קנוילן־וויַיז פֿליקן זיי דעם הימל; דוכט מיר, אָט לעבן מיר קראַכן די דונערן, שפּאַלטן זיך ביימער, און וועלן פֿאַלן אויף מיר. איך וויל זיך צוטוליען צו אַ בוים, נאָר עס טרייסלט מיך עפּעס אין גאַנצן. פֿייערדיקע קויקן דרייען זיך מיר פֿאַר די אויגן. מיר דוכט, אַז איך הייב אָן זינקען — פֿאַרזינקען אין פֿאַרכישופֿטן זומפּ און איך צאַפּל אין גאַנצן, שטרעק אויס די הענטלעך און מיט די לעצטע כּוחות רוף איך:

— מאַמע, מאַמעלע מיינע!

ווי דורכן חלום הער איך דער מאַמעס קול. איך פֿיל נאָר, ווי זי נעמט מיך אויף די הענט. איך קלאַמער אַרום איר נאָסן האַלדז. און זי טראָגט מיך אין מיטן שטורעם, טוליעט מיך צו זיך און רעדט שטיל: אויסגעמאַטערט קינד מיינס, ייִנגעלע מיינער...

— — — — — — — — — —

נאָכדעם איז דער וואַסער־מענטש פֿון זומפּ געקומען און האָט מיך געמוטשעט און ערגעץ וואו געשלעפּט. איך האָב זיך געוואָרפֿן, געצאַפּלט און געוויינט, אָבער צווישן די משונהדיקע מענטשן, וואָס פֿלעגן מיט מאָדנע גרימאַסן אַרומשפּרינגען אַרום מיר, האָב איך מיין מאַמען ניט געזען, אַליין בין איך געווען. און דער וואַסער־מענטש איז ווידער געקומען, האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן, צוגעשטיקט און זיך גענומען מיט מיר אַרונטערלאָזן טיף - טיף אין פֿאַרכישופֿטן זומפּ...

פּלוצלונג פֿיל איך ווי די מאַמע רייסט מיך אַרויס און איך שווים, שווים אַרויס פֿון אָפּגרונט, און ס׳ווערט מיר אַזוי גוט, לייכט

— איך עפֿן די אויגן און פֿאַרוואונדער זיך, איך ליג גאָר אין דער מאַמעס בעט און עפּעס אַזוי שטיל איז אין שטוב. נאַכט. דער לאָמפּ מיט דער טונקעלער שיין ברענט אויפֿן טיש. אַ סך רפֿואה־פֿלעשלעך שטייען אָנגעשטעלט לעבן דעם בעט אויף אַ שטול. איינס געפֿעלט מיר, אַ שמאָלינקע, אַ רויטינקע. איך גיב באַלד אַ קלער: מען ווערט קאָנען מיט איר אַרויפֿשלעפּן גרונט־וואַסער פֿון ברונעם. איך קוק זיך אַרום און פֿאַרוואונדער זיך נאָך מער. די מאַמע טוט עפּעס גאָר ניט אין שטוב, נאָר זיצט איינע אַליין ביים טיש, דאָס פּנים באַהאַלטן אין די הענט און איך קאָן ניט וויסן צי זי שלאָפֿט, אָדער זי טראַכט, נאָר דעם אָפֿענעם „זיידנס תּהילים" מיטן לעדערנעם רוקן דערזע איך אונטער אירע עלנבויגנס און איך קלער: וואָס זיצט עפּעס די מאַמע אַזוי? און איך רוף זי:

— מאַמע!

איך פֿאַרוואונדער זיך, ווי פֿאַרענדערט מיין קול איז, און מיר דוכט, אַז די מאַמע האָט מיך ניט דערהערט; מער ניט אירע עלנבויגנס האָבן עפּעס אַ ציטער געטאָן און איך רוף נאָך אַמאָל:

— מאַמע!

איך קאָן ניט פֿאַרשטיין, וואָס די מאַמע האָט זיך אַזוי צעמישט אויפֿגעהויבן און פֿאַלט צו מיט אַ געוויין צו מיר. אָבער פֿון אירע טרערן ווערט מיר אַזוי גוט און ליבלעך אויפֿן האַרצן. זי קוקט מיר אין די אויגן, ווי זי וואָלט זיך ניט געגלויבט, און פֿון איר בליק צאַפּל איך פֿריידיק אין גאַנצן. אָבער אירע אויגן קוקן מיר מאָדנע אויס, אַזעלכע רויטע, אָנגעצונדענע. איך קוק און וואונדער זיך: פֿון וואַנען זיינען ביי דער מאַמען אַזעלכע אויגן געוואָרן מיט אַמאָל? נאָר איך פֿיל, אַז ס'טויג ניט צו פֿרעגן און קוק זי שטום אָן.

זי גלעט מיר צאַרט דעם שטערן און רעדט שטיל:

— ייִנגעלע מיינער...

# עלינו לשבח

געווידמעט א. ליעסין

נאכט. פון געלעגער הייבט זיך שטיל אויף דער זיבן־יאָריקער אברהמל. קוקט מיט שאַרפע אויגן צי דער טאַטע ביים זייט שלאָפט שוין. שפרייזט אַריבער איבער אים און שלייכט זיך דורך אין דער צווייטער קאַמער.

די גאַנצע שטוב איז פאַרהילט אין חושך, נאָר ווי אַ רונדער, רויט־געלער פלעק שיינט דאָס קליינע קעראָסין־לעמפל אויפן ווייסן טיש.

שטיל קומט אברהמל צו צום טאַטנס שאַפע ספרים, באַקומט אַרויס דעם „שארית ישראל״, קריכט אַרויף אויף אַ שטול, נעמט די פיס אונטער זיך, צעעפנט דעם ספר אויפן טיש און הייבט אָן בלעטערן אין שיין פון לעמפל.

ער מישט די פאַרגעלטע בלעטער מיטן רש״י־כתב ביז ער בלעטערט אויף: דער ערשטער בלוט־בילבול אין בלוא. ער שפאַרט זיך אונטער דעם קאָפ מיט ביידע הענט און ער לייענט: „אַ קריסט האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט געזען, ווי אַ ביינאַכט האָט אַ ייד אַריינגעוואָרפן אַ קינד אין טייך אַריין. און כאָטש עס האָט גאָר אין שטאָט ניט געפעלט קיין קריסטלעך קינד, און כאָטש מען האָט אין טייך גענישטערט און מען האָט גאָר קיין גוף פון קיין קינד ניט געפונען, דאָך האָט מען אויף די איינציקע בייזע עדות פון דעם קריסט פאַרמשפט און פאַרברענט ניין־און־דרייסיק יידן.

„ווען מען האָט די יידן געברענט לעבעדיקערהייט, האָבן זיי פון די פלאַמען אַרויסגעזונגען „עלינו לשבח״... און זייער קול איז געווען דורכגעזאַפט מיט זיסקייט און מיט פרייד...״

אַ שווידער נעמט דורך דעם קליינעם אברהמלען. דער שפּיציקער צעדרייטער רש״י־כתב צעשווימט זיך פאַר די אויגן:

„אַ בילבול געמאַכט, לעבעדיקערהייט פאַרברענט און זיי האָבן געזונגען „עלינו לשבח". ווי קען מען דאָס זינגען, אַזוי זיס זינגען, ווען מען ברענט לעבעדיקערהייט?"

„גוט, וואָס זיי האָבן געזונגען", פאַרקלעמט זיך דאָס האַרץ ביי דעם קליינעם אברהמלען — „דווקא זינגען, זיי אויף צו להכעיס — ער וואָלט אויך אַזוי געטאָן..."

ער וואָלט אויך געוואָלט זיין אַזאַ... אָבער וואָלט ער געקאָנט ברענען לעבעדיקערהייט און זינגען „עלינו לשבח"?...

געוויס. ער וואָלט זיך געלאָזט בראָטן לעבעדיקערהייט... און גלייך צווייפלט ער: „אפשר וואָלט איך ניט געקענט. איך וועל פּרובירן".

דער קליינער אברהמל רירט זיך צו מיט אַ פינגער צו דער אָנ־געגליטער גלאָז, ווי ער וואָלט דעם פינגער אין פייער אַריינרוקן. ס'טוט אים אַזאַ ברי, אַז ער כאַפּט צו דעם פינגער. עפּעס דערפילט ער אַ האַרטע פרעמדע זאַך אויפן שפּיץ פינגער...

„צוגעכאַפּט, אָבער קיין געשריי ניט געטאָן" — טראַכט ער — ער וועט פּרובירן נאָך אַמאָל.

אברהמל קוקט שוין מער ניט אין ספר, ער האָט זיך איינגע־שפּאַרט מיטן בליק אינם גליענדיקן שיין פון לעמפּל.

דער שטאָלץ וואַקסט ביי דעם קליינעם אברהמלען. ער זאָגט אַלע טאָג דאָס אייגענע, וואָס די ניין־און־דרייסיק יידן האָבן גע־זאָגט. פאַרוואָס האָט ער צוגעכאַפּט דעם פינגער?

אים פאַרדריסט. ער האָט ניט געדאַרפט צוכאַפּן דעם פינגער. און ער וועט פּרובירן נאָך אַמאָל, און טאַקע אויפן הוילן פייער. ער וועט מיט דער הוילער האַנט אַרונטערנעמען דאָס גלעזל און פּרובירן דעם פינגער אין דעם פייער. זיי האָבן אין גאַנצן געברענט, מוז ער קאָנען כאָטש אַ פינגער זיך לאָזן ברענען.

אברהמל קוקט און קוקט אויף דעם צעגליטן קנויט. דאָס קליינע פלעמל צעוואַקסט זיך אין אַ גרויסן פלאַם. מענטשן־געשטאַלטן שיינען אין פייער. רויטע, הונגעריקע פייער־צונגען שפּרינגען אונ־

טער, לעקן, וויקלען אַרום די מענטשן-געשטאַלטן. אַלץ אַרום שפּרינגט, זידט, שרפֿהט, נאָר די מענטשן-געשטאַלטן שטייען אין אַ הייליקן שיין און זינגען...

אברהמל הערט זיך צו מיט אָנגעשטרענגטע אויערן... „עלינו לשבח" — טראָגט זיך ביי אים דורך דעם ניגון פֿון דער תּפֿילה. אים דוכט זיך, אַז ער הערט עפּעס אַ געזאַנג, געוויס אַ געזאַנג... אַ באַקאַנטער ניגון „עלינו לשבח" הערט זיך אין דער נאַכט, און מיט צעעפֿנטע אויגן קוקט ער אין פֿייער אריין...

# חרטה

**1.**

פֿריידיק האָבן זיך די קינדער צוזאַמען געטראָפֿן אויפֿן ראָג.

— העלאָו, סעמקע! — האָט נאָך פֿון דער ווייטן געשריען דער מורזעוואַטער, אויסגעשמירטער קאַמילאַ, שוין זומערדיק אָנגעטאָן און פֿאָכנדיק מיט אַ ביקסל אין האַנט.

סעמקע מיט רויטע בעקלעך און גלאַנציקע קאַרשן־אויגן, נאָך אין די ווינטערדיקע קליידער מיטן ברוינעם סוועטער פֿון אונטן האָט צופֿרידן אָפּגעוואַרט קאַמילאַן, זיך געוואונדערט אויף זיין זומערדיקן הילוך און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— קום אַהער, ווייז דאָס ביקסל.

— אָט איז דזשימי! — האָבן זיךביידע אַ כאַפּ געטאָן.

— דזשימי, קום אַהער.

דזשימי — אַ דאַרער, אַ געלער, אינגאַנצן אין זומער־שפּרינ־קעלעך, מיט אַ דין פֿאַרריסן נעזל, מיט פֿונקעלעך אין די העלע אויגן — איז זיך געגאַנגען פּאַמעלעך, פֿאַררוקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, דעם קאָפּ איינגעצויגן אין די אַקסלען, ווי ס׳וואָלט אים קאַלט געווען.

— גיכער, קום אַהער! — האָט סעמקע גערופֿן.

— לילי קומט, קוק, לילי קומט! — איז אונטערגעשפּרונגען קאַמילאַ.

— אָ, העלאָו, לילי! — האָט סעמקע זיך אַ כאַפּ געטאָן און אינגאַנצן אויפֿגעשיינט.

— העלאָו, סעמי! — איז זיך לילקע געלאָזן צוגעקומען, אינ־גאַנצן אַ פֿרימאָרגנדיקע אין איר רויטן סוועטערל, און חנעוודיק פֿאַרשאַרט מיטן הענטל אירע יינגליש־אונטערגעשאָרענע האָר.

באַלד איז צוגעקומען ביטרים מיט אַ שפּרונג־שטריק אין האַנט.

און נאָך און נאָך פֿון אַלע זייטן זײַנען געקומען קינדער. אַפֿילו דער פֿיר־יאָריקער הערילע, דעם הויז־וועכטערס ייִנגעלע, אין גרויסע ניט צוגעפּאַסטע שיך, און נאָך אַ גרעסער היטל, מיט עפּעס איינגענייטע פֿרעמדע מעשענע קנעפּ אין זײַן פֿאַרשמאָדערט מאַנטעלע, איז אויך געקראָכן פֿון קעלער־שטוב. דאָס היטל — די גרויסע טשאַפּורע — האָט זיך אים אַראָפּגערוקט איבערן נעזל, האָט ער שווער געסאָפּעט, גישט פֿאַרשטאַנען זי אויפֿצוהייבן, און בלינד אויף אַלע פֿיר זיך געדראַפּעט אויף די טרעפּ פֿון קעלער אַרויס.

באַלד איז דער טראָטואַר צעקעסטלט געוואָרן פֿון ווייסן קרייד. די מיידלעך טאַנצן, שפּרינגען אויס פֿיגורן. די ייִנגלעך שפּילן באַל און לויפֿן מיט אַ טומל פֿון איין טראָטואַר אויפֿן צווייטן.

נאָר דער קליינער הערילע שטייט מיט פֿאַרקוקטע אויגן, צוגעשפּאַרט צום אייזערנעם צוים פֿון קעלער, גיט זיך קיין ריר ניט, נאָר וואַרעמט זיך אויף דער זון און קוקט נאָך יעדע באַוועגונג פֿון די קינדער.

— דזשי, הײַנט איז וואַרעם — זאָגט דער דיקער סעמקע אַ פֿאַרשוויצטער פֿון באַל, — אָבער דו, קאַמילאַ — זאָגט ער מיט זיכערקייט, — דו וועסט זיך פֿאַרקילן.

— פֿונוואַנען ווייסטו ?

— כ'ווייס.

— לאָז אָפּ — רופֿט זיך אָפּ דזשימי, — אַן איטאַליענער שאַדט ניט.

— לאָמיר גאָר גיין אין פּאַרק — כאַפּט אונטער סעמקע.

— זאָל זײַן אין פּאַרק — זאָגט דזשימי.

— אין פּאַרק, אין פּאַרק ! — ווערט אַ גערודער צווישן די קינדער.

— ניין, ס'איז נאָך קאַלט, די מאַמעס וועלן ניט לאָזן ! — רופֿט זיך אָפּ אַ סטאַטעטשנע מיידל, מיט אַ גלאַטן פּנימל אין אַ שאַל אויפֿן האַלדז.

— וואָס איז דײַן דאגה ? — שפּרינגט צו קאַמילאַ אַ צעקאָכטער.

סעמקע דרײט זיך דערװײל צװישן דער גאַנצער כאַפּטע ײנג־לעך. יעדערן שטורכעט ער מיטן פינגער אין ברוסט:

— דו װעסט גײן! דו װעסט גײן!

יעדעס ײנגל נעמט צו דעם שטורך שװײגנדיק־ערנסט. אַלע פאַרריכטן נאָר די היטלען און קוקן מיט אַ מינע, װי זײ װאָלטן געװען גרײט צו גײן אין פײער און אין װאַסער. דער קלײנער הערילע האָט זיך דערװײל צוגעשאַרט מיט די גרױסע שיך און זיך צוגעשטעלט צו אַלע ײנגלעך. זעענדיק, אַז סעמקע שטורכעט אים ניט אין האַרצן, האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ צו סעמקען, אױף זיך אַלײן געטײטלט מיטן פינגער און גערופן — מיך אױך...

סעמקע האָט אױף אים מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטאָן:

— נאָך צו קלײן, סט׳גײן מיט דײן מאַמען.

לילקע איז צוגעשפּרונגען אַ פאַרפלאָמטע:

— מיר, מײדלעך, גײען אױך...

— גוט — האָט סעמקע געזאָגט.

— נײן — האָט דזשימי צונױפגעזשמורעט זײנע העלע אױגן,

— דו װעסט זײ מיטנעמען, זײערע מאַמעס װעלן שרײען און מירן זײן שולדיק.

— נײן, מ׳דאַרף ניט! — האָבן די ײנגלעך אױפגעהױבן אַ געשרײ.

— מירן יאָ גײן — האָבן געשריען די מײדלעך און אױסגע־מישט זיך מיט די ײנגלעך.

— נײן, איר׳ט ניט גײן... — האָבן זיך די ײנגלעך אָפּגע־טײלט פון זײ.

— דו, סעמקע, ביסט אַ שלעכט ײנגל — האָט לילקע געמאַכט אַ קאַפּריזנע פּנים.

— דו אַלײן אפשר יאָ — האָט אָנגעהױבן סעמקע.

— נײן, קײן אײנע ניט — האָט קאַלט און פאַרביסן געזאָגט דזשימי.

קאַמילאַ האָט זיך אַ װאָרף געטאָן אָפּשטופּן די מײדלעך. ס׳איז געװאָרן אַ שפּאַרערײ, אַ קריגערײ. פאַרבײגײיערס האָבן זיך אָפּ־

געשטעלט קוקן, וואָס דאָ טוט זיך, געשטאַנען אַ ווײַלע און שמייכלענדיק אַוועקגעגאַנגען.

נאָר דער קלײנער הערילע איז זיך געשטאַנען רואיק מיט דעם פֿוזעוואַטן בײַכל אַרויסגעשטעלט, מיט דעם גרויסן ווינטערדיקן היטל איבערן שטערן, פֿון וואַנען ס׳האָבן אַרויסגעקוקט, ווי פֿון אַ באַהעלטעניש, זײַנע שוואַרצע פֿאַרקוקטע אויגן.

אָפּגעשטופּט אָן אַ זײַט, האָט ביטרים געשריען:

— מיר דאַרפֿן זיי ניט, מירן פּונקט אַזוי טרעפֿן ווי זיי.

— אָבער וואו די קוואַלן זײַנען ווייסט איר ניט — האָט קאַמילאַ אַרויסגעשטעלט אַ צונג...

די ייִנגלעך האָבן זיך מיט אַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפֿן צום פּאַרק, און דער קלײנער הערילע פֿון הינטן נאָך זיי.

.2

אין פּאַרק זײַנען ווי דורך דער נאַכט גרין געוואָרן גאַנצע שטיקער פֿון די לאַנקעס.

אויף די אַקאַציען־ביימלעך האָבן זיך שוין אויסגעשאָטן יונגינקע העל־גרינע קנאָספּן, ווי קרייזלעך אויף קינדערשע קעפּלעך. נאָר ערטערווײַז האָבן נאָך געגעלט פֿליכעוואַטע שטיקער ערד און דערמאָנט אָן פֿאַרלאָפֿענעם האַרבסט און ווינטער.

פֿון דער ווייכער צעפּלאַצטער, אָנגעוואַרעמטער ערד האָבן זיך גלײַך באַגינען אַ לאָז געטאָן אָן אַ צאָל רעגן־ווערעם און פֿאַרפּלייצט די נאַסע שטעגלעך, די פֿײַכטע אַלייעס.

ווי אַ מחנה שפּערלעך האָבן זיך די קינדער אַ לאָז געטאָן מיט אַ פּלאַפּלערײַ, מיט אַ פּלאַפּלערײַ איבער לאַנקע און שטעג, דורך אַלייעס און קוסטעס. באַלד זײַנען זיי שוין געקראָכן אויף די פֿעלזן פֿון פּאַרק, זיך געדראַפּעט אויפֿן „אינדיאַנער שטיין”, וואָס קוקט אויף דער סאַזשעלקע. סעמקע, דזשימי און קאַמילאַ און נאָך ייִנגלעך האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן צו די קוואַלן אין זומפּיקן טאָל, וואו דער פֿאַראַיאָריקער שטײַפֿער פּליושטש איז געווען פֿאַרטרונקען ביזן האַלדז אין וואַסער.

ס׳שלאָגן קוואַלן; ס׳שנירלען זיך גאָלד-געלע לײמיקע רינעלעך און װאַסער-אָדערלעך, ס׳פּלײצט איבער די רינעלעך אַ קלאָר װאַ-סערל מיט אַ פֿערלמוטערנעם שלײם פֿון אױבן, און זינגט מעלאָדיש, קאַטשענדיק זיך איבער שטײנדלעך און װאָרצלען.

שלענגלען זיך די פֿרישע פֿרילינגס-װאַסערלעך, קריגן אַרײן אין דער ערד און קומען אַרױס צוריק נאָך מער געלײטערט, און ציען זיך שױן אין אַ טײכל, װאָס האָט אַן אױסגעלײגטן גרונט — פֿון פֿילפֿאַרביקע שטײנדלעך, װעלכע, דוכט זיך, רירן זיך, װיגן זיך דאָרט.

קאַמילאַ שפּרינגט, לױפֿט איבער די שטאַמען פֿון די אױסגע-האַקטע בײמער, װאָס ליגן אױף אַ זײט און װאָס מען האָט נאָך ניט באַװיזן אַװעקצונעמען.

סעמקע לױפֿט זוכן אַ ברעט אױף אַ הוידע — אַזאַ געלעגנהײט זיך צו הוידען איבער זײ! און דזשימי רײסט אַ צװײגל פֿון אַ נוס-בױם, כאָטש ער װײס, אַז מע טאָר ניט.

די קינדער שפּרינגען אױף די קלעצער, זעצן זיך רײטנדיק, קריכן אין די זומפּן, נעמען לײם און בױען פֿאַרצאַמונגען אין טײכל און האַלטן אָפּ דאָס װאַסער. קומט אָן דאָס װאַסער הױך - הױך, בױען זײ נאָך העכער, הײבט עס זיך אָלץ, און מיט אַמאָל גיט עס זיך אַ רים דורך...

װערט אַ פֿרײד, אַ געשרײ, צעגלאַנצן זיך די אױגן, און מע לױפֿט װידער נאָך לײם.

נאָר הערילע האַלט זיך פֿונדערװײטן. ער איז זיך אַ מענטש פֿאַר זיך. די ערשטע זאַך איז ער אַרײן מיט די גרױסע שיך אין ריטשקעלע און זיך דורכגעשפּאַצירט אין װאַסער הין און צוריק. געזען, אַז דאָס װאַסער װערט אַזױ שײן, גאָלדיק-געל, איז ער אַרױס מיט די אָנגענומענע שיך מיט װאַסער, געפֿונען אַ פּאַפּירן צעריסן קעסטעלע און מיט די הײפּלעך געשעפּט דאָס געלע װאַסערל און געגאָסן אין פּאַפּירענעם קעסטעלע און געװאונדערט זיך, פֿאַרװאָס עס װערט ניט פֿול...

— מיר האָבן אַ ברעט — האָבן סעמקע און נאָך אַ פּאָר ייִנגלעך געשריִען, שלעפּנדיק אַ ברעט — דזשימי, קאַמילאַ, קומט זיך הוידען!

.3

הוידען זיך די קינדער אַרויף-אַראָפּ, סעמקע פֿון איין זייט, דזשימי פֿון דער צווייטער און קאַמילאַ אינמיטן — אַ פּוּס אַהער, אַ פּוּס אַהין, וויגט און באַלאַנסירט. אַרויף-אַראָפּ — דאָס ערשטע מאָל הייַ-יאָר. דאָ הייבט מען זיך אויף אַזוי הויך-הויך, אַז עס ווערט אַזש קיל אין האַרצן און אָט פֿאַלט מען, דוכט זיך, נאָר געשעדיקט צו ווערן...

— די מיידלעך גייען! — הייבט זיך פּלוצלונג אויף אַ געשריי. מיט אַ טראַך פֿאַלט דאָס ברעט צו דער ערד. דזשימי, סעמקע, קאַמילאַ, אַלע — אַלע שטייען און קוקן, ווי די מיידלעך קומען אָן מיט לינקען און ביטריסן אין דער שפּיץ.

זיי גייען עפּעס ניט דרייסט, אַנדערע האַלטן זיך פֿאַר די הענט.

— ניט צולאָזן זיי צו די קוואַלן — האָט דזשימי אַ זאָג געטאָן צו די ייִנגלעך.

די מיידלעך האָבן עפּעס ווי דערפֿילט די קריגערישע שטימונג פֿון די ייִנגלעך, זיך אָפּגעשטעלט און אויפֿגעהויבן אַ געשריי: — בע, בע! מיר האָבן געפֿונען!

— לאָמיר זיי גאָר פֿאַרטרייבן! — האָט זיך אויפֿגעקאָכט קאַמילאַ.

די ייִנגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די מיידלעך. יענע האָבן אויפֿגעהויבן אַ געשריי.

קאַמילאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן ביטריסן, דזשימי האָט געוואָלט אַ כאַפּ טאָן אַן אַנדערע, האָט ער זיך דערווייל אויסגעגליטשט אין נאַסן ליים. ביי די מיידלעך איז געוואָרן אַ געלעכטער. סעמקע האָט זיך געיאָגט נאָך לינקען, וואָס האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון זיינע הענט און געלאָפֿן ווילד.

ביי די מיידלעך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ פֿריידיקער געשריי. ביטריס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון קאַמילאַס הענט און אים אַליין

אומגעשליידערט. די איבעריקע האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום איר. לילקע איז אויך צוגעלאָפֿן מיט סעמקען אַליין נאָך איר.

— ס׳איז דיין פּאַרק? ס׳איז אייער פּאַרק? — האָט ביטריס אָנגעהויבן שרייען, און עטלעכע מיידלעך האָבן אַ כאַפּ געטאָן סעמקען, וואָס איז באַלד אַריינגעפֿאַלן צווישן די מיידלעך, און זיינען אים באַפֿאַלן.

סעמקע איז געבליבן שטיין אַפּהענטיק און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— די מיידלעך זיינען געוואָרן נאָך דרייסטער.

— איר שלעכטע יינגלעך, מירן דערציילן אייערע לערער. דו ביסט אַ שלעכטער — האָט לינקע מיט ברוגז געקוקט אויף סעמקען.

דאָס איז דאָך אויף צופֿלייסן — האָט סעמקע זיך געפּרואווט פֿאַרענטפֿערן.

די מיידלעך האָבן געזיגט. צוערשט האָט מען זיך נאָך געשפּילט באַזונדער — באַלד האָט מען זיך שוין געשפּילט צוזאַמען און די הוידע האָט זיך געהוידעט איבערן קלאָץ אַרויף-אַראָפּ.

אויף איין עק ברעט זיינען שוין געזעסן לילקע מיט ביטריסן, אויף דעם צווייטן עק — סעמקע מיט דזשימין און קאַמילאַ שטייענדיק אין באַלאַנס.

— לאָמיר זיי אָפּטאָן — האָט אַ זאָג געטאָן סעמקען דער אויסגעשמירטער דזשימי, און אויסגעשטעלט די העלע אויגן — מירן אַראָפּשפּרינגען פֿון ברעט — זאָלן זיי זיך קייקלען...

— גוט — האָט צוגעשטימט צו דער חכמה סעמקע. צו דער סאַמער ערד האָבן זיי אַראָפּגעוויגט דאָס ברעט און באַלד אָפּגעלאָזן. די ערשטע איז געפֿאַלן לילקע און אויף איר ביטריס...

אַ צעבלוטיקטע האָט זיך לילקע אויפֿגעהויבן; פֿאַלנדיק, האָט זיך זיך אָפּגעקלאַפּט און זיך אָפּגעריבן אָן אַ בוים.

די מיידלעך האָבן אויפֿגעהויבן אַ געשריי:

— בלוט, בלוט! גיכער וואַסער אַהער!

קאַמילאַ האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז גלייך אַנטלאָפֿן. דזשימי איז געשטאַנען מיט די הענט אין די הויזן און תּמעוואַטע געשמייכלט. נאָר סעמקע איז אַרומגעלאָפֿן אַ דערשראָקענער. גע-




די ערשטע איז געפֿאַלן לילקע...
— בלוט, בלוט! גיכער וואַסער...

(ז' 74)

זען ווי לילקע זיצט אונטער אַ בוים מיט אַ פֿאַררויטיקט טיכעלע בײַם מויל און וויינט, איז. אים אונטערגעגאַנגען אונטערן האַרצן — האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר און געשוואָרן:

— ס׳איז געווען אויף צופֿלייסן, אויף מיין וואָרט, ס׳איז געווען אויף צופֿלייסן!

— אַוועק! — האָט אים ביטרים געטריבן. ער אָבער האָט אַלץ זיך געדרייט אַרום לילקען, געקוקט איר אין די אויגן און מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ געפֿרעגט:

— ס׳טוט וויי?

לילקע האָט נאָך מער געוויינט.

— וואָלסטו זיך אַזוי צעקלאַפּט דעם קאָפּ! — האָט געשריען ביטרים.

— וויין ניט, אויף מיין וואָרט, ס׳איז געווען אויף צו פֿלייסן — האָט אַלץ גערעדט סעמקע.

— זעסט, איך וועל מיין קאָפּ אויך אָפּקלאַפּן — האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אונטערן זעלביקן בוים, וואָס לילקע, און זיך גענומען קלאַפּן דעם קאָפּ אָן בוים און פֿרעגן לילקען:

— גוט, אַ?

לילקע האָט אויפֿגעהערט צו וויינען.

# אַ געשלעג

ביי די ייִנגלעך איז אָנגעגאַנגען אַ מלחמה.

נאָך מיט די חומשים אונטער די אָרעמס האָבן די קלענערע כּיתּות פֿאַרנאַכט גלייך נאָכן חדר געשפּילט זיך אין „באַרג סיני".

דער „באַרג סיני" — אַ לאַנגער, פּלאַטשיקער שטיין, האַלב אַ פֿאַרגראָבענער אין מיטן ניט ברוקירטן, זאַמדיקן שול־הויף, איז פֿון די ייִנגלעך פֿאַרנומען און אָפּגעלייִדיקט געוואָרן:

— מיין באַרג סיני!

— אַראָפּ! מיין באַרג סיני!

אין איין פּלאַנטער האָבן זיי זיך ווי שפּערלעך געוואַלגערט אין שטויביקן זאַמד, געשטופּט און געדראַפּעט זיך אויפֿן שטיין:

— איך בין משה רבינו!

— ניין, איך שטיי שוין, איך בין משה רבינו!

דער פֿאַרנאַכט איז געווען אַ זומערדיקער, אַ גאָלדענער. צונטער־רויט איז ערגעץ ווייט הינטערן דאַך פֿון דער הויכער שול מיט אַ ראַנד די זון פֿאַרגאַנגען. איבער די ייִנגלעכס קעפּ איז דער דינער טרוקענער שטויב צוזאַמען מיטן געטומל געהאַנגען ווי אומבאַוועגלעך אין דער לופֿט, דאָ און דאָרטן האָבן וואָלקנדלעך קאָמאַרעס ריטמיש געוויגט זיך צווישן הימל און ערד. זשוקעס האָבן נאָכאַנאַנד אין מיטן פֿליען בלינד זיך אָנגעקלאַפּט אָן די אַלטע ווענט פֿון שול, פֿלעגן אומגעריכט אַרונטערפֿאַלן און ניט באַווייזן צוזאַמענצונעמען די אונטערשטע דורכזיכטיקע פֿליגלען.

ווי פֿון העלער הויט פֿלעגן שוואַלבן פֿלינק אַרויספֿליען פֿון אונטער די שינדל־דעכער פֿון די בתּי־מדרשים און פֿון אונטער דעם הויכן שול־דאַך און זיך צעפֿליען מיט אַ צאַרטער צוויטשעריי.

ארונטערפאלן, ווי געוואָרפענע שטיינדלעך, צו דער סאָמער ערד און באַלד פייל פון בויגן זיך הייבן אין הימל.

פאַררייסט וואו אַ יינגל דעם קאָפּ און דערזעט אַ פלעדער־מויז פלאַטערט אין דער לופט, ווי אַן אָפּגעקלאַפּט בלעטל פון ווינט, און, דוכט זיך, ווייס אַליין ניט וואו צו פליען, פלעגט ער זיך צעשרייען:

— אַ ווייסע זאַך אהער! גיכער, אַ ווייסע זאַך, וועט עס זי צוציען!

די עברי־יינגלעך האָבן זיך געשפּילט אין קנעפּלעך אָדער גאָר געטשאַטעוועט דעם הימל און האָבן זיי נאָר דערזען אַ מחנה פויג־לען ציענדיק איבערן הימל אויף נאַכט־לעגער, פלעגן זיי זיך צע־זינגען אין כאָר:

...סקאָרעי, סקאָרעי, די שטיבעלע ברענט.
וואַרף אַראָפּ אַ בייטעלע געלט...

אַלץ האָט געררושט, געזשומעט, ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע וואָלט די גאַנצע צייט וויברירט אין דער לופט. נאָר די פּאַרהאָ־רעוועטע יידן פון שטעטל האָבן זיך געאיילט דורכן שול־הויף צו מערב אין די בתי־מדרשים אריין, געווישט זיך דעם שוויים פון די פּנימער און קיין אַכט ניט געלייגט אויפן קינדישן טומל. איבער זיי האָט זיך דער הימל מיט טונקעלע פּאַסן באַצויגן, ווי קנייטשן וואָלטן זיך אויסגעלייגט און אים צוגעגעבן אַ פאַרטראַכטן פאַר־נאַכטיקן אויסזען.

ביים „באַרג סיני" האָט אין מיטן טומל אַ שניידיק, קוויטשיק קולכל זיך שיר צעוויינט:

— אוי, אוי, אוי... דער הויז מיינער! מיין הויז! „בויטע", וואָס שלעפּסטו זיך?! דו צערייסט מיר דעם הויז, צע־רייסטו!...

צאַלקעלע „בויטע", אַן אָפּגעפּאַשעט, אָנגעבלאָזן יינגל, ווי אַ פּענכער, האָט זיך איינגעקרעמפּט אין יאַנקעלעס פּיסל, זיך איינ־געשפּאַרט אין שטיין און מיטן גאַנצן כוח אים געשלעפּט אַרונטער פון „באַרג סיני".

— „בויטע" לאָז אָפּ בעסער... — האָט דאָס קולכל גע־סטראַשעט.

— ניין „פרעגעלע״ איך ניט אָפּלאָזן, דו רופּט זיך איבער...

יענקעלע „פרעגעלע״, אַן אָנגעצויגענער אויפֿן בייכל, האָט מיט איין האַנט געהאַלטן אין דער הייך דעם חומש און מיט דער צווייטער זיך געדראַפּעט אַן שטיין; געשריען, אַז מען צערייסט אים דעם הויז, דערפֿילט, אַז אָט־אָט שלעפּט מען אים אַרונטער — האָט ער זיך פּרובירט אָנכאַפּן מיט דער צווייטער האַנט, זיך פֿאַרגעסן און אַרויסגעלאָזט דעם חומש.

— דער חומש! דער חומש פֿאַלט! — האָט יענקעלע „פרעגעלע״ מיט פּחד אויסגעשריען, און גלייך דערזען, ווי דער חומש האָט צעעפֿנט די טאָוולען, ווי אַ פֿויגל די פֿליגלען, זיך איבערגעקוליעט איבערן שטיין און אַ צעעפֿנטער אַרונטערגעפֿאַלן אין זאַמד.

— „בויטע״ לאָז אָפּ! היט זיך, טרעט ניט! — האָבן אָנגעהויבן שרייען די ייִנגלעך און אין איין קנויל זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿהייבן דעם חומש.

— כ׳האָב דער ערשטער אויפֿגעהויבן, מיר קומט אַ קוש טאָן דעם חומש — האָט אַ ייִנגל פֿאַרסאָפּעט אַרויסגערעדט.

— ניט דו, „בויטע״ — האָט זיך אַריינגעמישט אַ ייִנגל מיט שטעכעדיקע אויגלעך און מיט זומער־שפּרענקלעך.

— אַוועק, דו „געלער רמאי״! — ווייסט אַליין ניט, „פרעגעלע״ דאַרף אַ קוש טאָן — האָט אַ מורזעוואַטער ייִנגל ניט געהערט, וואָס מען רעדט, און זיך אַריינגעמישט — „פּרעגעלע״ האָט דאָך דעם חומש אַרונטערגעוואָרפֿן...

— „בויטע״ אויך — האָבן אַנדערע זיך אָנגעכאַפּט, — ביידע זיינען שולדיק, ביידע דאַרפֿן אַ קוש טאָן — האָבן די ייִנגלעך געפּסקנט.

„יענקעלע״ „פּרעגעלע״ האָט זיך איצט, אַן דעם חומש געהאַלטן פֿעסטער ווי אַן שטיין, און שניידיק געקוויטשעט.

— „בויטע״ „בויטרוק״, די עברה אויף דיין קאָפּ, לאָז אָפּ!

צאַלקעלע „בויטע״ האָט אָבער מיט אַן אָנגעגאָסן רויטיק פּנים עקשנותדיק און תּמעוואַטע ווי אַן עקסל, נאָך אַליין אים ניט אָפּגעלאָזן.

— בויטע לאַז אָפּ! — האָבן די איבעריקע זיך צו אים אַ וואָרף געטאָן — מירן דיר די זייטן צעקיילן...

יענקעלע „פּרעגעלע" האָט זיך דערפּילט פּריי, האָט ער זיך היציק אַ ריס געטאָן פֿון שטיין, פֿאַרלוירן דאָס היטל, ארויפגעלאָפן אויף צאַלקעלע „בויטע", זיך אָנגעצילט מיט די שוואַרצע אויגלעך און אָנגעהויבן זיך קלאַפּן אין הארצן און שווערן, ווי אַ גרויסער:

— ווי איך בין אַ ייִד, כ'וועל דיך צעממיתן...

— טו אַ קוש דעם חומש — האָט אים אַ ייִנגל צוגעטראָגן זיין חומש.

— אַ קונץ ווייזט ער! פֿאַר אַ פּוס שלעפּט ער זיך גאָר, דער „בויטע" — האָט זיך יענקעלע צעקאָכט — דעם חומש צוליב אים אראָפּגעוואָרפֿן.

צאַלקעלע איז אָנך רויטער געוואָרן, געפּילט, אַז די ייִנגלעך זיינען ניט אויף זיין צד, האָט ער זיך אָנגעדרודלט און אַ בורטשע געטאָן:

— וואָס רופּסטו זיך איבער, וואָס?

— אָט רוף איך דיך טאַקע איבער — האָט יענקעלע געפּילט זיך פֿאַרן גערעכטן:

— בויטע!

— פּרעגעלע!

— וואָס רופּסטו זיך איבער, וואָס? — האָט יענקעלע זיך אָנגעצונדן און אָנגעהויבן די סדרה אויף דאָס ניי — מיינסט, כ'וועל דיר שווייגן... מיינסט, כ'האָב מורא פֿאַר דיר? — איז יענקעלע נעענטער אין די אויגן געקראָכן. געפּילט, אַז די ייִנגלעך קווועלן אָן פֿון אים, און זיך נאָך מער געהיצט. — מיינסט, כ'האָב מורא פֿאַר דיר, ווייל דו ביסט אַ קאָפּ העכער? כ'גיי מיט דיר „איינס אויף איינס".

ביי די ייִנגלעך האָבן זיך די אויגלעך צעפּינקלט:

— איינס אויף איינס — האָט זיך ביי אַ סך ארויסגעכאַפּט, — „פּרעגעלע" איז גערעכט... מאַך אַ „קאַראַד".

— נו, גיב זיך נאָר אַ טשעפּע — האָט יענקעלע פּרעגעלע העלדיש זיך געשטעלט מיט אַ זייט און מיט די לויפּיקע אויגלעך נאָכגעקוקט צאַלקעלע „בויטע".

— דערלאַנג ד ו זיך פּריער אַ טשעפּע!... האָט פּאַוואָליע געדרייט מיטן צינגל צאַלקעלע „בויטע".

— „פּרעגעלע" הייב אָן! — האָבן אונטערגעמינטערט די אומגעדולדיקע.

— מיש זיך ניט. ס'איז איינס אויף איינס... — האָבן זיך איינגעשטעלט אַנדערע.

— כ'האָב דיך שוין אָנגערירט... — האָט יענקעלע זיך צו־גערירט מיט אַ פינגער צו צאַלקעלעס רעקל.

צאַלקעלע איז שוין איצט געווען רויט ווי אַ בוראַק, האָט פּאַוואָליע אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און עקשנותדיק געזאָגט:

— דאָס איז ניט אָנגערירט...

— דאָס איז יאָ אָנגערירט, יאָ אָנגערירט! — האָבן אויפגע־הויבן אַ געשריי די יינגלעך.

צאַלקעלע „בויטע" האָט אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך געהאַלטן ביי זיינס:

— דאָס איז ניט אָנגערירט.

— גיב אים אַ שטאַרקערן טשעפּע! — האָבן אויפגעהעצט יענקעלען די איבעריקע יינגלעך.

— כ'וויים אַליין... — האָט זיך שוין יענקעלע געפילט גאָר תקיף און אַביסל שטאַרקער זיך צוגערירט מיטן פינגער.

— אָנגערירט, אָנגערירט, מיר זיינען עדות! — האָבן די יינגלעך ווידער אויפגעהויבן אַ געשריי.

— נאַ דיר אָפּ — האָט שוין צאַלקעלע געזען, אַז ער קאָן זיך ניט העלפן, און זיך אויף דעם זעלביקן אופן פּאַוואָליע צוגערירט מיטן פינגער צו יענקעלעס רעקל.

— וואָס שלאָגסטו זיך, וואָס? — האָט יענקעלע מיט אַ גע־מאַכטן געוויין זיך פלוצלונג אַ וואָרף געטאָן אויף צאַלקעלען. ביידע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך געוואָרפן אין זאַמד, ווי אין אַ ווייכער פערינע, אויפהייבנדיק אַ וואָלקן שטויב.

אַלע יינגלעך האָבן זיך איבער זיי איבערגעבויגן און נייגעריק נאָכגעפאָלגט, געצויגן דעם קאַראַד וואו זיי האָבן זיך געקייקלט, האָבן אויפגעפּאַסט און געוואָרנט:

— אויפן שטיין, אויפן שטיין קייקלט איר זיך אַרויף! אַן דער זייט, אַן דער זייט!...

— מאַמעס מיינע, שקצים, וואָס הרגעט איר זיך? — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט לאה דער שמש'טעס קול — אַ הויכע, טרו־קענע יידענע, מיט בראָדעווקעס האָר אויפן פּנים, פאַר וועלכער די יינגלעך האָבן מורא געהאַט און זיינען געווען זיכער, אַז זי קאָן אָפּטאָן כּישוף.

— גזלנים, וואָס לאָזט איר יידישע קינדער זיך שלאָגן? וואַרט איך וועל דערציילן אייערע טאַטעס...

זי האָט אָנגעכאַפּט יענקעלען מיט צאַלקעלען און זיי אויפ־געהויבן פון זאַמד.

נאָך צעהיצט פון געשלעג האָבן זיי צום אָנהייב גאָר ניט געזען ווער עס האָט זיי אויפגעהויבן, אוןביידע האָבן אויף אַמאָל אַרוים־געפּלאַצט:

— אַ, ווער האָט בעסער געגעבן?...

באַלד אָבער האָבן זיי זיך אַ ריס געטאָן און אָפּגעלאָפן צו די איבעריקע יינגלעך, וואָס האָבן זיך צעזייט איבערן שול־הויף.

— די היטלען נאָט אייך אייערע — האָט מען זיי מיט אַ באַ־זונדער פריינטשאַפט אַנטקעגן געטראָגן די היטלען. — לאָז, כ'וועל דיר אָפּפּולען פון הינטן — האָבן נאָך אַנדערע געהאַלפן.

— פאַרגעסט נאָר ניט, ביידע דעם חומש אַ קוש טאָן — האָט דערמאָנט דאָס יינגל מיט די זומער־שפּרינקלעך.

שטערנס האָבן זיך אויסגעשאָטן איבערן זאַמדיקן הימל. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיך די טאַטעס אַרויסגעשאָטן פון די בתּי־מדרשים, און די יינגלעך האָבן זיך געלאָזט גיין אַהיים.

# אַ כוואַטסקער ייִנגל און דעם קאַזאַקס קוטשמע

**(אַן אמתע פּאַסירונג)**

וואָס איז אַזוינס אַ „קוטשמע״?

בלויז אַ הויך שפּיציק היטל, געמאַכט פֿון אַ שעפּסן פּעלכל — דאָס אַלץ.

אָבער פֿרעגט ביי פּינסקער יידן פֿון „יענער צייט״, וועלן זיי אייך דערציילן וואָס אַ „קוטשמע״ מיינט.

## 1. פּינסק

דאָס יאָר ניינצן הונדערט זעקס — דאָס יאָר נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

ווינטער, הינטער פּינסק.

אַזאַ לאַנדשאַפֿט איז שווער צו פֿאַרגעסן:

אויף מיילן ווייט שניי און שניי.

אויבן, די זון, — אונטן, פֿאַר די אויגן אַ בלענדנדיקע ווייסע ווייט. דאָס זיינען די באַרימטע „פּינסקער בלאָטעס״ אונטערן ווינטערדיקן צודעק פֿון אייז און שניי — אומשולדיק, ריין און בלענדיק.

עס האָט געמוזט פֿאַרוואונדערן אָט די וויסטע ווייסע ווייט. איין אויסגעשפּרייט פֿלאַך שניי-פֿעלד פֿאַרכאַפּט דאָס אויג, און ציט זיך אַוועק צו ווייטע, קאַלטע בלוי-ווייסע האָריזאָנטן, אַ וואונדערלעכע ברייטקייט — נעם און לויף זיך פֿונאַנדער! אָבער קאַלט, שטום ליגט די בלענדיקע רחבות אונטער דער ווינטערדיקער זון. ניט אַ פֿונק לעבן, ניט אַ ריר אויף דער גאַנצער שנייאיקער שטרעק.

דאָ און דאָרט מערקט זיך אַפילו אַ שליטוועג איינגעקריצט און איינגעשניטן אין אויפגעשוימטן שניי. ערגעץ-ווייט, אויפן האָריזאָנט, שוואַרצט אַ פּינטל. געווים פערד און שליטן. אַט וועלן זיי אָנפליען מיט גלעקלעך און קלאַנג... אָבער דאָס שוואַרצע פּינטל, דוכט זיך, רירט זיך אַפילו ניט אין דער ווייטקייט, און שטום איז אַרום, און שטיל, און פאַרפראָרן-וויים.

און פּלוצלינג... איך קער אָפּ די אויגן און דערזע אַ זומערדיק פּריי וואַסער אין מיטן שניי אין פראָסטיקן טאָג. אַ לעבעדיק וואַסער כוואַליעט זיך און שפּילט אויף דער זון. ליכט-פלעקן און זון-שטראַלן שווימען אַרום אויפן זומערדיקן וואַסער אין אייזיקע ברעגעס.

אַ פאַרגאַפטער פרעג איך: „וואָס איז דאָס?"

דער פּינסקער חבר ענטפערט מיר:

— אויף דעם אָרט פרירט קיינמאָל ניט. דאָ שלאָגן שטענדיק קוואַלן...



און מיטן פּנים צו פּינסק:

— זעסט? — פרעגט מיין חבר.

עס איז שוין פאַרנאַכטלעך. הייזער און הייזער. צעוואָרפן און צונויפגעטוליעט, ווי אַ געפלעקטע סטאַדע אויף אַ פרייען פעלד. פון פענצטער און פענצטערלעך שיפט אָפּ די זון. זיי „ברענען" אין קאָלירן. פון קוימענס ציען זיך רויכן אין פראָסטיקן הימל. זיי ציען זיך אין גראַדע זיילן און צעגייען ערגעץ אין דער הויכער, גרינגער קעלט.



פון אַ גרויסער קאַכיקער שטאָט בין איך אָנגעקומען אין פּינסק. אַ מאָדנעם איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט די שטאָט. עפּעס פאַרשלאָפענע, אָפגעלאָזענע גאַסן מיט הילצערנע טרייםלענדיקע טראָטואַרן אויף קלעצלעך.

שטייט אַ שטוב, אַן איין איינציקע, פון איר ציט זיך אַ פּאַרקאַן, ציט זיך מיט דער גאַס ביז אַ צווייטער שטוב און דערנאָך ווידער אַ פּאַרקאַן, ווידער אַ שטוב און אַזוי כסדר.

גייסט, טרייסלסט זיך מיטן הילצערנעם טראָטואַר. פֿון הינטער די פֿאַרקאַנעס קוקן אַריבער די שפּיצן פֿון בינטלעך „טשערעט" — די אָרעמע געוויקסן פֿון די פֿינסקער בלאָטעס, און עס דוכט זיך, אַז דאָ ביי די פֿאַרקאַנעס הייבן זיך שוין טאַקע אָן די בלאָטעס מיט זייער הויכן דין-שטעקלדיקן טשערעט.

היינט די מענטשן מיט זייער „הילוך": שטענדיק שטיוול אויף די פֿיס און „פֿאַרפֿלדיקע קוטשמעס" אויף די קעפּ. היינט, די דירות, — אָרעמע, פֿאַררויכערטע, מיט אויוונס — „הרובעס" אָן טירלעך, און די באַהייצונג — ווידער דער שטרויענער, רויכערדיקער טשע-רעט. היינט, דאָס עסן — „בולבע-טשאָלנט" אַלע טאָג.

און די נעמען פֿון די שטאָט-טיילן, וואָס איז שווער אַרויס-צורייִדן: „בוליאַווטשינע", „לינישטשעס" און אַזוי ווייטער.

און „פֿאַרשטאַרקטע אויפֿזיכט" האָט געהערשט אין שטאָט — דער באַרימטער צאַרישער רעזשים פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען און שרעק. אַ פּאָר „סאָטניעס" קובאַנער קאָזאַקן האָבן מיט דער נאַהאַיקע געוועלטיקט איבער האָב און גוטס, איבערן געזונט און לעבן פֿון דער באַפֿעלקערונג.

און גאָר באַזונדערס האָבן זיי געבושעוועט איבער די אָרעמע ייִדישע קוואַרטאַלן.

זעקס אַזייגער אין אָוונט האָט מען זיך געמוזט פֿאַרשליסן אין די הייזער ביז אויף מאָרגן זעקס אין דער פֿרי, און ווי איז געווען צו יענעם, וועמען די קאָזאַקן האָבן באַגעגנט נאָך דער באַשטימ-טער שעה.

די ביקסן איבערגעוואָרפֿן איבערן פּלייצע, די נאַהאַיקעס אָנ-געגרייט אין די הענט, פֿלעגן די קאָזאַקן אויף די ברוינע, טונקעלע פֿערדלעך שטיל זיך אַרויסלאָזן, ווי גנבים, אין דער ווינטערדיקער נאַכט אַריין. זיי פֿלעגן זיך באַהאַלטן, פֿאַרטאַיען, הינטער ראָגן און הייזער און וואַרטן טאָמער קומט אָן אַ קרבן.

אין דער נאַכט פֿלעגן הייזער אויפֿגעציטערט ווערן פֿון פּלוצ-לונגע שרעקלעכע געשרייען פֿון רוסישע ברוטאַלע זידלערייען, פֿון ציניש געלעכטער. מיט פֿאַרשטאַרבענע הערצער פֿלעגט מען זיך צוהערן צו דער שטיל-געוואָרענער נאַכט און מיט איינשטעלעניש

און הארצקלאפעניש ארויסגיין אויפהייבן דעם צעפאסעוועטן, צע-בלוטיקטן קרבן.

אבער פאר מיינע אויגן איז נאך אלץ געלעגן די פינסקער ווינטערדיקע לאנדשאפט און כ׳האב נאך אלץ געדענקט דעם פינ-סקער חברס ווערטער:

„דא פרירט ניט, דא שלאגן שטענדיק קוואלן...״

## 2. א פינסקער יינגל

עס איז געווען א שבת בייטאג. אין א בית-מדרש אויף די ליטישטשעס איז פארגעקומען אן אומלעגאלע פארזאמלונג פון יידישע ארבעטער. מיט אמאל זיינען אנגעפלויגן די קאזאקן אויף זייערע פערדלעך. די רעוואלוציאנערע „פאטרולן״, וואס זיינען געשטאנען אויף דער וואך, האבן קוים באוויזן אנצוזאגן, אז די קאזאקן קומען. דאך, האט דער עולם באוויזן זיך ארויסצוכאפן פון בית-מדרש, אבער גלייך אויפן גאס זיך אנגעטראפן מיט די קובא-נער און זייערע נאהאיקעס. דא זיינען די פינסקער פארקאנעס גע-קומען צו הילף. אומבאוואפנט ווי די פינסקער ארבעטער זיינען געווען, האבן זיי אבער געקאנט גוט שפרינגען. עס איז נאר געווען צו באוואונדערן, ווי זיי כאפן זיך אריבער איבער דעם הויכן היי-מישן פארקאן — מיט איין שפרונג און זיי זיינען אריבער!

און אזוי האט מען זיך גענומען ראטעווען פון אונטער די צעהיצטע קאזאקישע פערד. דוכט זיך, דער קאזאק יאגט זיך נאך א מענטשן און באגעגנט גאר א פארקאן... אין מיטן אימפעטיקן לויף גיט זיך דער קאזאקישער פערד א שטעל אוועק „דיבאם״ — אויף די הינטערשטע פיס פארן פארקאן, ווי ער וואלט וועלן אויך אריבערשפרינגען. דער פארקאן איז אבער צו הויך, אויף אן אמת צו הויך, ווייל דער קאזאק וואקלט זיך, מוז זיך איינקרעמפן מיט די קני אין פערדס זייטן — ניט ארויסצופאלן פון זאטל.

מיין קווארטיר איז צופעליק געווען אין אנהייב פון דער גאס, וואס האט געפירט פון שטאט צו דעם בית-מדרש. פון פענצטער האב איך געזען ווי די קובאנער רייטן צוריק נאכן איבערפאל אויף דער פארזאמלונג. אין די אויגן האט זיך מיר א ווארף געטאן

אַ קאָזאַק, וואָס רייט מיטן הוילן קאָפּ אָן זיין „קוטשמע". איך וואָלט עס זיכער ניט באַמערקט, ווען איך זע ניט, ווי קאָזאַקן היצן זיך עפּעס, פאָרן צו און פאָרן אָפּ פון קאָזאַק מיטן הוילן קאָפּ, הייבן עפּעס די נאַהאַיקעס, ווי זיי וואָלטן געסטראַשעט די גאַנצע וועלט און טומלען זיך.

אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, די קאָזאַקן זיינען אַוועק און איך האָב באַלד פאַרגעסן. עס נעמט ניט לאַנג, ווי איך וואַרף זיך צום פענצטער. אויפן גאַס האָט זיך ווידער דערהערט דער כאַראַקטע־ריסטישער טראָט פון קאָזאַקישע פערד. פאַרזיכטיק קוק איך אַרויס. איך זע, די קובאַנער לויפן דורך אין גאַלאָפּ צוריק מיט דער גאַס, ווי צום בית־מדרש צו. וואונדער איך זיך: וואו איז עס ווידער אַ פאַרזאַמלונג? אָדער פאַטרולירן זיי עס אַזוי אויסערגעוויינלעך די געגנט?

אַ חבר איז ראַשיק אָנגעקומען אויף מיין קוואַרטיר מיט אַן אויפגערעגטן פנים.

— אַרום בית־מדרש טוט זיך חושך...

— וואָסי?

— דאָרטן פליען אַרום קאָזאַקן, רייסן זיך אַריין אין די שטי־בער, שלאָגן, ממיתן...

— פאַרוואָס?

— דערווייל ווייס מען ניט...

— ווי קאָן עס זיין?

— זעסט דאָך... אַז איך וועל עפּעס וויסן, וועל איך דיר קומען זאָגן — איילט מיין חבר אַוועק.

אין פאַרלויף פון אָוונט האָב איך די קאָזאַקן געזען אפשר אַ מאָל צען קומען און אַוועקגיין.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט שוין די גאַנצע שטאָט גע־קלונגען, אַז אַ קאָזאַק האָט ביים צעטרייבן די פאַרזאַמלונג פאַר־לאָרן זיין קוטשמע — איצטער פאָדערן „זיי" פון די יידן, אַז מען זאָל זיי געפינען די קוטשמע — אַנדערש וועלן זיי חרוב מאַכן דעם גאַנצן קוואַרטאַל.

עס האָט זיך ניט געגלויבט, אַז אַזוינס זאָל גאָר מעגלעך זיין, אָבער דורכן פֿענצטער האָב איך ווידער דערזען די קאָזאַקן רייטן צו יענער געגנט. און באַלד האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די פּאָמיליעס, וואָס וואוינען אַרום בית-מדרש, פֿאַרלאָזן די הייזער אויף גאָטס באַראָט, לויפֿן צו אַנדערע יידן און בעטן, אַז מען זאָל זיי ראַטעווען.

פֿאַרנאַכט האָבן אויף דער „אַרבעטער-בירזשע" שוין אַלע געוואוסט, אַז די קאָזאַקן האָבן אַרויסגעשטעלט אַפּיציעלע פֿאָדערונגען צו דער קהילה: אין דריי טעג צייט געפֿינען די קוטשמע, אויב ניט וועלן זיי אָנהייבן מאַכן „נאַביעגן", איבערפֿאַלן, אויף דער יידישער באַפֿעלקערונג.

ווייל דער קאָזאַק, וואָס האָט פֿאַרלאָרן די קוטשמע, דערציילט, אַז ווען ביי אים האָט זיך געשטעלט דאָס פֿערד „דיבאָם" און די קוטשמע איז אַראָפּגעפֿאַלן, האָט זי אַ יידישער בחור, אַ הויכער, אַ ריז, אַ כאַפּ געטאָן און איז פֿאַרשוואונדן אויף יענער זייט פּאַרקאַן.

מען איז געלאָפֿן צו דעם הויפּט פֿון דער זשאַנדאַרמעריע נאָך שוץ, האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז מען וועט זיך אפֿשר קאָנען אויסקויפֿן מיט געלד. מיט עטלעכע טויזנט רובל, מיינט ער, וועט ער אפֿשר קאָנען איינשטילן דעם „געגרעכטן צאָרן" פֿון די קובאַנער.

און איצט בעט מען פֿון „שטאָט" ביי די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן זען געפֿינען דעם בחור מיט דער קוטשמע — ווייל — וואו וועט די אָרעמע קהילה נעמען אַזויפֿיל געלט?...

אין אַלע פּאַרטייען האָט מען געגומען נאָכפֿרעגן אויפֿן בחור. אָבער עס איז אַוועק אַ טאָג — און מ'האָט אים נישט געפֿונען.

דורכן טאָג האָב איך אַלץ אָפֿטער געזען די קאָזאַקן דורכרייטן הין און צוריק. קיינעם האָבן זיי ניט געטשעפּעט. דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע, מען זאָל וויסן, אַז זיי האָבן אָן דער פֿאַרלאָרענער קוטשמע ניט פֿאַרגעסן.

עס איז אַוועק נאָך אַ טאָג. די „שטאָט", האָב איך זיך דערוואוסט, זאַמלט שוין אויסקויף-געלט.

פּלוצלונג, עס איז געווען דינסטיק בייטאָג, קומט אַריין צו מיר אויפֿן קוואַרטיר אַן אומבאַקאַנטער יינגל פֿון אַ יאָר צען-צוועלף,

רופֿט מיך אָן מיט מיין פּאַרטיי־נאָמען און זאָגט, אַז ער וויל מיט מיר ריידן „קאָנספּיראַטיוו".

איך זע, פֿאַר מיר שטייט אַ מורזעוואַטער שלאַנקער ייִנגל, מיט שוואַרץ־פֿייערדיקע יידישע אויגן, מיט אַן אָפֿענעם רונדן גוטמו־טיקן פּנים, קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין און וואַרט.

— קאָנסט ריידן — זאָג איך אים. און מיר געפֿעלט זייער זיין שלאַנקער וואוקס, זיינע צעפּאַטלטע שוואַרצע האָר פֿון אונטער דעם פֿאַרפֿלדיקן היטל, זיין צוגעפּאַסטע קורצע קורטקע, די הויזן אין שטיוועלעך — ווער ביסטו?

— איך בין פֿון דער „קליינער גרופּע"...

— אַזוי... — שמייכל איך — איז וואָס ווילסטו?

— געבראַכט די קוטשמע...

כ׳בין געבליבן שטיין... אין אויפֿרעגונג האָב איך נאָר נאָכ־געפֿאָלגט זיין יונג הענטל, ווי עס קריכט אַריין אין בוזעם אונטער דער קורטקע און שלעפּט עפּעס אַרויס.

איך באַטראַכט עס: יאָ, אַ קוטשמע, אַ געוויינלעכע קאַזאַקן־קוטשמע, מיטן זילבערנעם צלם אויפֿן שפּיץ, נאָר שוין אַן אַלטע, אַן אָפּגעקראָכענע, ווי מען וואָלט זי דורות־לאַנג גענוצט.

— ווער האָט זי דיר געגעבן?

זיינע שוואַרצע אויגן האָבן שעלמיש אויפֿגעגלאַנצט, זיין ליב אָפֿן פּנים האָט אויפֿגעשיינט פֿון אַ שמייכל:

— איך האָב זי אַראָפּגעכאַפּט ביים קאָזאַק.

— מיינסט, זי איז ביי אים אַראָפּגעפֿאַלן...

ער איז געוואָרן ערנסט, זיך אויסגעגלייכט:

— אַראָפּגעכאַפּט...

— דו?

— יאָ.

— אַזוי ביסטו דאָס דער בחור, דער ריז? — האָב איך גע־לאַכט.

דער פּינסקער ייִנגל פֿון דער „קליינער גרופּע", ווייזט אויס, האָט ניט פֿאַרשטאַנען וואָס איך לאַך און מיר שטיל אָנגעקוקט.

— ווילסט דערציילן ווי אזוי? — בין איך געווען נייגעריק.
— בין געווען פון „פאטרול", וואס האט אנגעזאגט.
— נו?
— „ער" האט זיך אנגעהויבן נאך מיר יאגן. ביים פארקאן זיך אויסגעדרייט פון אונטערן פערדס פיס...

איך זע דעם יינגלס פנים ווערט בייז־פארביסן, די אויגן גלאנצן.
— אבער ער האט מיר „א צי געטאן" מיט דער נאהאיקע.
ווי, טאקע מיט דער נאהאיקע אזא יונגן יינגל ווי דו?
דעם יינגלס פנים ווערט פלוצלונג גליקלעך. ער ענטפערט מיט שטאלץ:
— כ'האב נאך די „קישקע" דא אויפן בארקע... — און ווייזט מיר אן מיט דער רעכטער האנט אויפן לינקן אקסל.
— טוט וויי?
— אביסל. איצט ארט מיך נישט. ווען ער האט מיר א צי גע־טאן, בין איך געווארן אין כעס, געבליבן שטיין. ער האט זיך א בייג געטאן נאכאמאל א צי טאן. דאס פערד האט זיך א הייב געטאן. זיין קוטשמע איז מיר אריין אין די אויגן. איך האב זי אראפגעכאפט און אוועק.
— וואס האסטו געוואלט מיט איר טאן?
— גארנישט, האלטן.
— און פארוואס האסטו זי איצט געבראכט אפצוגעבן?
זיין פנים, זיינע אויגן, זיינען געווארן אומעטיק:
— כ'זע די קאזאקן... איך קאן נישט...
און אזוי איז ער אוועק נישט דערזאגנדיק וואס ער האט געוואלט.

*

ווען דער יינגל איז אוועק, האב איך ווידער גענומען די קוטש־מע אין האנט. עפעס האב איך זיך נישט געקאנט אפרייסן פון איר. מיין מוח האט נישט געקאנט באנעמען, אז אט פאר דער אלטער שמאטע, זאל מען טערארייזירן א גאנצע באפעלקערונג. די קוטשמע מיטן זילבערנעם אפגעקראכענעם צלם אויפן שפיץ איז געווען פאר

מיר אַ סימבאָל, אַ מאָדנער סימבאָל פֿון דער רוסישער זעלבסט־הערשונג.

און ווידער, און ווידער האָב איך באַטראַכט די קוטשמע, זי אַרויפֿגעטאָן אויפֿן האַנט און זי געדרייט פֿאַר די אויגן, ווי איך וואָלט געווען דער געניטסטער קירזשנער, וואָס שפּיגלט זיך און האָט הנאה פֿון אַ שיינער קוטשמע.

אומגעריכט האָב איך דערפֿילט אַ האַרטע זאַך אונטערן אונטערשלאַק. איך עפֿן פֿאָרזיכטיק דעם ברודיקן, דורכגעשוויצטן אונטערשלאַק און דערזע אַ ביטעלע, ווי פֿון קעמל־פֿעל.

אַ קמיע...

איך עפֿן דאָס פֿעלענע ביטעלע און שלעפּ אַרויס אַ שריפֿט. פּאַמעלעך צענעם איך דאָס פּאַפּירל און לייען דעם „קירכלעך־סלאַווישן" לשון. איך פֿיל, אַז איך לייען עפּעס באַקאַנטע ווערטער, באַקאַנטע אויסדרוקן. איך כאַפּ זיך, אַז עס איז אַ קאַפּיטל תּהילים, יאַ, דער קאַפּיטל צ"א: „יושב בסתר עליון"... און ווייטער:

דו וועסט זיך ניט דאַרפֿן שרעקן פֿאַר נאַכט־געפֿאַרן...
פֿאַר אַ פֿייל, וואָס פֿליט בייטאָג...
פֿאַר פּעסט, וואָס גייט אַרום אין דער פֿינצטער...
פֿאַר אַ מגפֿה, וואָס פֿאַרוויסט אין מיטן טאָג...
ביי דיין לינקער זייט פֿאַלן טויזנט און ביי דיין
רעכטער צען טויזנט...

און אַזוי ווייטער...

פֿאַר מיר האָט די גאַנצע געשעעניש עפּעס אָנגעהויבן באַקומען אַ משונהדיקן זין: זאָל עס זיין צוליב דער קמיע — צוליב אונדזערן אַ קאַפּיטל תּהילים פּייניקט מען אונדז אַזוי?

עס איז געקומען מיין חבר. איך האָב אים איבערגעגעבן די קוטשמע מיט דער קמיע אונטערן אונטערשלאַק. ער האָט זי איבערגעגעבן דער „שטאָט" וואָס האָט נאָך אַלץ געמוזט צוצאָלן אַ געלט־קאָנטריבוציע, כּדי איינצושטילן די קאָזאַקן.

# געלט

## (אַ ניו־יאָרקער מעשה)

.1

אויף דער איסט סייד האָט זיך פֿאַרנומען דער ניו־יאָרקער הייסער, שטיקנדיקער פֿרימאָרגן.

מעקסי, שרה דער פֿרוכט־פּעדלערקעס ייִנגל, איז באַלד באַגינען, ווי אַ שיכּורער, אַראָפּגעקראָכן די שטיגן פֿון פֿינפֿטן שטאָק און זיך צוגעזעצט בײַם אַרײַנגאַנג אין האָל — כאַפּן פֿרישע לופֿט אַביסל...

די אָנגעגליטע טענעמענט־הײַזער האָבן זיך איבער נאַכט ניט אָפּגעקילט און ווי גיגאַנטישע אויוונס נאָך געפּאַרעט און געשטיקט.

מעקסל האָט זיך געפֿילט זייער שלעכט. אַ האַלבע נאַכט האָט ער זיך געהאַט אָפּגעוואַלגערט אויפֿן טראָטואַר מיט אַ רעקל צוקאָפּנס. אײַנשלאָפֿן האָט ער ניט געקאָנט. ס'איז געווען זייער ענג און דושנע. כּמעט אַלע אײַנוואוינער פֿון די טענעמענטס זײַנען געווען אויפֿן טראָטואַר. די עלטערע מענטשן זײַנען האַלב געזעסן, האַלב געלעגן, ווי זיי האָבן נאָר געקאָנט, אָן אויבערשטע קליידער, פֿאַרשוויצטע, מיט פֿונאַנדערגעשפּילעטע העמדער. דאָס קליינוואַרג האָט אויסגעפֿילט דעם איבעריקן פּלאַץ צווישן די גרויסע, זיך אַרומגעוואַלגערט און אַרומגעקראָכן...

ער האָט שוין אײנמאָל שיִר ניט געהאַט אײַנגעדרימלט, האָבן זיך אָבער פּלוצלונג אַ פּאָר עופֿהלעך אין די וועגעלעך אַזוי צעשריען, אַז וועגן דרימלען האָט שוין גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זײַן; דערצו האָט נאָך די אַלטע לאה זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן פּנים, און ער האָט דערזען, ווי זי זיצט עפּעס אויפֿן ברעג טראָטואַר מיט די פֿיס אין רינשטאָק, און דאָס האַרץ הייבט זיך בײַ איר אַזוי

מאָדנע הויך, הויך, און ביי יעדן אָטעם עפֿנט זי דאָס מויל, ווי זי וואָלט זיך געטרונקען... ס׳האָט אים געשראָקן.

שפּעטער, נאָך האַלבער נאַכט, אַז די מאַמע זיינע האָט זיך צו אים צוגעשלעפּט פֿון ערגעץ אַ פֿאַרשלאָפֿענע און אים אַרויפֿגעפֿירט אין הויז, האָט ער שוין גאָר אויפֿן גלעלגער קיין אָרט ניט געפֿונען. עפּעס האָט פֿון דער סטעליע געשלאָגן אַזאַ היץ, ווי דאָרטן וואָלט געברענט אַן אויוון.

איצט פֿילט ער זיך זייער שלעכט, אַזוי שלעכט, אַז ווען מען רופֿט אים אַפֿילו אין די „מואווים" וואָלט ער ניט געגאַנגען.

.2

קיין קינדער זעט ער נאָך ניט אויפֿן גאַס, נאָר גרויסע מענטשן גייען פֿאַרביי, ווישן פֿון זיך דעם שווייס און טוען אויס די רעקלעך. אָבער שפּילן זיך, פֿילט ער, קאָן ער סיי־ווי ניט. אָט ליגן אַזוי פֿיל ברודיקע קעץ אויף די קעסטלעך מיסט און גראָבן זיך דאָרטן. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער שוין מיט עפּעס אין זיי געטראָפֿן, איצט נעמט אים גאָר קיין חשק ניט אָן.

דער איטאַליענישער אייזמאַן האָט דורכגעשטופּט פֿאַרביי אַ וועגל מיט אייז. מעקסל האָט אים נאָכגעפֿאָלגט מיט די אויגן און באַזונדערס שאַרף דערפֿילט די היץ. ס׳האָט אים דערמאָנט אָן „קענדי־סטענד" אויפֿן ראָג: איצט אַן „אייז־קרים־קאָן" וואָלט דאָך געווען אַ מחיה... אָבער וואָס זאָל ער טאָן, אַז מער ווי אַ פּעני קאָן ער פֿון דער מאַמען ניט אַרויסקריגן? זי קאָן אים, זאָגט זי, מער אויף נאַשערייען ניט געבן, און אַן „אייז־קרים־קאָן" קאָן מען פֿאַר קיין פּעני ניט קריגן.

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן אַרויסקומען קינדער. מעקסל האָט געקוקט ווי ס׳פֿליט אַרויף פֿון קעלער־שטוב דעם דזשעניטאָרס קליין נעגערל. ער האָט מעקסלען אַרויסגעשטעלט אַ צונג, געמאַכט אַ מינע און זיך צעלייגט ווי אַ קעצל אויף דער זון. באַלד האָט זיך אַרויסגעקייקלט אויפֿן טראָטואַר דער בייכיקער, אָנגעגאָסענער בעני — אָן אַ היטל, אַ פֿאַרשוויצטער, און זיך אָנגעבלאָזן פֿון היץ. נאָך אים איז געקומען פֿעני מיט דער רויטער סטענגע און די שוואַרצע

האַר. אַט איז היימי מיט בענין — אַ צווילינג פון „טו־בי" (2טער קלאַס), און אַט איז די מאָגערע סערקע מיט די לאַנגע פיס אין קורצן קליידל.

באַלד זיינען אויך אָנגעקומען אייבי מיט סידנין, פון אַנטקעגן, די גרעסטע באַל־שפּילער אויפן בלאָק. סידני האָט געשלעפּט מיט זיך דעם באַל, אַ צעריסענעם, אַן אָנגעשטאָפּטן מיט שמאַטעס.

3.

— מעקס, קום! — האָט זיך אייבי צעפאָכעט מיטן באַל נאָך פון דער וויטן.

מעקסל האָט אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, האָט ער דערזען, אַז בוירנעלע דעם „אַלרייטניקס", מיטברילן אויפן נעזל, וואָס קוקט שטענדיק אַזוי „פאַני", קומט אויך אַרויס און גייט גלייך צו צו אים, האָט ער אָן אַלץ פאַרגעסן, נאָר בייז אָנגעשטעלט אויף בוירנעלען זיינע שאַרפע, שוואַרצע אייגלעך.

— ביסט טויב? — לויפט צו אייבי.

— שפּיל אַליין — האָט מעקסי גאָרניט געקוקט אויף אייבין און געוואַרט אויף בוירנען.

— דו ביסט אַ געפּגרטער — האָט אייבי אַ זעץ געטאָן דעם באַל אין דער ריכטונג צו סידנין.

— העלאָ, מעקסי — איז שיר ניט אַרויף בוירנעלע אויף מעקסלען.

— וואָס ווילסטו?

— גאָרניט.

— מיר פאָרן אַרוים אין קאָני־איילאַנד... — האָט זיך בוירנעלע אָנגעהויבן רימען. — מיינסטו מיר'ן זיך דאָ בראָטן אין היץ? כ'וועל דאַרטן פאָרן אַלע טאָג אויף אַ קאַרוסעל...

מעקסל האָט אים מקנא געווען, נאָר איין מאָל, פאַראַיאָרן, איז ער אַרויסגעפאָרן מיט זיין שול אין קאָני־איילאַנד און ער האָט גע־כאַפּט אַ „ראַיד" — האָט עס אים פאַרקלעמט און ער האָט בייז אַ זאָג געטאָן:

— ווערסט ניט פאָרן.

— איכ'ל יאָ פֿאָרן.

— ווען איר זאָלט פֿאָרן, וואָלט איר שוין געפֿאָרן.

— זונטיק פֿאָרן מיר. מאַמע האָט ניט געוואוסט, אַז ס'וועלן קומען היצן. מאַמע זאָגט, מיר וואָלטן שטענדיק געוואוינט אין קאָני־איילאַנד, ווען ניט די ביזנעס...

— וואָס דאַרפֿסטו? — האָט אים נאָך בייזער אונטערגע־בראָכן מעקסל.

— האָסטו שוין געזען אַראָפּגיין מעיען? — האָט בוירנעלע פּלוצלונג אַ פֿרעג געטאָן.

— וואָס דאַרפֿסטו זי? — האָבן ביי מעקסלען אויפֿגעבליצט די אויגן.

— גאָרניט.

— אָט גייט זי דאָך... האָט זיך בוירנעלע אַ כאַפּ געטאָן און נעוואָלט אַריין אין האָל.

## 4.

מעקסל האָט זיך געשווינט אויפֿגעשטעלט, האָט זיך אויסגע־דרייט צו מעיען, פֿאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג מיטן רוקן, אַז בויר־נעלע זאָל ניט קאָנען אַריין, און זי פֿריינטלעך אַ פֿרעג געטאָן:

— וואו גייסטו, מעי?

— די מאַמע האָט מיך געשיקט אַ גאַנג — האָט זי חנעוודיק אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. — אָ, ס'איז היים, מעקסי — האָט זי מיט אַ טיכעלע אָנגעפֿאָכעט איר רונד קאַרשן־פּנים.

— ווילסט אַן „אייז־קרים־קאָן"? — האָט זיך דורכגעשטופּט בוירנעלע.

— וואו קריכסטו? — האָט אים צוריק אַרויסגעשטופּט מעקסל.

— ס'איז דיין האָל?

— מיינער!

מעי איז אַרוים אין דרויסן.

— ווילסט אַן „אייז־קרים־קאָן"? — איז בוירנעלע צוגעלאָפֿן און אַ ווייז געטאָן אַ „דאַים" אויפֿן האַנט.

מעי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— דו ווערסט עסן דיין קאָן״? — האָט מעקסל איבערגעפרעגט מעיען.

— פאַרוואָס ניט? דיר וועט ער אויך געבן. כ׳וועל אים הייסן.

— איך דאַרף ניט — האָט זיך מעקסל אַ כאַפּ געטאָן צו בוירנען. — אַוועק פון מיין טראָטואַר!...

— ס׳איז ניט דיינער!

— יאָ מיינער. נעם אַרונטער די ברילן, וועל איך דיר ווייזן ווער מען עס איז — האָט זיך מעקסל אַוועקגעשטעלט אין פּאָזיציע.

בוירנעלע האָט זיך אַביסל איבערלייגט, געזען אָבער, אַז מעי וואַרט, האָט ער אַרונטערגענומען די ברילן.

באַלד זיינען אָנגעלאָפן: אייבי, סידני, בעני, ס׳איז געוואָרן אַ טומל. דאָס נעגערל האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. צו קיין געשלעג האָט מען ניט געוואָלט דערלאָזן.

— ס׳איז ניט ריכטיק — האָט מען אָפּגעשטופּט מעקסלען אָן אַ זייט — דו ביסט מיט אַ קאָפּ העכער.

— אָבער די זעלביקע יאָרן. מיר זיינען פון איין קלאַס — האָט זיך מעקסל געהיצט.

.5

פלוצלונג האָט זיך אויפגעהויבן איבערן גאַנצן בלאָק אַ פרייד־דיק געשריי ביי די קינדער.

דזשאָן דער פייערמאַן, מיטן שניט אויפן פּנים, איז אַרויס פון פייער־הויז באָדן די קינדער פון גאַס.

ער האָט אָנגעשטעלט די קישקע, אָפּגעדרייט דעם וואַסער־קראַן און וואַסער — קאַלט, פריש וואַסער האָט אַ פלייץ געטאָן אין דער אומדערטרעגלעכער היץ.

צוערשט האָט ער מיטן שטראָם קונציק אויסגעוואַשן די גאַס. דער שטראָם האָט אַוועקגעשלעפּט דאָס גאַנצע שמוץ פון ברוק, אַז קיין ברעקל באַנאַנע־שאָלעכץ איז ניט פאַרבליבן.

דער סמאָלענער אַספאַלט איז פאַרשוואונדן אונטער אַ וואַסער־דיקן שפּיגל, אונטער אַ לעבעדיקן טייך.

ווי אַ וואַסער־פאַל איז געפאַלען דער שטראָם פון דער הייך, זיך צעשפּרייט אין אַ פעכער פון וואַסער־שטויב — אין ברילִיאַנ־

טענעם שטויב, אויף וועלכן די זון האָט געשפּילט און געצירט אַ רעגנבויגן.

קינדער האָבן זיך איצט אַ לאָז געטאָן פֿון אַלע זייטן. מען האָט זיך דורכגעשריען פֿון פֿענצטער צו פֿענצטער, פֿון טענעמענט צו טענעמענט: מען באָדט די קינדער!

ווי ווילדע זיינען די קינדער געשפּרונגען אונטערן קאַלטן, אויס־געשפּרייטן שטראָם — ווער אין אַ באָד־קאָסטיום, און ווער גלייך אין די זאַכן; נישקשה, שפּעטער וועט זיך אויסטריקענען.

אָן געשלעג האָט מען פֿאַרגעסן. אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום וואַסער. אייבי מיט סידנין האָבן פֿאַר גרויס פֿרייד געוואָרפֿן דעם באַל אין דער הייך, די לאַנגע סערקע, אויף די דינע פֿיס, האָט ווי אַ בושל איין פֿיסל אונטערגעבויגן און פֿאַרוואונדערט אַרויפֿ־געלייגט אַ האַנט אויפֿן באַק. דער אַנגעגאָסענער בעני האָט זיך ווי אַ קייקל אַרונטערגעקוילערט אונטערן שטאַרקן, קאַלטן שטראָם. ס'האָט אים אָנגעהויבן טרייסלען, קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן און ווי אָן אָפּגעבריטער איז ער אַרויסגעשפּרונגען צוריק.

מעקסל איז שוין געשטאַנען אין אַ מאָדנעם אָנצוג, וואָס ער האָט גלייך אויפֿן שטעל פֿאַרוואַנדלט פֿון די הויזן און פֿון אַלטן וועסטל, און זיך באַרימט פֿאַר מעיען, וואָס האָט גאָר פֿאַרגעסן אָן דער מאַמעס גאַנג:

— זעסט — האָט ער זיך באַרימט — כ'קאָן דאָ מאַכן אַזעלכע וואַסער־קונצן, וואָס דו האָסט נאָך אין דיין לעבן ניט געזען.

— מיך לאָזט מען ניט... — האָט בוירנעלע אַביסל באַרימע־ריש, אַביסל מיט באַדויערן זיך אָפּגערופֿן. — די מאַמע זאָגט, אַלע שלעפּיירים באָרן זיך דאָ... איכ'ל זיך באָדן אין קאָני־איילאַנד...

— דאָ איז דאָס וואַסער טיפֿער ווי אין דיין קאָני־איילאַנד — האָט מעקסל בייז אַ קוק געטאָן, העלדיש אַ שפּיי געטאָן און מיט איין שפּרונג געווען אונטערן שטראָם.

שטאַרק איז געווען דער שטראָם און האָט שטייף געמאַכט די גלידער. די דינע וואַסער־שפּיזן האָבן געשטאָכן ווי נאָדלען און ניט געלאָזט שטיין אויף אָן אָרט.

וואָס ווייטער האָבן זיך די קינדער אַלץ מער צעשפּילט. דער זייטיקער, נייגעריקער עולם איז אַלץ מער געוואַקסן, און מידע, פֿאַרשוויצטע, האַלב מיט שפּאַס צוגעקוקט ווי די קינדער שפּרינגען און טאַנצן אונטערן שטראַם. ווער עס איז געקראָכן אויף אַלע פֿיר, ווער עס איז געריטן ביים צווייטן אויפֿן רוקן, און אַ גרויסע צאָל האָט זיך גאָר גענומען פֿאַר די הענט און געפֿירט אַ קאַראַהאָד מיטן שפּרינגענדיקן נעגערל אינמיטן.

## 6.

דורכן עולם האָט זיך צו דער פֿאָדערשטער ריי דורכגעשטופּט אַ געלער, פֿעטער מאַן, מיט אַ באַשפּרינקלט רויט פֿאַרשוויצט פּנים און מיט אַ צילינדער אין האַנט.

דערזען דאָס בילד, האָט ער זיך מאָדנע צעלאַזט אין אַ געלעכטער, געקוקט אַ ווײַלע און באַלד אַריינגערוקט די פֿעטע האַנט אין קעשענע, אַרויסגענומען אַ הויפֿן קליינגעלט און אַ שמיץ געטאָן אונטער שטראַם צו די קינדער:

— כאַפּט!

פּנים! — האָבן זיך די קינדער גיריק אַ וואָרף געטאָן אַלע מיט אַמאָל כאַפּן, אַליין ניט ווִיסנדיק פֿאַרוואָס.

— נאָך! נאָך! — האָט דער געלער געוואָרפֿן און זיך געקאַטשעט פֿאַר געלעכטער, זעענדיק ווי פֿון אַלע קינדער איז געוואָרן איין נאַסער, לעבעדיקער קנויל.

די פֿריילעכקייט, די לייכטקייט איז פֿאַרשוואונדן. דער שטראַם האָט געריסן, געקילט די גלידער; די קינדער, כאַפּנדיק די פּענים האָבן ניט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, האָבן זיך געשטיקט פֿון וואַסער, געראַנגלט זיך, געביסן, זיך אָפּגעריבן אָן דעם אַספֿאַלט און זיך צעבלוטיקט.

ביי מעקסלען האָבן זיך גאָר די אויגן צעברענט: ער וועט אָנכאַפּן פּענים מער פֿון אַלעמען. וועט ער מעיען קאָנען קויפֿן אַן „אייז-קרים-קאָן" אַזוי גוט ווי בוירני, נאָכדעם וועט שוין בוירני אָוועקפֿאָרן... און ער האָט זיך געוואָלגערט, געריסן זיך און געדראַפּעט.



...דורכן עולם האָט זיך דורכגעשטופּט אַ געלער פּעטער מאַן...
...אַרויסגענומען אַ הויפֿן קליינגעלט און אַ שמיץ געטאָן
צו די קינדער ..

(ז׳ 98)

דער עולם מיטן פעטן געלן בראש איז געוואָרן אַלץ לוסטיקער און אַלץ מער געקייכט פון געלעכטער, זעענדיק ווי דער גאַנצער קנויל קינדער פאַלט, ווי שיכּורע, הייבן זיך און פאַלן ווידער, האָבן נאָך אייניקע אָנגעהויבן ווארפן געלט. מען האָט שוין אָנגעהויבן ווארפן ניקלס, דאַימס.

דערזעענדיק אַזעלכע מטבעות האָבן זיך שוין גרעסערע אויך צוגעשאַרט. צוערשט האָט מען נאָר אויפגעהויבן די מטבעות, וואָס האָבן זיך צוגעקייקלט צו די פיס. באַלד איז מען שוין געשפרונגען אין די זאַכן אונטערן שטראָם און געריסן, געראַנגלט זיך פאַר די מטבעות — געשטופּט און געטראָטן דאָס קליינוואַרג...

מעקסל איז אַרוים מיט אַן אָפּגעטראָטענעם פוס. ער האָט אַזש געהונקען, אָבער מיט אַ זיגערישער מינע. אין פויסטל האָט ער געהאַלטן פאַרקוועטשט אַ מטבע.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מעיען און בוירנין, ווי זיי שטייען ביידע. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף זיין פעני, האָט ער דערפילט דעם גאַנצן ווייטיק פון דעם אָפּגעטראָטענעם פוס און איינגענורעט און צוהינקענדיק אַריין אין האָל.

דער דיקער געלער האָט נאָך אַלץ געלאַכט...

# מלחמה

.1

**די אידיליע פֿון דעם קליינעם גליקלעכן לאַנד**

אויף דעם וואַנדער-וועג פֿון פֿעלקער זיינען געלעגן דריי לענדער.

צוויי זיינען געווען גרויסע, שטאַרקע, מעכטיקע מדינות; מיט ריזיקע פֿעסטונגען און מאַסן סאַלדאַטן.

דאָס דריטע לאַנד, דאָס קלענסטע, איז געלעגן צווישן זיי, עפּעס מיט אַן איין-איינציקער, אַלטער פֿעסטונג, מיט ווינציק סאַלדאַטן, אָבער גליקלעכער פֿון זיי ביידן.

די שענסטע צייט פֿון יאָר איז געקומען, הייסע טעג און דופּ-טיקע לינדע נעכט. די ערד האָט געקוואָלן פֿון וואַרעמקייט און גליק. די ערד האָט פֿרוכט געבראַכט און אַלץ האָט געלעבט און געזונגען. אויף די פֿעלדער זיינען די זאַנגען פֿול געוואָרן. די אויבסן אין די סעדער האָבן זיך אָנגעגאָסן, און די אָפּגעקאָסעטע לאָנקעס האָבן זיך אויף-דאָס-ניי מיט בלומען פֿאַרפּוצט.

זעטיקע פֿייגל האָבן זיך אומעטום געגעסט, געצוויטשערט, געשפּילט. פֿון צווישן די ביימער, פֿון צווישן די גראָזן האָט זיך אַ געזאַנג געטראָגן, און געדוכט האָט זיך, אַז אַ זילבערנע סטרונע איז אָנגעצויגן אין דער לופֿט און זי וויברירט, זינגט אָן אַן אויפֿהער.

מיט די טייכן האָט די זון אַ שטראַלן-שפּיל געפֿירט; אין זייערע וואַסערן האָבן פֿאַרביקע פֿיש געשטיפֿט, רויִגן געוואָרפֿן און זיך געמערט.

דער פּויער האָט אין זיינע שייערן שוין אַ פּלאַץ פֿאַרן נייעם שניט געמאַכט. ער איז אויפֿן וועג אַרוים און זיין הויז באַטראַכט — אַ ירושה פֿון זיינע עלטערן. עס איז נאָך אָבער שטאַרק און

פעסט, און עס איז זיך צעוואקסן זיין הויז, עס איז גרעסער און שענער געווארן. אויף די גערטנער פול גרינס — האט ער זיך פאר־קוקט, און ס'האט געקוואלן זיין הארץ. אויף די פעטע לאנקעס — פול רינדער און שאף: גאט, ווי זיי פרוכפערן זיך! און ווען ער איז צו די פעלדער צוגעקומען, האט א שטילע פרייד ביי אים אין הארץ געפלאסן: זיינע עלטערן, ער, זיינע קינדער האבן די זעלביקע ערד געאקערט, מיט שווערער, שווייסיקער ארבעט האבן זיי זי פארזייט, אבער זי איז א טרייע. זי באצאלט זיי איצט כפל־כפלים.

און דער ים, דער גרויסער אומענדלעכער ים, האט פון דער ווייטער פרעמד די היימישע ברעגעס גרוסן געבראכט. שיפן און פעלקער האבן זיך פון אלע עקן וועלט אין די פארטן געצויגן און האבן דאס לאנד רייך געמאכט.

די בערג האבן קוילן און אייזן ארויסגעשפיגן. דימענטן און טייערע שטיינער האט מען אומעטום אין די שטעט און דערפער געשליפן. זאטע, געזונטע קינדער האבן זיך אין די שולן געלערנט, געשטיפט און געשפילט זיך אויף די גאסן און אין די פארקן. בחורים מיט מיידלעך האבן אויף די גאסן, אין די פארקן קאראהאדן געמאכט, געזונגען און געטאנצט.

שיין און גליקלעך איז געווען דאס לעבן אין דעם קליינעם לאנד. און די שאפנדיקע ארבעטער פון לאנד האבן מיט אנשטרענ־גונג און ווירדע געארבעט און געקעמפט פאר נאך א שענערן, נאך א גליקלעכערן לעבן.

נאר דער טויט האט פון א ווינקל שוין געלויערט. די נאטור האט געשאפן, מענטשן האבן געבויט... אבער דער טויט האט זיך פארגנבעט און שטיל מיט זיין עגבער שוין געבוירעט א לאך אין דער נאך ניט פארטיקער מענטשלעכער געביידע...

.2

## די מהומה

דאס איז דער טויט, אנגעטאן אין א מונדיר מיט גאלדענע קנעפ, מיט א קאקארדע אויפן שארבן, מיט לאקירטע שטיוול אויף די קנאכיקע פיס, מיט א בלאנקער שווערד אויף די לענדן, ארוס־

געקראָכן אין די צוויי מעכטיקע מדינות פֿון די פֿעסטונגס־לעכער, פֿון די שטאָלענע מײַלער פֿון די האַרמאַטן, און געגאַנגען צווישן די איינוואוינער און גערעדט:

— „איר זעט, אַריבער דעם קליינעם לאַנד די צווייטע שטאַר־קע מדינה? זי ווערט שטאַרקער פֿון אונדז, זי וועט פֿאַרכאַפּן דעם וואַנדער־וועג...״ און ווי אַ וואָרעם איז דער טויט אַריינגעקראָכן יעדן איינוואוינער אין האַרצן און געזויגן די נשמה: „האַלט מלחמה, דאָרט איז רויב אָן אַ שיעור...״

און אויך אין דער צווייטער מעכטיקער מדינה אַריבער דעם קליינעם לאַנד איז דער טויט געגאַנגען פֿאַרפּוצט אין אַ מונדיר, און געטייטעט מיטן ביינערדיקן פֿינגער און געוואונקען מיט די פּוסטע לעכער־אויגן צו די מענטשן:

„איר זעט אַריבער דעם קליינעם לאַנד די צווייטע שטאַרקע מדינה, זי וועט פֿאַרכאַפּן דעם וואַנדער־וועג... ביי איר איז רויב אָן אַ שיעור...״

און באַלד האָט זיך געשאַרט דער טויט צווישן די איינוואוינער פֿון די ביידע מדינות און צעשאָטן אַ דריבנעם, ביינערדיקן גערויש, ווי פֿון אַ פּויק:

„דער שונא קומט!״

די איינוואוינער פֿון ביידע שטאַרקע מדינות האָט אַרומגע־כאַפּט אַ מורא: דער שונא קומט, דער שונא קומט! ער מוז אַדורך דעם קליינעם לאַנד — וועלן מיר עס פֿריער פֿאַרכאַפּן!

און די מענטשן פֿון די צוויי גרויסע מלוכות האָבן זיך פֿאַר־ברידערט מיטן טויט. און ער האָט אַרומגעשפּאַצירט צווישן די מענטשן, פֿאַרפּוצט אין אַ מונדיר און צעשאָטן דעם דריבנעם ביי־נערדיקן גערויש, ווי דאָס דריבנע קלאַפּן אין אַ פּויק: „דער שונא קומט! דער שונא קומט!...״

---

אויפֿן קליינעם גליקלעכן לאַנד איז אָנגעפֿאַלן אַ פּחד. גלייך האָט די אַרבעט פֿון באַפֿעסטיקונג געקאָכט. פֿון פֿריען באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט איבער די פֿעלדער טויב געקלונגען דער רידל, און אין די וועלדער, פּאַרקן, אַלייען האָט פֿאַרביסן געגרילצט

די זעג; אויפֿן אָרט פֿון אויסגעוואָרצלטע ביימער האָט מען זאָרג־פֿול מינעס פֿאַרפּלאַנצט, און געוואַרט האָט מען אויף מענטשן־שונאים, וואָס זאָלן די מינעס מיט זייער בלוט באַפּייכטן, אַז דער טויט זאָל קאָנען שפּראָצן און געדייען.

## 3.

## דער חורבן

פֿון ביידע זייטן האָבן זיך איצט געררוקט די אַרמייען פֿון די מעכטיקע מדינות אויף דעם קליינעם גליקלעכן לאַנד. די שטעט האָבן שוין איצט אויסגעזען דערשלאָגן, דערשטיקט פֿון ליידן. גאַנצע גאַסן זיינען געשטאַנען פֿאַריתומט; די מויערן פּוסט אָן איינוואוינער — אמתע קברים־ביידלעך. יונגע מענטשן האָט מען ניט געזען; זיי האָט מען אַוועקגענומען אויף די שלאַכטפֿעלדער. די איבעריקע האָבן אַוועקגעוואָרפֿן די אַרבעט, זייער טאָג־טעג־לעכע באַשעפֿטיקונג און אָן ציל אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן. מענטשן האָבן ווי אין חלום געלעבט: געטראַכט, געגאַנגען, און יעדן האָט זיך געדוכט, אַז מען רעדט ניט דאָס, וואָס מען קלערט, און געקלערט האָט מען און געטראַכט וועגן טויט.

ביינאַכט איז געווען חושך־שטיל. מענטשן זיינען געשלאָפֿן אין די קעלערס; אין מיטן דער נאַכט פֿלעגן זיי מיט שרעק זיך צוהערן צום ברומאַלן, בויערנדיקן גערויש פֿון די צעפּעלינס. אָט באַלד וועט פּלאַצן אַ באָמבע אָן ווער ווייס וואו די שטיקער וועלן פֿאַרפֿליען?

ביטאָג פֿלעגן פֿאַרפֿאַלגן עראָפּלאַנען. ווי רויב־פֿייגל פֿלעגן זיי זיך טראָגן אין הימל און זייערע פּראָפּעלערס פֿלעגן זינגען אַ ליד פֿון טויט.

אויסגעהונגערטע, פֿאַרלאָזענע קעץ זיינען איבער די גאַסן אַרומגעקראָכן; מיט אַ רחמנותדיק מיאוקען זיינען זיי נאָכגעלאָפֿן די מענטשן טריט ביי טריט — ווי הינטלעך, און שטום געבעטן עסן...

און גרויסע מענטשן־פּראָצעסיעס האָבן זיך באַוויזן. דאָס זיינען די אַנטלאָפֿענע פּויערים געווען, וועלכע דער טויט האָט געיאָגט ווי איבערגעשראָקענע פֿייגל פֿון די פֿעלדער; ער האָט זיי געטריבן פֿון

דער סאַכע, פֿון דער בראַנע; און גיין פֿלעגן זיי אין זייערע בעסטע בגדים, יום-טובדיק געקליידט פֿון דעם גרויסן יום-טוב פֿון טויט, נאָר מיט קליינע אָרעמע פּעקלעך אין די הענט, אַלץ וואָס זיי האָבן באַוויזן מיטצונעמען, און מיט שטייגלעך געראַטעוועטע פֿייגעלעך. קיין איין קרעכץ, קיין איין טרער, נאָר גאָטס קללה האָט ביי זיי אין די אויגן געברענט...

און מענטשן-סאָלדאַטן פֿלעגן אַלץ אַוועקשטראָמען, אַלץ אַוועקשטראָמען. מאָדנע ערנסט פֿלעגן זיי גיין, אומעטיקע ווי צו אַ לוויה. מיליטער-אויטאָס פֿלעגן מיט רעש פֿאַרבייפֿליען און אַן אימה אָנוואַרפֿן. אַ ווייטיק האָט אַרויסגעשריען פֿון זייער ברומען, אַ פֿאַרלוירנקייט האָט זיך געפֿילט אין זייער אַרומלויפֿן הין און צוריק. זיי פֿלעגן מיטברענגען מיט זיך דעם שטויב און דעם ריח פֿון די שלאַכטפֿעלדער און אַוועקפֿירן צום טויט.

גרופּעס סאָלדאַטן פֿלעגן זיך ציען צוריק מיט בלוט דורכגעזאַפּטע באַנדאַזשן, מיט צעקרימטע פּנימער, מיט פֿיבער אין די אויגן, געאָרעמט און געפֿלאַכטן פֿון דעם גרויסן יום-טוב פֿון טויט...

.4

## די שלאַכט

געל-שוואַרץ איז דער הימל איבער דער באַפֿעסטיקטער שטאָט. אין דער רויכיקער, שטיקענדיקער לופֿט טראָגט זיך פֿאַרשרפֿעט פּאַפּיר, שפּענדלעך, שטיקלעך גלאָז. די הייזער האַלטן אין איין ציטערן: דזין, דזין, דזין... דער האָריזאָנט ברענט פֿון אַלע זייטן, זיילן רויך הייבן זיך צום הימל, קייקלען זיך איבערן ברוק. אין דער לופֿט טראָגט זיך מיט דונער דער רייטוואָגן פֿון טויט. אימעצער פּאַסעוועט אומרחמנותדיק דעם הימל מיט אַ שטאָלענער בייטש.

מחנות און מחנות טראָגן זיך אין ווילדן געלויף איבער די וואַלן איינע אויף די אַנדערע...

„צום זיג! שרייען די מחנות פֿון דער צווייטער מעכטיקער מדינה.

און מען האָט זיי צווייען געפֿונען אויפֿן וואַל, איינעם לעבן אַנדערן. איינער איז געלעגן קאָנוואולסיוו איינגעגראָבן מיט פּנים

אַראָפּ, מיט אַ פֿול מויל געביסענער ערד און מיט אַ שפּיז אין רוקן — דאָס איז געווען דער באַזיגטער.

דער צווייטער, מיטן פּנים צום הימל, מיט אַ דורכגעשאָסענעם האַלדז, מיט אַרויסגעשפּאַרט בלוט פֿון מויל, פֿון נאָז, פֿון די אויגן... דאָס איז געווען דער זיגער!

און אַזוי זיינען זיי געלעגן איינער לעבן אַנדערן, דער מיטן פּנים אַרויף און דער מיטן פּנים אַראָפּ... דער זיגער און באַזיגטער.

# אַ מעשה וועגן אַ גליטש

.1

אַלע חדרים פֿלעגן אונדזער חדר מקנא זיין. מיר האָבן געהאַט אַ גוטן רבין, טאַקע דעם בעסטן ביי אונדז אין שטעטל.

געוויינטלעך, דאָס וואָס מיר יינגלעך האָבן גערופֿן אַ גוטער רבי, האָט עס ניט געמיינט, אַז מיר לערנען זיך ביי אים אויס בעסער ווי אין אַנדערע חדרים. גערופֿן „גוטער" האָבן מיר אים דערפֿאַר, וואָס ער פֿלעגט אונדז קיינמאָל ניט שלאָגן, ניט ממיתן ווי די אַנדערע רביים די יינגלעך, ווער מער און ווער ווייניקער.

דעם אמת מוז מען אָבער זאָגן, אַז מיר האָבן זיך טאַקע ביי אים בעסער געלערנט אויך. נאָר עפּעס האָט ער קיין מזל ניט געהאַט אונדזער רבי; תּלמידים האָט ער געהאַט ווינציק, ווינציקער פֿון אַלע. די טאַטע־מאַמעס האָבן אים ניט ליב געהאַט. פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָבן מיר ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר פֿון אויפֿגעכאַפּטע ווערטער פֿון די עלטערע האָבן מיר געוואוסט, אַז זיי האַלטן אים פֿאַר אַן אָפּגעריסענעם נאַר.

ביי אונדז איז ער אָבער געווען דער קליגסטער אין דער וועלט. האָט אַ יינגל עפּעס אָפּגעטאָן אַן עוולה, פֿלעגט ער זיך באַלד אַ כאַפּ טאָן מיט ביידע הענט פֿאַרן קאָפּ, זיין פּנים פֿלעגט זיך שרעקלעך קרימען, ווי ער וואָלט געליטן דעם שטאַרקסטן ווייטיק, קוקן מיט שרעק און נעמען ביטער קרעכצן:

— איי,־איי,־איי, וואָס האָסטו געטאָן? וואָס האָ־ס־טו ג־ע־טאָן?!...

ער פֿלעגט אַזוי ביטער קרעכצן, און אַזוי ווייטיקלעך פֿאַרקרימען דאָס פּנים, און דער עיקר פֿלעגן זיינע קליינע קאַרע אויגן קוקן מיט אַזאַ יסורימדיקער שרעק, אַז עס האָט פֿאַרנומען ביים האַרצן

און ס'פֿלעגט שוין פֿאַרדריסן, פֿאַרוואָס מען איז די עוולה באַגאַנגען.

דעם אמת געזאָגט, שטאַרק פֿאַלגן פֿלעגן מיר אים ניט — מיר האָבן פֿאַר אים קיין מורא ניט געהאַט און פֿלעגן אים אַמאָל דערגיין די יאָרן אויך, אָבער דאָך פֿלעגט עס מיט אונדז בעסער אויסקומען, ווי אַנדערע רביים מיט אַנדערע קינדער. האָט ער זיך נאָר „צע־ווײנט" (מיר פֿלעגן עס רופֿן „ווײנען") מיטן באַוואוסטן אַי־אַי־אַי, פֿלעגט אונדז אמת פֿאַרדריסן פֿאַר אונדזערע שלעכטע מעשים.

מיר האָב אים נאָך ליב געהאַט דערפֿאַר, וואָס ער פֿלעגט אונדז ניט „יאָגן" מיטן לערנען און ליב האָבן אונדז צו דערציילן מעשות ביי יעדער ערשטער בעסטער געלעגנהייט פֿלעגט ער אונדז דער־ציילן אַ מעשה. ער פֿלעגט נאָך אַליין זוכן אַ געלעגנהייט אונדז עפּעס צו דערציילן.

שיין פֿלעגט זיין, ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן דערציילן אַ מעשה, און עס פֿלעגט אָנקומען אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע... ער פֿלעגט רויט ווערן, זיך דערשרעקן, האַסטיק אָפּרייסן און אונדז הייסן אַריינקוקן אין ספֿר אַריין.

מיר פֿלעגן אים אַרויסהעלפֿן אין אַזעלכע „אומגליקספֿאַלן". אין איין רגע פֿלעגן מיר שוין זיין פֿאַרטאָן אין אונדזערע ספֿרים און לערנען אויפֿן קול מיט אַזאַ התמדה, ווי מיר וואָלטן גאָר די גאַנצע צייט געווען פֿאַרטיפֿט אין לערנען, און ניט געהערט קיין מעשה.

נאָכדעם פֿלעגט ער זיך פֿילן אַביסל שולדיק און זיך צעזיפֿצן נאָכן אַוועקגיין פֿון דער מאַמען אָדער טאַטן:

איי, איי, איי, שלעכט!... נו, קינדער, לערנט, לערנט אַביסל...

עס פֿלעגט אים אָבער ניט העלפֿן. די מעשה האָט ער אונדז געמוזט ענדיקן, דעם סוף פֿון איר האָבן מיר שוין ביי אים אַרויס־געקראָגן

.2

ווינטער פֿלעגן מיר נאַכט און נאַכט דאַרפֿן לערנען אין חדר ביז נאָך ניין דעם זייגער. אין די פֿינצטערע נעכט פֿלעגן מיר אָנ־צינדן אונדזערע קאָלירטע פּאַפּירענע לאַמטערנעס און זיך אַרויס־לאָזן אין דרויסן.

אויסגעוואָרעמטע אין חדר פּלעגט אונדז דער פּראָסטיקער, פֿאַרשנייטער דרויסן שטענדיק דערשרעקן. עפּעס איז ער שטענדיק געווען אויסגעשטאָרבן. מיר האָבן געציטערט פֿון קעלט און פֿון נאַכטיקער מורא — פּלעגן מיר נעמען דרייען מיט אונדזערע פּאַ־פּירענע לאָמטערנעס איבערן קאָפּ און שרעקן די ווייסע פֿינצטער־ניש מיט אונדזער געזאַנג:

על ידי דוד
משיח צידקעכאָוויד...

דאָס פּלעגט אונדז צוגעבן מוט, ביז ביי איינעם פּלעגט זיך פֿון דעם דרייען אָנצינדן די לאָמטערנע גופֿא, און מיר פּלעגן אויפֿהערן צירקלען און זינגען און דערהערן די וויסטע בילעריי פֿון הינט ערגעץ אין דער ווייטער ווינטערדיקער נאַכט.

אין אַזעלכע ווינטערדיקע פֿינצטערע נעכט פּלעגן מיר גאָרניט וועלן אַוועקגיין פֿון חדר. בפֿרט ווען דער רבי פּלעגט אונדז עפּעס דערציילן. אַז ס'איז צייט געווען צו גיין אַהיים, האָבן מיר אונטער פֿאַרשיידענע תּירוצים פֿאַרצויגן די צייט. אַ פּאָר ייִנגלעך פּלעגן אַרויסטרעטן און זאָגן, אַז מען דאַרף זיי קומען „אָפּנעמען" און מיר אַלע וועלן שוין וואַרטן, כּדי צו גיין צוזאַמען... און דערווייל זאָל ער אונדז דערציילן נאָך עפּעס...

אונדזער חדר מיטן נידעריקן באַלקן איבערן קאָפּ, מיט די קליינע פֿענצטערלעך ביי דער סאַמע פּאָדלאָגע — די שייבלעך טאָפּלטע, אָנגעפֿרוירענע מיט אייז, די „קרייקעס" מיט אונטערגע־האַנגענע פֿלעשער, וואו דאָס וואַסער פֿון די פֿענצטער זאָל אַריינ־רינען, דער וואַנטיקער אויוון, מיט זיין וואַרעמקייט, דער אונטער־געהאַנגענער קעראָסין־לעמפּל, דער רבי אין לאַנגן קאַפּטן אַריבער־געבויגן איבערן טיש, ביי וועלכן מיר זיצן אַלע — אַלץ, אַלץ פּלעגט אונדז עפּעס וואַרעם איינטוליען, און אין דרויסן האָבן מיר גע־וואוסט איז די נאַכט, די ווינטערדיקע נאַכט...

3.

פּלעגן אָבער אָנקומען די פּראָסטיקע, ליכטיקע לבנה־נעכט, מיט שטערן אין הימל און מיט שטערנדלעך, שטערנדלעך, שטערנ־

דלעך אויפֿן שניי, מיטן סקריפּ און קלינגען פֿון שליטנס, פֿלעגן מיר זיך רייסן פֿון חדר אַרויס, אַפֿילו קיין מעשה ניט וועלן אויסהערן. די פֿיסלעך פֿלעגן בייסן: ווער פֿון אונדז האָט עס ניט געהאַט אויס־געשניצט אַ פּאָר „שיכלעך" און אונטערגעשמידט מיט אַ דראָט פֿון אַ פּאַראַסאָל אויף צו גליטשן זיך?

אונדזער חדר האָט געקענט די בעסטע קונצן אויפֿן גליטש. יעדער פֿון אונדז האָט געקאָנט זיך גליטשן „אויף איין פֿוס", „זיצנ־דיק", „זאָגנדיק שימיינעסרע", אָן שיכלעך און מיט שיכלעך... מיר זיינען טאַקע געווען שטענדיק די ערשטע אויפֿן גליטש, און אַנדערע חדרים פֿלעגן אונדז מקנא זיין:

— הערסט, זיי קענען, אַז זיי האָבן אַזאַ רבין. שטענדיק וואַל־גערן זיי זיך אויפֿן אייז...

אונדזער גליטש איז געווען אויפֿן שול־הויף. געגאַנגען איז דער גליטש באַרג אַראָפּ, צוזאַמען מיטן שול־הויף. פֿלעגן מיר זיך געבן אַ לאָז פֿון סאַמען עק ביזן רעכטן מיטן אויף איין פֿוס, אַזש ס'פֿלעגט קיל ווערן אין האַרצן... און איינער נאָכן אַנדערן, איינער נאָכן אַנדערן, נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד... האָט זיך ווען פֿאַרוואָלט מאַכן אַ „באַרג", פֿלעגט ער זיך אומישנע געבן אַ ציַ אויס, און דער „באַרג" איז געוואַקסן, איינער איבערן אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן.

4.

עס איז געווען אַזאַ אויסגעשטערנטע נאַכט, ווען מיר האָבן מיט אַ שעה פֿאַר דער „צייט" אַ זאָג געטאָן צום רבין:

— רבי, שוין גענוג לערנען, מיר ווילן זיך גיין גליטשן — און אָנגעהויבן פֿאַרמאַכן די „סוואַרבעס" (עשרים וארבעה).

דער רבי האָט זיך אויף זיין שטייגער אַ כאַפּ געטאָן מיטביידע הענט פֿאַרן קאָפּ און זיך „צעוויינט": אַיי, אַיי, אַיי! וואָס טוט איר? וואָס? וואָס טוט איר? וואָס וועלן זאָגן די מאַמעס, די טאַטעס אייערע? — זיי וועלן גיין פֿון די בתי־מדרשים און אייך דערזען...

— רבי, מיר וועלן...

— איר'ט ניט גיין! אַיי, אַיי, אַיי! וואָס ווילט איר טאָן?!

— רבי, מיר גייען...

— איר׳ט ניט גיין — זיצט בעסער, זיצט — שוין, כ׳וועל מיט אייך מער ניט לערנען, כ׳וועל אייך עפּעס דערציילן — אײַ, אײַ, די טאַטעס וועלן אייך דערזען...

— מיר גייען...

— איך זאָג אייך דאָך אַ מעשה, אַ מעשה מיט אַ גליטש...

— עפּעס אַ שיינע? — זיינען מיר געוואָרן נייגעריק.

— אײַ, אַ שיינע! פֿרעגט גאָרניט, נאָר זייט ניט קיין צעלאָזענע יינגלעך, ווי די פֿון דער מעשה — וועל איך אייך דערציילן...

און ער האָט זיך איבערגעבויגן אויף זיין שטייגער איבערן טיש.

.5

די מעשה האָט געטראָפֿן מיט מיינעם אַ רבין און מיט אונדזער גאַנצן חדר יינגלעך — האָט דער רבי אָנגעהויבן: — עס איז געווען דערמאָן איך זיך, אַזאַ נאַכט, ווי די היינטיקע, און אונדז האָט אויך געצויגן לויפֿן גליטשן זיך, איר, שקצים, ווייסט אָבער ניט וואָס פֿאַר אַ רבין מיר האָבן געהאַט, אײַ, אײַ, אײַ! איז דאָס געווען אַ כּעסן, איז דאָס געווען אַ רבי אַ כּעסן! און מער האָט אים טאַקע גערופֿן ר׳ מאָטעלע כּעסניק. אַ בייזער מענטש געווען, אונדז אַלעמען אויף לאַנגע יאָר.

הערט, מיר האָבן ביי אים שווערער געלערנט ווי איר, שקצים. היינט, אײַ, האָבן מיר געלערנט! זומער פֿלעגט ער אונדז פֿריער ניט אָפּלאָזן ווי צוגלייך מיט די בהמות פֿון פֿעלד — ווייל פֿאַרביי די פֿענצטער פֿון חדר פֿלעגן זיך אומקערן די שטעטלדיקע בהמות. און פֿאַרנאַכט, אַז אַלע חדרים זיינען שוין געווען פֿריי, האָבן מיר נאָך געוואָרט אויף די בהמות.

הערט, ביי אונדז אין חדר איז געווען אַ יינגל מרדכילע, אַ באַלעגאַלעס אַ יינגל — טאַקע דעם רבינס נאָענטסטער שכן. אײַ, איז דאָס געווען אַ מרדכילע! מיר פֿלעגן אַלע מורא האָבן פֿאַר אים, ער האָט געקאָנט אָפּטאָן אַלץ. און דער רבי אונדזערער, כאָטש אַ כּעסן, האָט פֿון אים געקייט די ערד, ווי איך פֿון אייך, שקצים, וואָס איר זייט. ער איז אָבער געווען אַ גוטער חבר און קיין זאַך איז

אים ניט צו שווער געווען. פלעגט ער זיך אין די זומערדיקע פאר־נאכטן ארויסגנבענען פון חדר, אוועק אויף דער פאשע, אפשלאגן א בהמה און דווקא מיט א גלאק, און זי פארבייטרייבן לעבן דעם רבינס פענצטער.

„רבי, רבי — פלעגן מיר נעמען שרייען, — מען טרייבט שוין די בהמות פון פעלד. אט גייט איינע...״

א פאר מאל האט זיך איינגעגעבן, ביז דער אמת איז ארוים.

הערט, מילא זומער ווי זומער, אבער ווינטער איז געווען אן אפקומעניש, איי, איז דאס געווען אן אפקומעניש אין די ווינטער־דיקע נעכט! קיין זייגער האט ער ניט געהאט, נאר ער פלעגט קויפן א חלבנע ליכט פאר א „פירער״ (4 גראשן) און אזא ליכט פלעגט קאנען אפברענען ביז האלבער נאכט — און ער האט אונדז פריער ניט אפגעלאזט, ביז דאס ליכט פלעגט אין גאנצן ניט אויס־ברענען.

איי, שקצים, וואס איר זייט! אייך איז גוט, אונז איז אבער געווען שלעכט. איי, איז דאס געווען אן אפקומעניש! א גליק, ער פלעגט אמאל צודרעמלען. ביי אונדז פלעגן זיך די אויגן א גאנצן אונט קלעפן, אבער בשעת ער האט נאר אויף א האר צוגעמאכט די אויגן, זיינען שוין אונדזערע אויגן געווען אפן און מיר פלעגן סקראבען דאס ליכט מיט די נעגל, מיט מעסערלעך, אז ס׳זאל ווערן דינער און ס׳זאל זיך גיכער אויסשמעלצן.

הערט, ממיתן פלעגט ער אונדז אן רחמנות. איי, איי, פלעגט ער אונדז ממיתן! ניט ווי איך אייך, שקצים! א כעסן איז ער געווען און א „קנייפער״. איי, איי, פלעגט ער קנייפן! ער פלעגט קאנען אויסקנייפן שטיקער פלייש.

הערט, איז אוועק איינמאל א גאנצער ווינטערדיקער הודש און ער האט אפילו קיין דרעמל ניט געטאן — ניט מיט אן אויג צוגע־מאכט, און דאס חלבנע ליכט פלעגט אפברענען ביז האלבער נאכט אריין. און דא, האבן מיר געוואוסט, גייט זיין א חופה ביי אונדז אין שטעטל. איר ווייסט ניט, שקצים, וואס אמאל האט געמיינט א חופה אין שטעטל. קינד און קייט פלעגן זיין אויפן שול־הויף. מען פלעגט זיך גליטשן, מען פלעגט ברענען שטורקאצן, און שפרינגען,

טאַנצן אויפֿן שול־הויף, און חדרים פֿלעגן מלחמה האַלטן מיט שניי־קוילן, פֿון וועלכן חדר מען זאָל צום ערשטן פֿאַרוואַרפֿן חתן־כּלה מיט שניי...

הערט, האָט דער גאַנצער חדר אונדזערער געציטערט. וואָס וועט זיין, אַז דער רבי לאָזט אונדז צו דער חופּה אויך ניט אָפּ, ער וועט ניט דרעמלען און דאָס חלבנע ליכט וועט זיך אַזוי אָפּברענען ביז האַלבער נאַכט.

האָבן מיר טאַקע געציטערט. אַיי, אַיי! האָבן מיר געציטערט! און דאָ דערנענטערט זיך די נאַכט פֿון דער חופּה.

און די נאַכט פֿון דער חופּה איז אָנגעקומען. איך געדענק, אַזאַ נאַכט ווי די היינטיקע. גלייך פֿון אָנהייב אָוונט זיינען מיר שוין געווען צעטומלט. אַפֿילו מרדכילע איז עפּעס געווען צערודערט, ניט אויף זיין שטייגער.

עס גייט אַוועק אַ שעה, צוויי, דער רבי דרעמלט ניט. כאַפּט זיך אַרויס מרדכילע:

„רבי, איר וועט אונדז לאָזן צו דער חופּה?”

„וואָס?! — האָט זיך דער רבי אָנגעצונדן — וואָס פֿאַר אַ חופּה? דו ווילסט אַ חופּה, וועל איך דיר באַלד געבן דרשה־געשאַנק...” און זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די „לאָקשן”.

דערהערט אַזעלכע רייד איז אונדז אַלעמען קאַלט געוואָרן. מיר האָבן אונטערן טיש אָנגעהויבן אַלע זיך איבערשטויסן מיט די פֿיס, קוקן אויף דעם וויסטן ליכט, קוקן אויפֿן רבין בגנבה, אפֿשר קלעפּן זיך ביי אים די אויגן...

„רבי, לאָזט אונדז צו דער חופּה...” — איז מרדכילע ווידער אַרויסגעשפּרונגען. ערשט מיר הערן אַ גוואַלדיקן קוויטש. אַיי, אַיי!... וואָסי? דער רבי האָט שטענדיק געהאַלטן מרדכילען אונטערן האַנט און האָט אים פֿאַר זיינע רייד אַריינגעלאָזן די פֿינגער אין קני...

מיר זיינען אַלע פֿאַרשטיינערט געוואָרן, אַריינגערוקט די אויגן אין די גמרות, ניט אַרויסגעקוקט, געלערנט הויך אויפֿן קול און אין האַרצן זיך שוין מיאש געווען. זאָל ניט די חופּה, אַבי ער זאָל זיך ניט צורירן צום קני.

פלוצלונג דערהערן מיר אַ שנאָרך, ווי איינער וואָלט שטאַרק אַ ציי געטאָן מיטן נאָז. מיר דערזען — אונדזער רבי האָט זיך ברייטלעך אָוועקגעלייגט די באָרד זיינע אויף איין האַנט און שלאָפט גאַנץ געשמאַק.

אַ נס, אַן אמתער נס, און מיר האָבן אָנגעהויבן קראַצן דאָס חלבנע ליכט.

אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט מרדכילע: מיר זאָלן שוין פאַרלעשן דאָס ליכט און מיר זאָלן שוין אַלע אין דער שטיל אַרויס פון חדר, זאָל זיין וואָס עס וויל, אַניט כאַפּט ער זיך אויף.

הערט! מיר האָבן פאַרלאָשן דאָס ליכט און זיך אַרויסגערוקט פון חדר און געמיינט, שוין פטור...

אָבער מרדכילע, איי, איז דאָס געווען אַ מרדכילע! האָט צו אונדז געזאָגט: וואַרט נאָר ווײַלע, כ'וועל אייך באַלד עפּעס ווייזן, און טאָמער וועט אימעצער פון אייך פאַרמסרן, וועל איך אים דערשטיקן...

ריידנדיק אַזוי, גייט ער צו צו זיין טאַטנס שטאַל, עפנט פונאַנ־דער דעם טויער און פירט אַרויס דעם „קיזשאַק", וואָס איז מיט צוויי וואָכן פריער ביי זיי געבוירן געוואָרן, און פירט אים צום רבינס טיר, הערט זיך איין אַ ווײַלע, עפנט אויף די טיר און לאָזט אַריין דעם קיזשאַק אין חדר אַריין צום שלאָפנדיקן רבין.

הערט! מיר אַלע כוחות האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן. איך גע־דענק, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. פאַרוואָס מיר זיינען אַזוי אַנטלאָפן, ווייס איך ניט, מסתמא זיך דערשראָקן. דאָס האַרץ האָט דערפילט, אַז עפּעס ניט גוטס איז אָפּגעטאָן גע־וואָרן, נאָכגעגעבן דעם יצר־הרע... און מיר זיינען נאָך אַפילו ניט דערלאָפן צום שול־הויף האָבן מיר דערהערט קולות פון רבינס גאַס:

„גוואַלד! אַ שׂרפה, עס ברענט! ראַטעוועט!"

פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן לויפן מענטשן.

הערט! מיר האָבן מורא געהאַט צו גיין אַהיים. איי, איי, האָבן מיר מורא געהאַט! אָט אַזוי האָט אַ גליטש מיט אַ חופה אַראָפּ־געפירט יינגלעך פון גלייכן וועג.



לאָזט אַריין דעם „קיזשאַק" אין חדר צום שלאָפֿנדיקן רבין...

(ז' 114)

— רבי, איר האָט נאָך אַ מעשה מיט אַ רבין? — האָט איינער פֿון אונדז אַ פֿרעג געטאָן.

— אײַ, שקצים! — האָט דער רבי פֿאַרקרימט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער — נו, מילא, גייט שוין, גייט שוין, סיי־ווי צייט!

# סידני

סידני האָט געדאַרפֿט פֿאַרשטעלן זיך די אויגן מיט זיין דאַר הענטל, זיי פֿעסט פֿאַרמאַכן און ער האָט געזען וואונדערלעכע זאַכן.

צוערשט פֿלעגט זיך פֿאַר אים פֿונאַנדערוויקלען אַ שוואַרצער סאַמעט. אויפֿן סאַמעט פֿלעגן זיך אויסשיטן גליענדיקע פֿונקען, פֿונקען ווי שטערן אויפֿן נאַכטיקן הימל. נאָכדעם פֿלעגט אַ פֿינקעלע־פֿינטעלע זיך אויסרייסן פֿון אָרט, ווי אַ פֿאַלנדיק שטערנדל, און זיך אַ לאָז טאָן גלייך צו אים. און וואָס נעענטער אַלץ גרעסער — גרעסער, פֿאַרביקער — ביז עס פֿלעגט פֿון אים ווערן אַ גרויסער קאָלירטער קויל, שענער פֿון דעם שענסטן זייפֿנבלאָז אויף דער זון, און עס פֿלעגט פּלאַצן פֿאַר די סאַמע אויגן, פֿאַרן סאַמע נעזל...

באַלד פֿלעגן אַרויסקומען געשטאַלטן, מאָדנע געשטאַלטן, נאָר צו קאַטשען זיך פֿון געלעכטער קוקנדיק אויף זיי, עפּעס טאַנצנדיקע, שפּרינגענדיקע, מיט לאַכנדיקע פּנימער און ווינקענדיקע אויגן, אמתע לצים. פֿלעגט זיך אים פֿאַרוועלן לאַכן, נאָר עפּעס האָט ער מורא געהאַט: ער האָט שוין געוואוסט, אַז נאָכדעם קומען די, וואָס מאַכן אים צו שרעקן זיך.

און האָט ער נאָר אַ קלער געטאָן, אַ־האַ, זיי זיינען דאָ! האָרבאַטע, מיט לאַנגע בערד, מיט בייזע פֿייערדיקע אויגן... און פּלוצלונג דערזעט ער ווי הענט ציען זיך צו אים, ווילן אים אָנכאַפּן... ער ווייס, אַז ער דאַרף נאָר אַוועקכאַפּן די האַנט פֿון די אויגן, און ער איז פּטור פֿון זיי, אָבער ער קאָן ניט אַוועקנעמען די האַנט: עפּעס איז זי צוגעוואַקסן צו די אויגן. און ער רופֿט צעשראָקן:

— מאַמע, מאַמע!

גיט זיך די מאַמע אַ בייזער:

— וואָס איז שוין דאָרטן?

ערשט איצט כאַפּט ער אָוועק די האַנט. אַלץ פאַרשווינדט, ער זיט אַפּ דעם אָטעם, נאָר פאַר די אויגן פינקלען נאָך פונקעלעך שטערנדלעך.

ביינאַכט פלעגט ער עס טאָן. אין שטוב איז טונקל, אומעטיק. ניטאָ מיט וואָס צו שפּילן זיך. זעלטן, ווען ער בעט שוין אַפילו דער מאַמען קויפן אים עפּעס. ער ווייס שוין, די מאַמע וועט ענטפערן:

— עס סטייעט מיר ניט אויף בילכערע זאַכן. כ׳האָב ניט אויף שיכלעך פאַר דער קליינער, און דיר, אַ צען־יאָריקן בחור, ליגט נאָר ווייסט וואָס אין זינען.

ס׳פאַרדריסט אים: שטענדיק שיכלעך פאַר דער קליינער: ווילט זיך אים זאָגן:

רייטשלס ברודער האָט מען געקויפט אַ קליינעם וועלאָ, ריכ־טיק ווי אַ גרויסער, אויף אַ צוויי רעדער, און ער האָט דריי שוועסטערלעך, אָבער ער ווייס: די מאַמע וועט זיך צעשרייען מיט האַרץ:

— כ׳האָב דיר שוין טויזנט מאָל געזאָגט, אַז דו קאָנסט זיך מיט לייטן ניט פאַרגלייכן. דו האָסט קיין טאַטן ניט און יענע האָבן טאַטעס.

רעדט ער גאָרנישט, שווייגט ער. גייט ער אַפּ אַ פאַרטראַכטער. אַז ער דאַרף שוין גאָרניט. אַ דאגה האָט ער: ער קאָן זיך פאָר־שטעלן וועלכע זאַכן ער וויל.

אָט האָט ער ביי רייטשלען געזען, ווען ער איז געקומען צו זיי נאָך „לאונדרי״ (אין דער פרייער צייט פון סקול אַרבעט ער פאַר אַ וואַשהויז), ווי זי פאַרזעצט אַ מין ציבעלע אין אַ שיסל פול מיט שיינע שטיינדעלעך. זי האָט אים אַליין אַ רוף געטאָן ווייזן. צום אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אָן אמתע ציבעלע; אָבער דערביי איז שוין געשטאַנען נאָך איינע, מיט אויסגעוואַק־סענע, שלאַנקע בלעטער־שטעקלעך, מיט שיינע וויאָלעטע בלים־לעך־בעכערלעך.

— גיב אַ שמעק — האָט זי אים געזאָגט.

אַ מחיה געווען אַ שמעק צו טאָן.

— דו האָסט ניט אַזאַ... — האָט זי געזאָגט.
האָט עס אים פֿאַרדראָסן. פֿרעגט ער זי:
— געדויערט לאַנג דאָס וואַקסן?
זאָגט זי שטאָלץ:
— געוויס, לאַנג.
— און ביי מיר קאָן עס אויסוואַקסן אין איין מינוט — באַרימט ער זיך.
וואונדערט זיך רייטשקע: ס׳קאָן נישט זיין.
פֿאַרמאַכט ער די אויגן, לייגט אַרויף דאָס הענטל. ערשט ער זעט, די ציבעלע צעעפֿנט זיך אין אַ רגע, שפּראָצט, וואַקסט גרוים, דיק, הויך. עס ווערט אַ גאַנצער בוים, און דער בוים צעצווייגט זיך, צעצווייגט זיך, און די וויאָלעטע בלימלעך־בעכערלעך שיטן זיך אַרוים אָן אַ שיעור, אָן אַן ערך. עס שמעקט וואונדערלעך, און קאָלירטע פֿונקעלעך ווי פֿייגעלעך פֿליען, פֿליען צווישן.
רופֿט ער אוים:
— זע נאַר!
פֿרעגט זי:
— וואָס?
זאָגט ער איר:
— פֿאַרמאַך די אויגן.
— שוין.
— גוט פֿאַרמאַכט?
— גוט.
— לייג אַרויף אַ האַנט.
— שוין.
— גוט אַרויפֿגעלייגט?
— גוט.
— זעסט די ציבעלע?
— איך האַלט דאָך פֿאַרמאַכט די אויגן, טו ווי קאָן איך זען?
— ענטפֿערט זי.
— מען דאַרף זען די ציבעלע.
— כ׳זע ניט...




— מען קאָן זען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן
— דו ביסט אַ בלינדע...

(ז' 121)

אים ווילט זיך זייער, זי זאָל זען. מאַטערט ער זיך מיט איר אויף אַלערליי וועגן, ביז וואַנען זי ווערט ברוגז:

— מען קאָן ניט זען מיט פאַרמאַכטע אויגן.

און ער גיט, ווי אַ גרויסער, אַ מאַך מיטן הענטל:

— דו ביסט אַ בלינדע.

צו רייטשקען וואָלט ער אָפּט געלאָפן. ער וואָלט צוואַנציק מאָל אַ טאָג געלאָפן צו זיי אין הויז נאָך „לאונדרי", כאָטש אַזוי האָט ער ניט ליב דאָס אַרומלויפן איבער די שטיגן און שלעפן די פעקלעך, און אַנדער מאָל צו שווערע פאַר זיינע דאַרע הענטלעך. מיט רייטשקען טרעפט ער זיך ביי דער סקול אויך. נאָר רייטשקעס מאַמען האָט ער ניט ליב. עפּעס קוקט זי אויף אים אַזוי מאָדנע, ער קאָן דאָס ניט פאַרליידן. אים דוכט, אַז זי זוכט די לעבער ביי אים אין קאַפּטל, די לאַטעס אויף די הויזלעך און שיכלעך. דערזעט ער זי, דערפילט ער אַלע ריסן ביי זיך אויפן קאַפּטל. פּרובירט ער פאַרשטעלן מיט אַ הענטל, האָט ער אָבער ניט אַזוי פיל הענטלעך; דרייט ער זיך אוים צו איר מיט איין זייט, מיט דער צווייטער און געפינט זיך קיין אָרט ניט.

און ווען זי זעט, אַז רייטשקע רופט איר צו, פרעגט זי שטענדיק אַלץ דאָס אייגענע:

— רייטשקע, ער גייט דאָס מיט דיר אין איין סקול?

— מיר זיינען אין איין קלאַס, מאַ.

רייטשקע געפעלט אים טאַקע.

---

לויפט ער איבער דער קאַלטער גאַס מיטן פעקל „לאונדרי". טר... טר... קלאַפּן די ציינדלעך; ס'איז קאַלט. קוים וואָס ער פאַרשטעקט די הענטלעך אין די אַרבל, אויפגעשטעלט דאָס קאָלנערל. טר... טר... קלאַפּן די ציינדלעך... ער וועט אָפּגעבן דעם פעקל „לאונדרי", און דער נעקסטער „קאַסטימער" וועט זיין רייטשקעס הויז מיט רייטשקען האָט ער שוין אַזוי לאַנג ניט גערעדט, עפּעס ביי דער סקול דרייט זי זיך אַוועק פון אים, אין שטוב ביי איר וועט ער שוין מיט איר רעדן. אָבער פאַרוואָס איז אַזוי קאַלט?

סע שטעכט אין די שפּיצן פינגער, אין די אויערן. פאַרוואָס איז ניט װאַרעמער?

דער פּאַק האָט זיך אַ רוק געטאָן, שיר ניט אַרויסגעפאַלן. ער איז געבליבן שטיין. ווי קאַלט! ווען איצט איז זומער!

און ס'פאַרבענקט זיך אים אַזוי! ס'פאַרווילט זיך אים דער זומער, און ער פאַרקוועטשט די אויגן... ס'ווערט אים וואַרעם און פריי אין די גלידער, ס'שמעקט די גאַס מיט זומערדיקן שטויב און מען גייט ניט אין סקול...

האָט אים ווער אַ שטויס געטאָן: שטיי ניט אין וועג! האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געלאָפן ווייטער, די הענטלעך אין די אַרבל, דאָס קאַלנערל אַנגעשטעלט מיטן באַמבלדיקן פּעקל „לאָונ-דרי" אויף צופריער. טרר... טרר... קלאַפּן די צײנדלעך.

---

אַרײנגעלאָפן:

— מיסטער לאָונדרימאַן, איר וועט מיר איצט געבן דאָס פּעקל צו מיסעס גאָלדפאַרב...

— ניין, דאָרטן קאָן איך דיך ניט שיקן.

— פאַרוואָס?

— דו קאָנסט דאָרטן ניט קלינגען דאָס גלעקל; צום אָנהייב קלינגסטו, אַז מען קאָן דיך קוים דערהערן; נאָכדעם, אַז מען ענטפערט דיר ניט אַזוי גיך, קלינגסטו עטלעכע מאָל, ווי אויף אַ שׂרפה...

— שיקט מיך, מיסטער לאָונדרימאַן, כ'וועל שוין קלינגען גוט...

— כ'קאָן ניט, שיר אַ קאָסטימער פאַרלאָרן. אַנגעזאָגט מען זאָל דיך מער ניט שיקן.

— וועל איך מער ניט גיין פאַר אײך...

— וועלן מיר זען, וואָס דײן מאַמע וועט זאָגן, דו וועסט קריגן דײן חלק, וועסטו בעסער ווערן...

---

שוין לאַנג, אַז ער האָט ניט געזען רײטשקען: זי גייט שוין מסתמא אין סקול אין אַן אַנדער צײט. ער איז אַוועק צו אַן אַנדער

„לאַנדרימאַן", כאַטש די מאַמע האָט געשריען, זיך געבייזערט. דער ערשטער האָט בעסער געצאָלט.

קלערט ער, אַ רחמנות אויף דער מאַמען. געדאַרפֿט אָנקומען צוריק צום ערשטן. וואָרים וואָס דאַרף ער רייטשקען? ער דאַרף זי ניט... אָט האָט ער אַ לאָמפּן־געשעפֿט; שטייט אין פֿענצטער אין מיטן צווישן די אַלע שיינע עלעקטרישע לאָמפּן אַ ליאַלקע אין אַ ראָזעווער קליידל, ווי אַ לעבעדיקע, אין גאַנצן געראָטן אין רייטשקען, נאָר אַזאַ קליינינקטשע, אַ רחמנות אויף איר...

---

קומט אָן דער אָוונט, צינדן זיך אָן די עלעקטרישע לאָמפּן אין פֿענצטער. לויפֿט ער שוין, צי מיטן פּעקל, צי אָן פּעקל. און זי שטייט אין מיטן צווישן די אַלע שיינע קאָלירטע לאָמפּן. זי אַליין לייכט זיך אין גאַנצן אין איר ראָזעווער קליידל. דאָס פּנימל אירס שמייכלט, זי איז אָן אמתע רייטשקע! די ראָזע הענטלעך אירע מיט די דינע פֿינגערלעך ציען זיך צו אים...

קוקט ער לאַנג... קוקט זיך אָן און גייט שפּעט אַהיים...

# טויבן

מיר צוויי, איך און מיין עלטערער ברודער, זיינען געשטאַנען הינטער אַ בוים און געציטערט.

מיר האָבן דערוואַרט צו כאַפּן פּאָר אונדזער טויבנשלאַק אַ גאָלדיק-גרינע טויב, וואָס איז פֿאַרפֿלויגן און צוגעשטאַנען צום כּמרס (קוימערס, גלחס) טויבן, און געציטערט האָבן מיר: דעם כּמרס פּאַראָבקעס (דינער) זאָלן אונדז ניט כאַפּן, צונעמען ביי אונדז די היטלען און שלאָגן.

מיר האָבן נאָך געהאַט צו ציטערן, טאָמער דערזעט אונדז עמעצער אַ באַקאַנטער און דערציילט אונדזער שטרענג-שטרענגען טאַטן.

דאָס איז געווען אין אַ ווינטיקן זומערדיקן פֿאַרנאַכט אויף אַ פּליכעוואַטן שטיק פֿעלד ביים ברודיק-ווייסן פּאַרקאַן פֿון קלויס-טער מיט די צעוואַקסענע לינדן און בערעזעס אַרום.

איך און מיין ברודער זיינען געווען אַזוי פֿאַרקאָכט צו כאַפּן די גאָלדיק-גרינע טויב, וועלכע האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט צווישן די איבעריקע טויבן, אַז מינוטנווייז פֿלעגן מיר פֿאַרגעסן אָן אַלץ, פֿאַרגעסן אַפֿילו מורא צו האָבן. און אונדזערע אויגן זיינען נאָר נאָכגעגאַנגען דעם גראַציעזן גאַנג פֿון דער טויב. נאָכגעפֿאָלגט די ראָזע פֿיסלעך, די אימפּעטיקע קליינע טריטלעך. געזען נאָר דאָס פֿאַרביקע שטאָלצע קעפּל, וואָס נייגט זיך אַזוי חנעוודיק ביים גאַנג און פּיקט, פּיקט, פּיקט פֿון דער ערד.

פֿלעגט אָבער אַ רים טאָן דער ווינט, אַ שויבער טאָן די קעפּ פֿון די לינדן, אָדער אַ פֿלאַטער טאָן אין די בלעטער און צווייגן פֿון די בערעזעס און מיר פֿלעגן בלייבן צוריק די דערשראָקענע: דאָס לויפֿט שוין מסתמא אימעצער פֿון די פּאַראָבקעס...

אין מיטן פֿליכעוואַטן שטיק פֿעלד זיינען אַרומגעגאַנגען דעם כּמרס טויבן, זיך אַרומגעדרייט פֿאַר אונדזערע אויגן, זיך געמישט, איבערגעפֿלויגן, געוואָרקעט און געפּיקט.

אַביסל אָן אַ זייט איז געלעגן אַריינגעקלאַפּט אין דער ערד אונדזערס אַ רייפֿעלע, גאָר אומשולדיק אַרומגעשאָטן מיט אַרבעס, אָבער מיט אַ סך שלייפֿלעך פֿון שטאַרקע פֿערדן־האָר, וואָס מיר האָבן אומישנע פֿאַר דעם געריסן אין מאַרק־טאָג ביי די פֿערד פֿון די ווײדלען.

מיר האָבן דערוואַרט: זאָל די גאָלדיק־גרינע טויב נאָר וועלן פּיקן די אַרבעס אַרום רייפֿל, וועט זי שוין מוזן אַריינשטעקן אַ פּיסל, אַ נאָגעלע אין אַ שלייפֿל. זי וועט זיך פֿאַרטשעפּען, דערפֿילן דאָס שלייפֿל און וועלן אַוועקפֿליען. אָבער דאָס שלייפֿל וועט זיך פֿאַר־ציען, זי פֿעסט צוהאַלטן צום רייפֿל און אַזוי וועלן מיר זי האָבן, זי וועט זיין אונדזערע.

די גאָלדיק־גרינע טויב האָבן מיר ניט געוואָלט פֿאַרכאַפּן ביים כּמר. זי איז ניט געווען זיינע. די טויב איז געווען אַ פֿרעמדע, אַ נאָלאָטנע, וואָס איז געקומען פֿון ערגעץ צו פֿליען און איז צוגעשטאַנען גראָד צום כּמרס טויבן.

מיר האָבן דאָס אַליין געזען.

דאָס האָט געהאַט פּאַסירט מיט עטלעכע טעג פֿריער. איך, מיין ברודער, און נאָך ייִנגלעך, וואָס האָבן אונדז געהאָלפֿן פֿאַר־טרייבן אונדזערע טויבן אויף נאַכטלעגער, זיינען געזעסן ביים ברעג טייך. מיר האָבן זיך גענוג אָנגעלאָפֿן און אָנגעשטיפֿט און אויסגעמאַטערטע האָבן מיר זיך צעזעצט וואו איינער האָט געקאָנט, אויף אַ שטיין, אויף אַ קלעצל, אָדער אויף דער הוילער ערד. מיר זיינען נאָך געווען צעהיצט פֿון אַרומיאָגן זיך און מיר האָבן נאָך ווייטער געטענהט, געלאַכט און זיך באַרימט, אָבער ביסלעכווייז האָבן מיר זיך איינגעשטילט, אַפֿילו די לעבעדיקסטע פֿון אונדז זיינען געוואָרן עפּעס ווי פֿאַרטראַכט.

דאָס האָט דער זומערדיקער פֿאַרנאַכט אַפּגעטאָן דעם כּישוף און אונדז ייִנגלעך איינגעשטילט.

מיר — קליין, דער הימל — גרויס, הויך, טיף. איין זייט ברענט און דער גאַנצער הימל איז פֿול קאָלירן. שטיל. פֿאַר די אויגן וויגן זיך ריטמיש זיילן קאָמאַרעס (מאָסקיטאָס): אַרויף־אַראָפּ, אַראָפּ־אַרויף... עפּעס לאַשטשעט אונדז און וויגט אונדז איין אונטערן שטילן גערויש פֿון טייך.

זיצן מיר שווייגנדיקע, פֿאַרטראַכטע, קוקן צו דער ערד און פֿילן גאָר דעם הימל. קוקן צו דער ערד און פֿילן וואָס עס טוט זיך הויך איבער אונדזערע קעפּ. פֿליט אַ שוואַלב צום נעסט און מיר דערפֿילן עס גלייך און הייבן די קעפּ און קוקן נאָך דעם זיגזאַגישן פֿלי.

האָט זיך אַ פֿלעדער־מויז אַרויסגעלאָזט פֿון גערויש אין אָוונט אַריין און מיר קוקן נאָך איר צעדרייט, פֿלאַטערדיק פֿליען. און קוק! קוק! אַנדערע פֿון אונדז שפּרינגען אויף. ווילדע גענדז אין אַ שאַרפֿן דריי־עק ציען הויך אין הימל, ערגעץ איבערן טייך. זיי שווימען אין דער לופֿטן, ווי איבער אַ וואַסער. די גענדז פֿאַרשווינדן רואיק, שווימענדיק. אַ באַטשאַן פֿליט דורך און לאָזט זיך אַרונטער אין קרייזן אויף אַ בוים. און דער זומערדיקער פֿאַרנאַכט כּישופֿט ווייטער זיין כּישוף. ער צעזעצט אונדז ווידער באַרואיקטע, פֿאַר־טראַכטע. מיט אַמאָל אַזאַ שטילקייט! קיינער פֿליט ניט מער. שוין אַלע פֿייגל אין די נעסטן. דער גרויסער הויכער הימל איז ליידיק, פּוסט!

ביי איין ראַנד איז נאָך געבליבן אַ ליכטיק ראָזער פּאַס. און ס׳גייט אָן אַ שטומע פֿאַרבן־שפּיל. מיר קוקן פֿאַרגאַפֿטע. אַנטקעגן, ווי פֿון דער זייט האָט דער אָוונט־שטערן אַ פֿינקל געטאָן גרויס, ליכטיק און שיין.

און מיט אַמאָל, ווי עפּעס וואָלט אונדז אַ צי געטאָן, האָבן מיר עטלעכע פֿאַרריסן די קעפּ:

קוק! ס׳פֿליט נאָך...

און אמת. אין סאַמען מיטן הימל שוועבט אָן איינציקער פֿויגל, איין איינציקער פֿויגל.

מיט פאַררייסענע קעפּ קוקן מיר נאָך. קוקן ווי אונטערן גרויסן באַלד־נאַכטיקן הימל פליט איין איינציקער פויגל. ווי קומט אַ פויגל אַזוי שפּעט צו פליען?

הויך־הויך איבער אונדזערע קליינע קעפּ, דוכט זיך, אַז דער פויגל פליט ניט, אַז ער הענגט אין דער לופטן, אָבער מיר ווייסן, אַז ער פליט און איז ניט אַזוי קליין, ווי עס קוקט אויס און טאַקע:

דער פויגל הייבט אָן פּלוצלונג פאַלן ווי אונטערגעשאָסן. ער קוילערט זיך אין דער לופטן ווי אַ שטיינדל, פאַלט נידעריקער, נידעריקער, אָט וועט ער אַרונטערפאַלן צום סאַמען טייך און מיט אַמאָל ער פליט שוין ווידער גלייך מיט רואיקע אויסגעשפּרייטע פליגלען.

— אַ ווערפל־טויב! — האָבן מיר אויסגעשריען.

אַ פּאָר יינגלעך האָבן זיך נאָך ניט געגלויבט און זיי האָבן זיך געאַמפּערט, געקלערט צי איז עס ניט עפּעס אַנדערש.

אָבער דער פויגל איז שוין נידעריק פאַרבייגעפלויגן איבער אונדזערע קעפּ און אַלע האָבן מיר דערזען, אַז עס איז אַ טויב.

— ס'אַראַ ווערפל־טויב! געזען, ווי זי האָט זיך געקיילט?!

די טויב האָט זיך געדרייט און געדרייט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע.

מיר האָבן איר נאָכגעקוקט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און דערזען ווי זי לאָזט זיך אַרונטער לעבן קלויסטער.

— צום כּמרס טויבן! — האָבן איך און מיין ברודער אויס־געשריען.

ביי אונדז איז אַוועק אַ שפּאַרעניש: אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע דעם כּמרס אַ טויב, נאָר זי האָט זיך אָפּגעשלאָגן און איצט איז זי געקומען צוריק. אַנדערע ווידער, אַז זי איז אַ פרעמדע, אַ פאַרבלאָנדזשעטע פון צווייטן ברעג טייך.

איך און מיין ברודער זיינען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ פרעמדע טויב... דעם כּמרס טויבן האָבן מיר געהאַלטן אויפן אויג און געקענט יעדע פון זיי.

נאָר מיר וועלן שוין זען... און געברענט פון אומגעדולד, אַז ס'זאָל שוין זיין מאָרגן פאַרנאַכט.

וואָס איך און מיין ברודער האָבן געהאַלטן אויפֿן אויג דעם כּמרס טויבן, דאַרף קיין וואונדער ניט זיין. מיר ביידע זיינען געווען פֿאַרקאָכט אין טויבן, און ווען ס'וואָלט זיך געוועגדט אָן אונדז, אָן מיר און מיין ברודער, וואָלט ביי אונדז די גאַנצע שטוב געווען פֿול מיט טויבן. מיר וואָלטן קיין אַנדער זאַך ניט געטאָן, ווי נאָר געקראָכן אויף בוידעמער, געקלעטערט איבער די דעכער און גע־האָדעוועט טויבן.

עס האָט זיך אָבער ניט אין גאַנצן געוועגדט אָן אונדז... דער טאַטע האָט אויך געהאַט אַ דעה! און נאָך אַ וואָסערע! מיר פֿלעגן אַלע ציטערן פֿאַר זיין בליק, אַפֿילו די מאַמע. ער פֿלעגט נאָר דאַרפֿן, ווי מיר האָבן עס גערופֿן, „גוט אַ קוק טאָן" און עס איז געווען גענוג מיר זאָלן בלייבן געליימטע.

ער פֿלעגט זיך אין אַזאַ פֿאַל אויסגלייכן אין מאָדנער עקשנות, צענעמען מיט די פֿינגער די שווואַרצע געדיכטע באָרד, גאָרניט ריידן צו אונדז, נאָר מיט איינגעגעסענע אויגן אַ זאָג טאָן דער מאַמען:

— זאָג זיי... איך וועל קאַטעוועון.

דער מאַמען פֿלעגט דער טאַטע באַשולדיקן אין אַלע חסרונות, וואָס ער פֿלעגט געפֿינען ביי אונדז, ביי מיר און מיין ברודער. ער פֿלעגט זאָגן, אַז מיר זיינען געראָטן אין איר... אַ גליק נאָך וואָס דער טאַטע איז געווען זייער אַ פֿאַרנומענער מענטש, אַ ייד אַ וואַלד־סוחר, און ער פֿלעגט מער זיין ערגעץ אַנדערשוואו ווי אין דער היים.

און אַז דער טאַטע איז ניט געווען אין דער היים, האָבן מיר אָפּגעלעבט. געטאָן, וואָס מיר האָבן געוואָלט. צו דער מאַמען פֿלעגן מיר זיך ניט צוהערן. די מאַמע פֿלעגט אונדז אַפֿילו סטראַשען, אַז זי וועט אויף אונדז דערציילן דעם טאַטן. אָבער ניט גענוג וואָס זי האָט ניט דערציילט פֿלעגט זי פֿאַר אונדז זיך נאָך איינשטעלן. אָבער דאָס האָט ניט שטענדיק געהאָלפֿן, און מיר האָבן פֿאַרן טאַטן זייער שטאַרק מורא געהאַט. קען מען שוין פֿאַרשטיין, אַז אונדזער טויבנשלאַק איז אונדז אָנגעקומען מיט גרויסע צרות. אָנ־געהויבן האָבן מיר אים אין אַ צייט, ווען דער טאַטע איז אַוועק־

געפֿאָרן און מיר האָבן געוואוסט, אַז ער וועט זיך זאַמען אין וועג. אַפֿילו פֿאַר דער מאַמען האָבן מיר עס אין אָנהייב געהאַלטן בסוד, כאָטש זי האָט שטאַרק ליב געהאַט צו האַלטן אין שטוב הינט, קעץ, הינער, קאַטשקעס, גענדז, אַפֿילו אַן אינדעטשקע פֿלעגט זיך אַרומדרייען און זיך בלאָזן אַרום שטוב.

אַז דער טאַטע איז געקומען און זיך דערוואוסט, אַז ביי אונדז אויפֿן בוידים אונטער דער סטרעכע איז אַ טויבנשלאַק, האָט ער זיך צעבייזערט: — פֿייגעלעך, טייבעלעך פֿליען שוין ביי אייך אין קאָפּ? וואָס איז מיטן לערנען? און ער האָט „געקוקט" אויף דער מאַמען.

מיר האָבן געוואוסט, אַז דער טאַטע וועט באַלד אַרויספֿאָרן מיטן לערנען און פֿאַר זיין קומען, האָבן מיר זיך אין חדר נאָך מער געסטאַרעט. מען זאָל צו אונדז קיין טענות ניט האָבן.

די מאַמע, וואָס האָט שוין געהאַט ליב געקראָגן די טויבן נאָך אפֿשר מער ווי אירע הינער און קאַטשקעס, האָט גענומען איינ־טענהן מיטן טאַטן:

— וואָס אַרט דיך, אַז זיי האָבן טויבן? וועמען שאַדן זיי? קיין עסן קאָסט ניט, זיי געפֿינען שוין אַליין.

— און דאָס לערנען? — האָט דער טאַטע אַריינגעלאָזן שטרענג די האַנט אין באָרד.

— קלאָגן זיך דען אויף זיי די מלמדים? זיי רימען דאָך זיי, גאָט צו דאַנקען. און איך זאָג דיר, אַז עס איז אַ מחיה צו קוקן אויף טויבן...

— גאָר געראָטן אין דיר... — האָט דער טאַטע בייז אָפּ־געהאַקט דער מאַמען, — גאָר די מעשה מיטן הונט, האָסט שוין פֿאַרגעסן?

און דער טאַטע האָט געמאַכט אַ פֿאַראַכטלעכע מינע.

מיר זיינען געשטאַנען פֿאַרציטערטע, ווייל ביים דערמאָנען „די מעשה מיטן הונט", האָבן מיר שוין געוואוסט, אַז די מאַמע וועט רויט ווערן, אַנטשוויגן ווערן, און אַרונטערלאָזן די אויגן.

און דאָ ווי אויף צו להכעיס, דערשיינט נאָך דער העלד פֿון דער מעשה — אונדזער הינטל מוציק אַליין. ער קוקט אַרויס פֿון

ערגעץ און שטעלט זיך קוקן אויפֿן טאַטן, ווי איינער פֿרעגט: האָסט מיך גערופֿן? ווייל דערהערט נאָר מוציק זיין נאָמען אָדער דאָס וואָרט „הונט", „הינטל", מוז ער אַרויסקומען פֿאַר די אויגן, צי מען דאַרף אים צי ניט. איך און מיין ברודער ווינקן צו מוציקן ער זאָל אַוועק. מען דאַרף אים ניט, זאָל ער דאָ ניט זיין אַ לעבע־דיקער עדות קעגן דער מאַמען. אָבער מוציק זעט קיין זאַך ניט, שטייט און קוקט הינטיש אויפֿן טאַטן...

— זעסט, גרינג אויף דערמאַנען, ער איז דאָ... — רעדט טאַקע דער טאַטע מיט בייזן שפּאַט, „קוקט" אויף דער מאַמען און ווייזט מיטן פֿינגער אויף מוציקן, — געדענקסט די מעשה מיט אים?...

דערהערט אַזוינע רייד פֿון טאַטן האָבן מיר אין האַרצן זיך אָפּגעזעגנט מיט אונדזער טויבנשלאַק, ווייל „די מעשה מיטן הונט" איז געווען אַזאַ, כאָטש די מאַמע האָט ליב געהאַט איר קאַץ, אירע הינער און קאַטשקעס, האָט זי אָבער מער פֿון זיי אַלע ליב געהאַט מוציקן ביי אונדז אין שטוב. האָט דער טאַטע זי שטענדיק אויס־געלאַכט פֿאַר איר שוואַכקייט. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, פֿלעגט ער טענהן, אַז נאָך אַ באַלעבאַטישער יידישער פֿרוי זאָל נאָכלויפֿן שטענדיק אַ הונט. אין שטוב דער הונט, צום קצב דער הונט, אין קראָם דער הונט! דאַרפֿסט אים נאָך, זאָגט ער, מיט־נעמען אין בית-המדרש צום דאַווענען...

אין דער אמתן איז מוציק ניט געווען קיין הונט, נאָר אַ הינטל, אַ געל-ווייסלעך הינטל מיט קלוגע ברוינע, געטרייע אויגן, און ווי שטאַרק ער איז געווען צוגעבונדן צו אונדז, איז ער צו דער מאַמען געווען נאָך מער צוגעבונדן. ער פֿלעגט פֿון איר אַ טריט ניט אָפּ־טרעטן. האָט זיך געמאַכט, אַז די מאַמע איז אַמאָל אַוועקגעפֿאָרן אין אַ צווייט שטעטל אויף אַ חתונה, האָט מוציק אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעוויינט. צוערשט האָט ער זיך געריסן אַרויסצולויפֿן. געזען אָבער, אַז ער איז פֿאַרשפּאַרט, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט וויינען און ביינאַכט געלאָפֿן צו אונדזער בעט, געבולן, געהאַווקעט און געשלעפּט אונדז ווייזן, אַז די מאַמע איז ניטאָ אין שטוב.

האָט באַדאַרפֿט טרעפֿן, אַז מיט אַזאַ מוציקן זאָל זיך אויסלאָזן נאָכן טאַטנס רייד. מוציק, וואָס האָט געוואוסט, אַז אין דער ווייבערשער שול טאָר ער דער מאַמען ניט נאָכגיין, איז איינמאָל אַ שבת, ווי משוגע געוואָרן און אַריינגעלאָפֿן אין מיטן דאַווגען צו דער מאַמען אין שול אַריין. וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן! די ווייבער האָבן אָנגעהויבן שרייען, ליאַרעמען. מען האָט אים געוואָלט פֿאַרהאַלטן. מוציק האָט זיך אָבער אַרויסגעדרייט פֿון הענט, זיך דורכגעשלייכט פֿאַרביי פֿיס און גלייך צום מזרח, וואו די מאַמע האָט געהאַט איר „שטאָט".

די גאַנצע ווייבערשע שול האָט גענומען שרייען צו מוציקן. מער האָט גענומען צו אים ריידן גויאיש: „פּאַשאָל, סאָבאַקאַ!" עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. מוציק האָט זיך דערקליבן צו דער מאַמען, און זיך געגעבן אַ צי אויס פֿאַר אירע פֿיס.

די מאַמע האָט נאָכדעם דערציילט, אַז ווען זי האָט פּלוצלונג דערזען מוציקן לעבן זיך, איז זי שיר ניט געשטאָרבן פֿאַר חרפּה. אין שטעטל האָט מען אַ היפּש ביסל גערעדט וועגן דעם, נאָך אַ גליק, וואָס דער טאַטע איז יענעם שבת ניט געווען אין דער היים.

אָבער ווען דער טאַטע איז געקומען צופֿאָרן, האָט ער זיך דערוואוסט די מעשה מיט מוציקן און האָט שוין געהאַט דער מאַמען וואָס אויפֿצוואוואַרפֿן.

אונדז פֿלעגט עס שטענדיק פֿאַרדריסן. מיר האָבן געוואוסט, אַז די מאַמע אַליין האָט באַלד נאָך יענעם שבת געוואָלט פּטור ווערן פֿון הינטל, נאָר עס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן, ווייל וואָס האָט זי געקענט טאָן מיט אים? אים אַוועקגעבן? קיינער פֿון אונדזערע יידן האָבן אים ניט געוואָלט נעמען. באַקאַנטע גויים האָבן געהאַט זייערע אייגענע הינט. אַנדערע האָבן געעצהט: דערטרינקען...

די מאַמע האָט אַזש פֿאַרבראָכן די הענט: ווי אַזוי רעדט מען גאָר אויס אַזוינס! ביז ס'האָט זיך געפֿונען אַ קלוגער און האָט פֿאַרזיכערט דער מאַמען, אַז אויב מען זאָל נעמען מוציקן, אים פֿאַרבינדן די אויגן, ער זאָל גאָרניט זען, אים אַריינזעצן אין אַ שיפֿל, און די גאַנצע צייט פֿון איבערשיפֿן, אים ניט לאָזן אויס־

דרייען דעם קאָפּ אויף צוריק, וועט ער פֿאַרלירן דעם זכּרון. ווייל אַ הונט מוז אויף אַזאַ אופֿן פֿאַרלירן דעם זכּרון. און ווען מען וועט אים דאָרט איבערלאָזן, וועט ער שוין ניט וויסן אויף וואָסער וועלט ער איז און זיך מער קיינמאָל ניט אומקערן צוריק.

די מאַמע האָט אַזוי געטאָן, אָבער פֿאַרן אַוועקפֿירן אים, איז ביי אונדז, קינדער, געווען תּשעה־באָב. מיר האָבן אַפֿילו מוציקן באַהאַלטן, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פֿון באַהעלטעניש און אַליין אַוועקגעלאָפֿן צו דער מאַמען. מיר האָבן געוויינט און געשריען, אָבער די מאַמע האָט אים פֿאַרבונדן די אויגן, זיך אַריינגעזעצט אין שיפֿל. דער איבערפֿירער האָט צוגעבונדן מוציקן אַזוי, אַז ער האָט אין קיין פֿאַל ניט געקענט אומדרייען דעם קאָפּ און גענומען אים איבערפֿירן אויפֿן צווייטן ברעג.

אומעטיקע, צעוויינטיקטע האָבן מיר, איך און מיין ברודער, זיך אומגעקערט אַהיים: ניטאָ מער מוציק...

געוויינטלעך וואָלטן מיר געגאַנגען צום טייך אָפּוואַרטן דער מאַמען. מיר זיינען אָבער געווען אין כּעס און געקוקט אויפֿן טייך דורכן פֿענצטער, צי דאָס שיפֿל קומט שוין צוריק.

און מיט אַמאָל — מיר גלויבן ניט אונדזערע אויגן — פֿון בריק־זייט, מיטן ברעג טייך לויפֿט אַ הינטל. אונדז איז אין האַרצן איינגעפֿאַלן: מוציק!

מיר זיינען אַרויסגעלאָפֿן און געפֿלויגן אים אַנטקעגן. מיר האָבן אים פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿראַגן: וואו איז די מאַמע? ווי אַזוי? וואָס? אָבער מוציק קאָן ניט ריידן, נאָר די צונג שטעקט ביי אים אַרויס פֿון שווערן לויפֿן און ער לאַסטשעט זיך און דרייט מיטן עק.

מיר האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן, געבראַכט אין שטוב און באַהאַלטן, האָט ער אָבער נאָר דערפֿילט דער מאַמעס קומען מיטן שיפֿל, האָט ער זיך ווידער אַרויסגעקראָגן פֿון באַהעלטעניש און איר אַרויסגעלאָפֿן אַנטקעגן.

די מאַמע, אַז זי האָט דערזען מוציקן, איז זי געבליבן אַ צעמישטע, ווי זי וואָלט דערזען אַ מת פֿון יענער וועלט. זי שווערט זיך, אַז זי האָט אים גוט פֿאַרבונדן די אויגן און ער האָט בשום אופֿן ניט געקאָנט אומדרייען דעם קאָפּ.

— מאַמע — רופֿן מיר אויס, — מיר האָבן אים געזען לויפֿן פֿון באַן־בריק, דאָס איז ער מסתּמא געלאָפֿן אַרום און אַרום.

און די מאַמע איז שוין ווידער מאַמע — זי קוועלט אָן פֿון מוציקן. הערסט אַזאַ חכם אַ הונט: אים געפֿירט מיט פֿאַרבונדענע אויגן און מיטן קאָפּ צו יענעם ברעג און ניט פֿאַרלוירן דעם זכּרון! אַי די מעשׂה אין שול, איז דאָך דער טאַטע ניטאָ דערוויל אין דער היים, און אויף ווייטער וועט זי מוציקן שוין היטן.

איצט, אַז מיר האָבן דערהערט ווי דער טאַטע וואַרפֿט ווידער אויף דער מאַמען די מעשׂה מיט מוציקן און דערזען דער מאַמעס פּנים, האָבן מיר אין האַרצן זיך שוין געזעגנט מיט אונדזערע טויבן. דער טאַטע וועט שוין אויפֿן טויבנשלאַק ניט איינגיין. ער קלערט, אַז פֿון די טויבן קאָן ער נאָך האָבן אַזוינע בזיונות, ווי פֿון מוציקן. אָבער פּלוצלונג האָט דער טאַטע אונדז אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס לערנט איר איצט?

— ישעיה.

— וואָס פֿאַר אַ קאַפּיטל?

— קאַפּיטל מ׳.

— זאָגט אים נאָר איבער אויף אויסווייניק. פֿריער ער און דערנאָך דו...

דער טאַטע האָט ליב געהאַט, אַז מיר זאָלן קאָנען אויסווייניק דאָס וואָס מיר לערנען פֿון „סוואַרבע" (עשׂרים וארבעה). האָבן מיר ניט געקענט, פֿלעגט ער אַריינקומען אין שרעקלעכן כּעס. די מלמדים אונדזערע האָבן שוין אויך געוואוסט זיין שוואַכקייט און פֿלעגן אונדז מאַטערן. איצט פֿאַר זיין קומען, האָבן מיר אַליין געזען — מיר זאָלן קענען אויף אויסווייניק, מיר זאָלן אים געפֿעלן. אַז ער האָט אונדז איצט אַ זאָג געטאָן: זאָגט דעם קאַפּיטל מ׳... וועלכן מיר האָבן גוט געקענט, האָט אונדז אין האַרצן גענומען קלאַפּן פֿאַר פֿרייד. אָבער דאָך זיך געשראָקן. איך ווייס ניט ווי מיין ברודער, אָבער איך האָב אין האַרצן געבעטן גאָט, אַז דער זכות פֿון ישעיה הנביא זאָל אונדז ביישטיין, מיר זאָלן זיך ניט פֿאַרהאַקן ביים זאָגן אויף אויסווייניק דעם קאַפּיטל מ׳ און ניט פֿאַרלירן דעם טויבנשלאַק.

דאָס פֿאַרהערן איז אַריבער בשלום און דער טאַטע האָט אונדז נאָכן פֿאַרהערן מער גאָרניט געזאָגט וועגן די טויבן. ער האָט נאָר מוציקן אַ טרייב געטאָן פֿון זיך, ווען דאָס הינטל האָט זיך גענומען לאַסטשען צו אים.

מיר האָבן מוציקן בייז אָוועקגעטריבן: זאָל ער ניט קאַליע מאַכן דעם טאַטנס שטימונג, און געווען פֿול מיט פֿרייד: אונדזער טויבנשלאַק איז אַ געראַטעוועטער, דעם טאַטן אַרט ניט. איצט וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן מאַכן אַ טויבנשלאַק...

---

מיר האָבן זיך טאַקע אַ נעם געטאָן. אונדז האָט זיך געגלוסט, אַז אַלע טויבן פֿון אַרום זאָלן זיין אין אונדזער טויבנשלאַק. מיר האָבן זיך באַקענט מיט אַלע טויבנשלאַקן און באַזונדערס מיט די טויבן פֿון כּמר, צו וויסן וויפֿיל, וואָס און ווען... צו וואָס מיר האָבן דאָס באַדאַרפֿט, האָבן מיר אַליין ניט געוואוסט, נאָר עס האָט אונדז געצויגן...

איז דען אַ וואונדער, אַז מיר האָבן דערזען ווי די ווערפֿל-טויב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן קלויסטער, האָבן איך און מיין ברודער זיך קוים דערוואַרט אויפֿן מאָרגנדיקן פֿאַרנאַכט? מיר האָבן שוין געוואָלט זיין אויפֿן פֿעלד לעבן קלויסטער, וואו דעם כּמרס טויבן גייען אַרום און פּיקן.

אויף מאָרגן, באַלד נאָכן חדר, זיינען מיר שוין דאָרטן געווען. ערשט זי איז טאַקע דאָ, די ווערפֿל-טויב. מיר האָבן נאָך אַזאַ שיינע טויב ניט געזען: אַ גאָלדיק-גרינע און עס מיניען זיך ביי איר אַלע קאָלירן. יעדעס פֿעדערל אירס, האָבן מיר געזען, איז אויסגעטונקט אין פֿאַרבן.

אונדז האָט וויי געטאָן דאָס האַרץ. מיר האָבן דעם כּמר מקנא געווען. אַזאַ טייערע טויב האָט זיך באַדאַרפֿט אַראָפּלאָזן צום גלח! פֿאַרוואָס ניט צו אונדז? אַ כּמר קאָן קריגן טויבן וויפֿיל ער וויל און וועלכע ער וויל און אונדז קומט אָן אַזוי שווער איידער מיר קריגן צו אַ טויב.

און אַ ווערפֿל-טויב! ווען זי וואָלט אַפֿילו געווען אַ פּראָסטע טויב — אַ „שפּוק", אַזוי וואָס קוליעט זיך ניט אין דער לופֿטן.

וואָלט זי מיט איר פֿאַרב אויך געווען די שענסטע טויב אין אונ־דזער טויבנשלאַק. אָבער זי איז אַ ווערפֿל־טויב, אַ טויב וואָס „ציט צו" אַנדערע טויבן צו איר טויבנשלאַק. ווער ווייס, זי קאָן נאָך אויך פֿון אונדזערע טויבן פֿאַרשלעפּן צום כּמר...

מיר, איך און מיין ברודער, האָבן באַלד אָנגעהויבן טראַכטן ווי זי צו כאַפּן. צוערשט האָבן מיר געקלערט: מיר וועלן אָנציען אַרבעס אויף אַ פֿאָדים. דעם פֿאָדים וועלן מיר צובינדן צו אַ שטריקל, דעם שטריקל וועלן מיר ציען ערגעץ הינטער אַ דערביי־איקן בוים, וואו מיר וועלן שטיין.

מיר וועלן איר פֿריער לאָזן איינשלינגען די אַרבעס, און ווען זי וועט זיי שוין האָבן טיף אַראָפּגעשלונגען, וועלן מיר זי כאַפּן, ווי מען כאַפּט אַ פֿיש.

דערנאָך האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז עס איז שווער אַרויפֿ־צושטעכן, אַרויפֿצוציען טרוקענע אַרבעס אויף אַ פֿאָדים און מיר האָבן בײַ זיך אָפּגעמאַכט זי צו כאַפּן מיט אַ רייפֿעלע.

נאָר צו כאַפּן זי איז ניט געווען אַזוי גרינג. ניט איינמאָל זיינען מיר דאָ, איך און מיין ברודער, געשטאַנען מיט פֿאַרגליווערטע הערצער צוגעטוליעט צום זעלביקן בוים און געוואַרט, געוואַרט. אָט, דוכט זיך, וועט זי שוין צוגיין צו אונדזער רייפֿל... אָט זי קומט... און מיט אַמאָל, ווי שטענדיק מיט אַ טויב — זיך שאַרף אַ קער געטאָן און אין אַן אַנדער זייט. אָדער אַנשטאָט איר, קומט גאָר אַן אַנדער טויב. מיר מוזן דער אַנדערער אָפּטרייבן, ווייל דעם כּמרס אַ טויב ווילן מיר ניט. און דאָס אַוועקטרייבן מאַכט, אַז אַלע זאָלן זיך שוין איבערשרעקן און אָפּפֿליען און מיר מוזן וואַרטן ביז זיי פֿליען זיך צונויף צוריק.

עס האָט אויך געטראָפֿן, אַז אין מיטן האָבן מיר גאָר געמוזט אַלץ איבערלאָזן און אַנטלויפֿן... אימעצער פֿון כּמר האָט געהאַלטן אין אָנקומען...

און איינמאָל, אַזוי הינטערן בוים, האָבן איך און מיין ברודער אָנגעהויבן קוקן מיט אָנגעשלאָגענע אויגן. זי קומט, זי קומט... און זי גייט טאַקע, די גאָלדיק־גרינע. זי גייט און פּיקט, גייט און פּיקט אַרום אונדזער רייפֿל, אָט וועט זי באַלד פֿאַרשטעפּן אַ פּיסל,

אַ נאָגעלע... קראַמפּיק כאַפּ איך אָן מיין ברודער ביים האַנט: זי שטייט דאָך שוין אין מיטן אונדזער רייפל און פּיקט, פּיקט, נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... מיט אַמאָל, מיר בלייבן טויטע. ביי אונדז איז אָפּגענומען הענט און פיס: די טויב האָט זיך פאַרפּלאָנ־טערט ניט מיטן פּיסל, נאָר מיטן קעפּל...

צווישן די טויבן האָט זיך אויפגעהויבן אַ סומאַטאָכע. זיי זיינען זיך אין שרעק צעפלויגן. ביי אונדזער רייפל זעען מיר נאָר דאָס פאַרצווייפלטע פּאַטשן פון צוויי איינציקע גאָלד־גרינע פליגל אין דער לופט. די פליגל פּאַטשן, פאָכען מיט צעשפּרייטע פעדערן. ביידע רופן, עפּעס ווי צוויי הענט מיט צעשפּרייטע פינגער פון איינעם וואָס טרינקט זיך, און רופן און פלאַטערן: העלפט! העלפט!

עס האָט אפשר מער ניט גענומען ווי עטלעכע רגעס און מיר זיינען געוווען לעבן רייפל. מיר זעען: דאָס האָרענע שלייפל האָט זיך פעסט פאַרצויגן, איינגעשניטן אין דעם דינעם איידעלן העלדזל. דער שנאָבל ברייט צעעפנט און אויף אונדז קוקט אַ בלוט־פאַרלאָפן אַרויסשטאַרצנדיק אויג...

איך האָב מיט אימפּעט אַ פליק געטאָן דעם שלייפל פון רייפל. דאָס שלייפל האָט זיך נאָך אָבער געהאַלטן אַרום העלדזל. מיט ציטערנדיקע פינגער האָב איך עס גענומען פונאַנדערנעמען. די טויב האָט זיך געצאַפּלט מיט יעדער פעדער באַזונדער. די צוויי פליגל האָבן אַלץ שוואַכער געפלאַטערט, ווי צוויי הענט מיט אויס־געשטרעקטע פינגער...

איך ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר איך האָב אין מיטן געכאַפּט אַ קוק אויף מיין ברודער. ער איז געשטאַנען אַן אומעטיקער, די אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן. ער האָט צוריק אויף מיר אַ קוק גע־טאָן און שטיל אַרויסגערעדט:

— זי וועט נאָך אפשר אָפּלעבן...

די גאָלדיק־גרינע טויב האָט טאַקע אָפּגעלעבט ווען מיינע צעשראָקענע פינגער האָבן לויז געמאַכט, צענומען דאָס שלייפל אויפן העלדזל.

צוערשט איז זי נאָך אַלץ געלעגן אויף מיינע הענט מיט אַן אויסגעשטרעקט העלדזל, מיט אַ ברייט צעעפנטן שנאָבעלע. אירע



די גאָלד־גרינע טויב האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט ניט מיטן פּיסל, נאָר מיטן קעפּל...

(ז' 139)

פֿיסלעך זיינען געווען אויסגעצויגן און די פֿליגלען זיינען געווען מאָדנע פֿונאַנדערגעשפּרייט אין פֿעכערס, ווי זי וואָלט געהאַלטן אין מיטן אַנגעשטרענגטן פֿליען...

אָבער אין אַ רגע האָט זיך דאָס שנאָבעלע אַנגעהויבן פֿאַרמאַכן און עפֿענען, עפֿענען און פֿאַרמאַכן, די פֿיסלעך האָבן זיך איינגעקאַרטשעט און פֿאַרלאָרן זייער אַנגעשטרענגטקייט, דאָס קעפּל האָט זיך איינגעצויגן, אַן איינל האָט אַ פּינטל געטאָן און די פֿליגלען האָבן שוואַך אַ פּאַך געטאָן.

דערזען דאָס, האָב איך אַ געשריי געטאָן צום ברודער:

— לאָמיר לויפֿן! — און זיך געלאָזט „פֿליען" צו אַ דערבייאיקן הויף. מיין ברודער נאָך מיר.

דער ברודער האָט געבראַכט וואַסער אין הויפֿן. מיר האָבן צעעפֿנט דעם שנאָבעלע און אַריינגעלאָזט עטלעכע טראָפּנס. זי האָט אַראָפּגעשלונגען.

איצט האָבן מיר שוין געוואוסט, אַז זי וועט לעבן.

אונדז האָט אַרומגעכאַפּט אַ פֿריידיקער אימפּעט: גיכער לויפֿן אַהיים... אָבער איך האָב זי געוואָלט טראָגן און מיין ברודער האָט זי געוואָלט טראָגן.

— לאָז מיך, איך וועל בעסער טראָגן...

— ניין, ניט בעסער...

מיין ברודער איז געווען דער עלטערער, אָבער דער תּקיפֿער (טאַקיפֿער) בין איך געווען, האָב איך זיך גענומען פֿאַרזיכטיק צונויפֿלייגן ביי זיך אין הויפֿן די פֿיסלעך, די שפּיצן פֿליגלען, מיטן ווײַדעלע צוזאַמען — זי זאָל ביי מיר ניט אַוועקפֿליען.

דער ברודער מיינער האָט שוין געזען, אַז עס איז פֿאַרפֿאַלן, אַז איך וועל זי שוין טראָגן אַהיים... נאָר די צייט, וואָס איך האָב ביי דער גאָלדיק-גרינער טויב צונויפֿגעלייגט די פֿיסלעך מיט די פֿליגלען, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין צורירן צו איר. ער וועט מיר העלפֿן, זאָגט ער, זי צוהאַלטן ביים צונויפֿלייגן... און דערווייל מיט די פֿינגער געפֿירט איבער דער טויב, אונטערגערוקט דעם פּנים, זי זאָל אים אַ פּאַטש טאָן מיט אַ פֿליגל, צוגערוקט אַ פֿינגער צום שנאָבל — זי זאָל אים אַ פּיק טאָן.

איך בין געווען אין כּעס. ער שטערט מיר, און דאָ זיינען מיר אין אַ פֿרעמדן הויף. דערפֿאַר, ווי איך האָב נאָר אַריינגעגומען אין הויפֿן די צונויפֿגעלייגטע פֿיסלעך און פֿליגלעך, האָב איך מיין ברו־דער שוין ניט געזאָגט: לאָמיר לויפֿן! נאָר זי אַ כאַפּ געטאָן און־טערן רעקל און פֿלוצלונג אַוועקגעלאָפֿן... איך האָב געפֿילט, אַז מיין ברודער איז נאָך דאָרטן אַ ווײַלע געבליבן שטיין אויפֿן אָרט פֿון מיין פֿלוצלונגען אַנטלויפֿן, אָבער באַלד האָב איך דערהערט ווי ער לויפֿט מיר נאָך.

ווען מיר זיינען געקומען צולויפֿן אַהיים, איז דער ברוגז גלייך ביי אונדז אַריבער. איצט זיינען מיר שוין געווען זיכער, אַז די גאָלדיק־גרינע ווערפֿל־טויב איז אונדזערע. קיינער וועט זי שוין ביי אונדז ניט אַוועקנעמען. אין פֿריידיקער אויפֿרעגונג האָבן מיר אַזוי היציק גערעדט און געלאַכט, אַז די מאַמע האָט געפֿונען צייט זיך אָפּשטעלן און פֿרעגן: — „וואָס איז מיט אייך די שמחה?"

מוציק איז אויך אַרום אונדז אַרומגעשפּרונגען, געדרייט מיטן עק, געקוקט אויף דער טויב און בייזלעך צוגעקוויטשעט, ווי איינער זאָגט: גיט זי מיר נאָר אַהער, איך וועל זי שוין צורעכט מאַכן...

מיר האָבן מיט מוציקן גערעדט האַרבע רייד: זאָל ער נאָר פּרובירן זי אָנרירן, וועלן מיר אים ניט שאַנעווען. זאָל ער ניט מיינען, אַז דאָס זיינען די אַנדערע טויבן, צו וועלכע ער גיט זיך אַ לאָז, ווען זיי פּיקן אַרום שטוב, שרעקט זיי איבער און מאַכט זיי אַוועקפֿליען.

די ערשטע זאַך האָבן מיר געוואָלט זען, צי די גאָלדיק־גרינע טויב איז אַן „ער" אָדער אַ „זי". מיר האָבן געהאַט אין אונדזער טויבנשלאַק צוויי איבעריקע „זי"ען, אַן „ער"ן, און מיר האָבן גע־וואָלט, אַז די טויב זאָל זיין אַן „ער".

מיר האָבן זי גענומען באַטראַכטן.

— אַן „ער"! — האָבן מיר ביידע אין איין קול אויסגעשריען.

---

אונדזער טויבנשלאַק אונטערן דאַך איז נאָך געווען אַ קליינער, נאָר די עטלעכע טויבן־נעסטן זיינען געווען צעזייט איבער אַ האַלבן בוידים: אין הילצערנע קעסטלעך, וואָס מיר פֿלעגן צונויפֿשלאָגן,

אונטער די קראַקוועס אָדער גאָר אין אַ ווינקל פֿון בוידים. מיר האָבן נאָר באַדאַרפֿט אַוועקלייגן אַביסל היי און די טויב אַליין האָט שוין דעם נעסט אויסגערונדיקט, אויסגעפּלאַכטן און אויסגעבעט מיט פֿעדערן.

מיט גרויס ליבשאַפֿט האָבן מיר געקוקט אויף אונדזער קליי־נעם טויבנשלאַק. ליב געהאַט די פּאָרלעך, ווי זיי זיצן מיט פֿאַר־לייגטע שנאָבעלעך אונטער די פֿליגלען, ווי זיי זיינען איינגעטוליעט איינע אין דער אַנדערער, ווי ליב זיי האַלטן יענעמס שנאָבעלע אונטערן אייגענעם פֿליגל, ווי שיין זיי רייניקן זיך די פֿעדערן: פּיק, פּיק. און איבער דעם אַלעם אַ שטענדיקער מעלאָדישער וואָרקען. ער קייקלט זיך, קייקלט זיך דער ליבער ברוסטיקער קלאַנג, הייבט זיך אָן, רייסט זיך איבער און הייבט זיך ווידער אָן.

און די טויבן זיינען געווען אַלערליי: איינע אין דער אַנדערער ניט געראָטן. מיר האָבן געהאַט אַ פּאָר שטאַרקע, גוטע פֿליער, וואָס פֿלעגן קאָנען לאַנג פֿליען, און שוואַכערע, וואָס פֿלעגן שנעל זיך אַרונטערלאָזן. צווישן די טויבן זיינען געווען קליגערע און נאַ־רישערע. מיר האָבן אַפֿילו געהאַט אַ טויב אַ בעל־גאווהניצע, וואָס פֿלעגט שטענדיק אָנבלאָזן די וואָליע, ווי אַן אינדיטשקע, און זיך האַלטן באַזונדער.

נאָר צום ערגסטן איז געווען מיט אַ פֿעטער, דיקער טויב — אַ פֿוילערקע. מיר פֿלעגן זי מוזן שטענדיק טרייבן מיט אַ שטעקן, אַז זי זאָל אַביסל פֿליען. ביי איר אַראָפּצופֿליען פֿון דאַך אין דער לופֿט אַריין איז געווען, ווי ביי אַ שלעכטן שווימער אַראָפּצו־שפּרינגען פֿון הויכן ברעג טייך אין קאַלטן וואַסער אַריין. אָט די פֿוילערקע האָט אָבער געהאַט גענוג שׂכל זיך אויסצובאַהאַלטן, ווען מיר פֿלעגן עפֿענען דאָס פֿענצטערל אין דאַך זיי אַרויסצולאָזן.

איך און מיין ברודער פֿלעגן שטיין ביים פֿענצטערל, קוקן אויף דעם צוגעשלאָגענעם ברעטל און שיילן:

— איינס אַרויס, צוויי אַרויס...

איינע פֿעלט. מסתּמא שוין ווידער די פֿוילערקע. ערשט, זי האָט זיך טאַקע פֿאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווינקל, גאָרניט אין איר

נעסט, האָט פֿאַררוקט דעם שנאָבל אונטערן פֿליגל און עס איז איר גוט — זי שלאָפֿט.

דערהערט זי אָבער ווי מיר גייען צו איר צו, ציט זי אַרויס דאָס קעפּל פֿון אונטערן פֿליגל און קוקט אויף אונדז זייטיק דאָ מיט איין אייגל, דאָ מיטן צווייטן און וואַרט מען זאָל איר בעטן, זי זאָל גיין. און אַז מען גיט איר שוין אַ טרייב, איילט זי זיך אויך ניט, נאָר קאַטשעט זיך פּאַמעלעך, וואַרט מען זאָל איר אויפֿהייבן און אַרויפֿשטעלן אויפֿן ברעטל, און ערשט ביים אָפֿענעם פֿענצטערל, קוקט זי זיך ווידער אום אויף אונדז, ווי זי וואָלט געפֿרעגט: „אפֿשר וועט איר פֿאַרט לאָזן צורו?..."

אָט די פּוילערקע און נאָך איינע זיינען דאָס געווען ביי אונדז די „זי"ען אָן „ער"ן. מיר האָבן געקלערט: ווער זאָל זיין אַ „פּאָר" פֿאַר דער גאָלדיק־גרינער. איך האָב געזאָגט, ניט די פּוילערקע. עס פּאַסט ניט אַזוינע פֿאַר אַזאַ וואַרפֿל־טויב. מיין ברודער האָט געזאָגט:

— דווקא מיט דער פּוילערקע: זי וועט ווערן רירעוודיקער. אַזאַ „ער" וועט זי וועלן נאָכפֿליען.

ביי אונדז איז געבליבן, אַז די גאָלדיק־גרינע זאָל זיך אַליין אויסקלייבן איר פּאָר. איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט ניט וועלן זיין אַ פּאָר מיט אַזאַ פּוילערקע... אָבער געטאָן האָט זי, ווי זי וואָלט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן ברודער. זי איז באַלד צוגעשטאַנען צו דער פּוילערקע און געוואָרן מיט איר אַ פּאָר.

מיר איז דאָס ניט אָנגעשטאַנען. אין אָנהייב האָב איך זיך אַביסל געברוגזט. אָבער באַלד אויפֿגעהערט. ווייל יאָ אַ פּאָר, ניט אַ פּאָר, פֿויל צי רירעוודיק, יעדער טויב האָבן מיר ליב געהאַט און איז אונדז אַלעמען געלעגן אין האַרצן. און טאַקע:

האַלטן אין האַנט אַ טויב, פֿילן אירע צאַרטע גראַבלדיקע נע־געלעך, די שפּיצן פֿון סאַמעטענע פֿליגלען — ווי וואונדערלעך עס איז!

האַלטסט אין האַנט, קוקסט:

ווי אין געבעט זיינען צונויפֿגעלייגט די פֿליגלען, אַ ליב קעפּל קוקט אויף דיר מיט צוטרוי און צוגעבונדנקייט. אָט אין האַנט און

באַלד אין הימל, אַט אין הויפֿן און באַלד אַ פֿלי אַרויף אין דער ווייטער הייך. פֿליגלען עפֿענען זיך, פֿאָכן, לייגן זיך צונויף און ווידער צעעפֿנטע פֿאָכען זיי און שווימען אין וואונדערלעכע קרייזן.

---

די גאָלדיק־גרינע טויב איז ביי אונדז געוואָרן דער „פּער" פֿון אונדזער קליינעם טויבנשלאַק. זי האָט געבלענדט מיט אירע קאָלירן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין מיניען און בייטן אַרום איר געטאָקטן העלדזל.

די ערשטע עטלעכע טעג, ווען איך פֿלעג זי האַלטן אין האַנט און אַפּלאָזן, האָב איך שטענדיק נאָכדעם געקוקט ביי זיך אויף די שפּיץ־פֿינגער. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אויף זיי איז פֿאַרבליבן אַ סאַמעטענער קאָלירטער שטויב, ווי איך וואָלט געהאַלטן אַ פֿאַרביק זומער־באַבעלע אין האַנט.

מיט דער גאָלדיק־גרינער ווערפֿל־טויב אין אונדזער טויבנשלאַק — איז צו אונדז גאָר קיין גלייכן ניט געווען. יינגלעך־חברים זיינען אונדז מקנא געווען. ניט אַלע האָבן געהאַט די זכיה זי צו האַלטן אין האַנט. מיר פֿלעגן זיך האַלטן אין איין באַרימען: מיט אונדזער ווערפֿל־טויב קאָנען מיר כאַפּן יעדע טויב, אויב מיר זאָלן נאָר ווילן...

און דער אמתן האָבן מיר, איך און מיין ברודער, זיך אַרומגעטראָגן מיט געדאַנקען, אַז מיר קאָנען „צוציען" צו אונדזער טויבנשלאַק אַפֿילו דעם כּמרס טויבן. פֿאַרוואָס ניט? מיר גייען דען ביי אים כאַפּן מיט אַ רייפֿעלע, צי מיט אַ שטריקל? די ווערפֿל־טויב אונדזערע וועט „צוציען". דעם כּמרס טויב וועט דאָך אַליין נאָכפֿליען אין אונדזער טויבנשלאַק אַריין, טאַ וואָס זיינען מיר שולדיק?...

דער טאַטע איז ניט געווען אין דער היים. קיין זאַך איז אונדז איצט ניט געלעגן אַזוי אין זינען, ווי די טויבן. מיר האָבן וועגן זיי געקלערט אין דער היים, אין חדר, ביים דאַוונען. דער רבי האָט זיך שוין געקלאָגט פֿאַר דער מאַמען, אַז מיר לערנען שלעכט און קענען ניט אויסווייניק. די מאַמע האָט אונדז געסטראַשעט מיטן טאַטן:

— וואַרט, דער טאַטע וועט אין גיכן קומען...

גלייך אויף דער רגע פֿלעגט אונדז אַ ציטער טאָן דאָס האַרץ און טראַכטן, אַז אָט גייען מיר זיך שוין נעמען צוריק מיט חשק צום לערנען. אָבער דאָס פֿלעגט באַלד אַריבער, מיר האָבן נאָר באַדאַרפֿט צוגיין אַרויסלאָזן די טויבן פֿון טויבנשלאַק אין זוניקן טאָג אַריין און מיר האָבן אָן אַלץ פֿאַרגעסן.

צוערשט פֿלעגן מיר אַרויסלאָזן אונדזער גאָלדיק־גרינע ווערפֿל־טויב. אַרויסגעשיקט אַ קאָלירטע טויב אין הימל אַריין. פֿונאַנדער־געעפֿנט די פֿליגלען: פֿלי! דערנאָך: איינע, צוויי, דריי...

פֿליגלען פֿאָכען, רוישן אַרום אונדז. די לופֿט אַרום אונדז ווערט לעבעדיק, פֿול באַוועגונג, ווי אַ שטיל וואַסער פֿון אַ סך שווימער. פֿריער אין נידעריקע, ענגע קרייזן און דערנאָך העכער, ברייטער, צום סאַמען מיטן פֿון הימל.

אָט אַלע מיט אַמאָל גיבן זיך אַ בייג אין זון, און ווי דורך אַ כּישוף אַלע קאָלירן — העל־ווייס! פֿליגל גלאַנצן מיט העלער ווייסקייט. ווידער טונקל; ווידער ווייס... אַזוי אין וואונדערלעכע קרייזן.

איך מיט מיין ברודער שטייען מיט פֿאַרריסענע קעפּ און קוקן נאָך, ווי זיי צעשפּרייטן זיך און קומען זיך צונויף, עפּעס ווי אַ ווירבל־ווינט וואָלט דאָרט געדרייט אין די הייכן און זיי צונויפֿ־געטריבן אָדער צעזייט איבערן הימל־וועג.

און די גאָלדיק־גרינע אַפֿריער, שטענדיק אַפֿריער און אַלע טויבן נאָך איר. נאָר ביי אַ שאַרפֿן בייג בלייבט זי פֿון הינטן, אָבער ווידער אַ בייג און זי איז שוין ווידער אויף פֿריער.

מיר לאָזן זי ניט אָפּ פֿון אויג. עפּעס אַ שטראַל, ווי אַן אומ־געזעענער פֿאָדים ציט זיך פֿון אונדזערע אויגן צו איר און בינדט אונדז צוזאַמען. אונדז דוכט, אַז זי פֿילט די גאַנצע צייט אונדזער קוק. אָט ווייזט זי אירע קונצן: זי קוליעט זיך פֿון דער הויכער הייך מיט צונויפֿגעלייגטע פֿליגלען, אַ קאָלירטער קנויל קייקלט זיך עס אַרונטער און באַלד ווערט פֿון קנויל אַ טויב, וואָס שווימט רואיק מיט צוויי צעשפּרייטע פֿליגל, הייבט זיך ווידער אין דער הייך אין געשרויפֿטע קרייזן און אַלע טויבן נאָך איר.

— זעסט זי? — האַלט איך אין איין פֿרעגן מיין ברודער.
— כ׳זע — רייסט ער ניט אָפּ אויף אַ מינוט די אויגן פֿון הימל.

---

ווילד פֿון פֿרייד זיינען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן איינמאָל געפֿונען אייעלעך ביי דער „זי״ פֿון דער גאָלדיק-גרינער. איך און מיין ברודער האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פֿון פֿרייד. מיר האָבן אויפֿן בוידים אָנגעהויבן ווילד שפּרינגען, געכאַפּט די אייעלעך און, ווי די מאַמע פֿלעגט אונדז טאָן קליינערהייט מיט אַ פּריש איי פֿון דער הון, אַזוי האָבן מיר זיך געווישט איינער דעם אַנדערן די אויגן און געלאַכט און געשריען:

„ווי דאָס אייעלע איז פֿריש, אַזוי זאָלן זיין דיינע אייגעלעך פֿריש...״

דער „פּער״ אונדזערער איז איצט ניט אָפּגעטראָטן פֿון נעסט. ער האָט זיך ארומגעדרייט, געוואָרקעט אַרום דער פֿוילערקע. איז זי נאָר אַוועק אויף אַ ווײַלע, האָט ער זיך גלייך אַליין אַוועקגעזעצט אויף די אייעלעך — זיי זאָלן זיך ניט אָפּקילן.

מיר זיינען געווען אויפֿן זיבעטן הימל. אין גיכן וועלן מיר האָבן יונגענקע ווערפֿל-טייבעלעך. ביי אונדז האָט די פֿאַנטאַזיע געשפּילט: מיט אַזוי פֿיל ווערפֿל-טויבן, וועלן מיר אויף אַן אמת קאָנען צוציען צו אונדז דעם כּמרס גאַנצן טויבנשלאַק. מיר וועלן פֿאַרנעמען דעם גאַנצן בוידים מיט די נעסטן. מיר וועלן שוין האָבן אַ סך, אַ סך טויבן.

נאָר איינמאָל קומט אַריין די מאַמע און גיט צו אונדז אַ זאָג:

— גיכער, כאַפּט אַ טויב און לויפֿט זי קוילענען, צו מלך דעם שוחט!...

דער מאַמעס רייד האָבן אונדז אויסגעקוקט אַזוי מאָדנע, אַז מיר האָבן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט:

— קוילענען אַ טויב?

דער מאַמעס פּנים איז אָבער געווען ערנסט. מיר האָבן דערפֿילט, אַז די מאַמע מיינט עס, מיינט טאַקע מיר זאָלן אונדזערע אַ טויב קוילענען. זיינען מיר געוואָרן פֿאַרעקשנט: — מיר וועלן ניט געבן!

— איר וועט שוין גאָר געבן — האָט די מאַמע זיך געבייזערט, — מען דאַרף האָבן טויבן־בלוט פֿאַר אַ קראַנקער.

וואָס איז אונדז דאַרטן אָנגעגאַנגען אַ קראַנקע. מיר וואָלטן זיך גיכער געלאָזן איינשניידן אַ פֿינגער און געבן בלוט, איידער אַוועקגעבן אַ טויב, אָדער לאָזן זי קוילענען.

— מיר וועלן ניט געבן! — האָבן מיר געהאַלטן אין איין שרייען.

— וואַרט, דער טאַטע דאַרף מאָרגן, איבערמאָרגן קומען. איך וועל שוין דערציילן אויף אייך. איך וועל נאָך דערציילן, אַז איר לערנט אויך ניט. נאָר טויבן ליגן אייך אין קאָפּ.

עפּעס האָט אונדז אַ צופּ געטאָן ביים הארצן. די מאַמע איז געווען מאָדנע ערנסט און בייז. מיר אָבער האָבן געטראַכט: זי וועט פֿאָרט ניט דערציילן.

מיר האָבן טאַקע דער מאַמען קיין טויב ניט געגעבן צום שעכטן. נאָר צוליב דער מורא, טאָמער וועט די מאַמע אַליין כאַפּן אַ טויב, פֿלעגן מיר פֿאַרן אַוועקגיין אין חדר אַרויסטרייבן די טויבן פֿון טויבנשלאַק, די מאַמע זאָל ניט קאָנען כאַפּן. מיר פֿלעגן עפֿענען דאָס פֿענצטערל אין דאַך, אַרויסלאָזן אַלע טויבן און צוריק אים פֿאַרהאָקן.

עס איז אַוועק אַ פּאָר טעג. דער טאַטע איז נאָך ניט געקומען. די מאַמע האָט זיך נאָך אַלץ געברוגזט אויף אונדז, אָבער מיר האָבן שוין געמיינט, אַז אַלץ איז אַריבער.

נאָר מיטאַמאָל לויפֿט אַריין די מאַמע. מיר זעען: טרערן שטייען איר אין די אויגן און זי ברעכט זיך די הענט:

— ווי איז מיר, זי איז דאָך געשטאָרבן...

מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז יענע קראַנקע געשטאָרבן און מיר האָבן זיך איבערגעשראָקן קוקנדיק אויף דער מאַמען. און איבערגעשראָקן האָבן מיר זיך פֿאַר איר קוק. די מאַמע האָט נאָך אויף אונדז קיינמאָל אַזוי ניט געקוקט. זי האָט אונדז גאָרניט גערעדט, נאָר געבראָכן די הענט און מיט ווייטיק געחזרט:

— ווי איז מיר, זי איז דאָך געשטאָרבן.

מיר וואָלטן איצטער שוין אפשר געגעבן אַ טויב, אָבער עס איז געווען פאַרפאַלן.

---

דעם דאָנערשטיק פאַרנאַכט איז אָנגעקומען דער טאַטע. מיר האָבן דאָך שטענדיק מורא געהאַט פאַר אים, אָבער דאָס מאָל איז אונדז עפּעס געלעגן אַ ציטער אין אַלע גלידער.

אויף מאָרגן, פרייטיק אין דער פרי, ווען מיר האָבן באַדאַרפט אַוועקגיין אויפן האַלבן טאָג אין חדר, זיינען מיר געווען שטילער פון שטיל. עפּעס האָבן מיר דערוואַרט פון טאַטן, כאָטש אויף אים האָט מען עס גאָרנישט אָנגעזען. עס איז אונדז געווען פאַרדעכטיק. עפּעס איז ער געבליבן אין שטוב דאַוונען, ניט ווי זיין שטייגער איז, און עפּעס קוקט ער ניט אויף אונדז, ווי ער וואָלט אונדז ניט געזען. די מאַמע דרייט זיך אויך עפּעס אַרום אַ שווייגנדיקע, אַ שטומע...

די מאַמע גיט אונדז עסן און רעדט צו אונדז קיין וואָרט ניט.

איך און מיין ברודער האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין דרויסן. זאָל זיין אין חדר, וועלכן מיר האָבן לעצטנס גאָרניט ליב געהאַט, אַבי ניט אין שטוב מיטן טאַטן. דאָך האָבן מיר איצט אַלץ געטאָן פּאַמעלעך, געלאַסן, ווי עפּעס אַ כּוח וואָלט געליימט אונ־דזערע באַוועגונגען. מיר האָבן געגעסן פּאַמעלעך, געקייט אַ סך, כאָטש מיר האָבן ניט געפילט קיין טעם אין עסן, געלאַסן אָנגעטאָן די רעקלעך און מיט געמאָסטענע טריט גענומען גיין צום טיר.

— וואַרט אַ ווײַלע!

דאָס האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן באַזונדערס קלאָר און שאַרף.

מיר זיינען געבליבן צוגעשמידטע צום אָרט.

— קומט אַהער!

מיט געזונקענע פּנים זיינען מיר צו אים צוגעגאַנגען.

— וואָס לערנט איר?

— ישעיה.

— נאָך אַלץ ישעיה... וואָס פאַר אַ קאַפּיטל?

— דעם לעצטן, ס״ו.

מיר האָבן געמיינט ער וועט אונדז הייסן זאָגן אויף אויסווייניק. מיר זיינען געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ווען מיר ווייסן אַפילו אויף אויסווייניק, וואָלטן מיר אויך ניט געקאָנט זאָגן. אָבער אונ־דזער שרעק האָט זיך נאָך געשטאַרקט, ווען ער האָט האַרט אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס האָט איר ניט געגעבן אַ טויב, ווען מען האָט באַדאַרפט פאַר אַ קראַנקער?

מיר זיינען געווען שטום.

— איז דאָס אמת? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דער מאַמען.

— אמת — האָט די מאַמע ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון עפּעס אַן אַרבעט.

— מילא, דיינע באַבסקע רפואות מיט טויבן־בלוט בין איך דיר מוחל — האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן דער מאַמען, — אָבער איר וועט ביי מיר אַזוינע ניט וואַקסן. איך וועל אייך לערנען. איר וועט שוין האָבן ביי מיר טויבן — געבראָטענע!

אונדז איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

— אין חדר גייט! — האָט דער טאַטע פלוצלונג באַפוילן.

מיט הילצערנע טריט האָבן מיר זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב. אין פאָרהויז האָבן מיר זיך געוואָלט פאַרנעמען צום טויבנשלאַק, אַרויסלאָזן פריער די טויבן... אָבער דער טאַטע איז שוין גע־שטאַנען אין דער אָפענער טיר און אויף אונדז אַ געשריי געטאָן:

— מאַרש אין חדר!

די טויבן זיינען געבליבן פאַרשפאַרט אין טויבנשלאַק.

אין חדר האָבן מיר זיך קיין אָרט ניט געפונען. איך מיטן ברודער האָבן אומעטיק און שטום געקוקט איינער אויפן אַנדערן, ווי מיר וואָלטן איינער ביים אַנדערן געפרעגט: וואָס וועט עס זיין? דאָס לערנען איז אונדז גאָרניט געקראָכן אין קאָפּ. מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז איך הער אַ צעשראָקענעם פליגל־גערויש, אַז עס פליען די טויבן אין אַ סומאַטאָכע, אַז אימעצער יאָגט זיי. איך בין קוים איינגעזעסן אויף אַן אָרט. איך האָב זיך גערוקט, געדרייט, געפּלאָנטערט מיט די פיס אונטערן טיש. דער רבי האָט געקוקט קרום.

— וואָס, דער טאַטע געקומען?
— געקומען...
— פֿאַרוואָס דערציילט איר עפּעס ניט, תּכשיטים, אַ?

---

אַרויס פֿון חדר, האָבן מיר זיך געלאָזט לויפֿן: גיכער זיין אין דער היים. מיר האָבן געברענט פֿון איילעניש. אָבער וואָס נעענטער מיר זיינען צוגעקומען צו אונדזער שטוב, אַלץ געלאַסענער זיינען געוואָרן אונדזערע טריט און אַלץ האַסטיקער האָבן געקלאַפּט אונ־דזערע הערצער. צוגעקומען צום שטוב האָבן מיר גלייך געכאַפּט אַ קוק אויפֿן פֿענצטערל. עס איז געווען פֿאַרמאַכט. אונדז האָט פֿאַרקלעמט אין האַרצן: אין אַזאַ זוניקן טאָג ניט אַרויסגעלאָזן די טויבן!

ביים פֿאַרהויז זיינען מיר געבליבן שטיין. עפּעס האָט אונדז געשראָקן. מיר האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין אין שטוב.

ווי מיינסטו, דער טאַטע איז דאָ אין שטוב? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן מיין ברודער.

— ווי מיינסטו, ער איז דאָ? — פֿרעגט איבער דער ברודער ביי מיר.

מיט אַמאָל, מיר דערהערן מוציקס בילן פֿון אינווייניק און עס קומט אונדז אַרויס אַנטקעגן מלך דער שוחט.

אונדז דערזען, האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן אַ ווײַלע, אַ קוק געטאָן אויף אונדז, און אין זיינע איינגעגראָבענע צונויפֿגעשמעלטע העלע אויגן האָט אָנגעהויבן פֿינטלען אַ לצנות־פֿייערל. זיין האַרט, דאַר פּנים האָט זיך צעקנייטשט אין אַ געלעכטערל, וואָס האָט זיין פּנים געמאַכט נאָך שלעכטער און בייזער.

איך האָב דערזען, אַז מיין ברודער איז בלייך געוואָרן, מלך דער שוחט האָט אונדז גאָרניט געזאָגט און מיר האָבן אים גאָרניט געפֿרעגט, נאָר אונדזערע אויגן האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פֿון אים.

ער איז אונדז פֿאַרבייגעגאַנגען, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און אומגעדרייט דעם קאָפּ צו אונדז, ווייטער אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און ווידער זיך אומעדרייט צו אונדז מיטן בייזן לצנישן פּנים.

— וואָס טוט דאָ דער שוחט? — האָב איך אין גאַנצן גע־ציטערט.

— איך האָב מורא אַריינצוגיין אין שטוב — האָט דער ברו־דער זיך ניט גערירט פֿון אָרט.

— קום! — האָב איך אים אַ שלעפּ געטאָן פֿאַר דער האַנט און ווי איבער געוואַלט געעפֿנט די טיר.

מיר האָבן אָנגעהויבן וויינען אויפֿן קול. אויפֿן באַנק, וואו די מאַמע פֿלעגט צורעכט מאַכן אַן עוף, זיינען געלעגן אויסגעקוילעטע אַלע אונדזערע טויבן. די העלדזעלעך רויט־איבערגעשניטן, די קעפּ־לעך אומנאַטירלעך פֿאַרוואָרפֿן, פֿאַרדרייט. די פֿאַרביקע פֿעדערן אויסגעשמירט אין בלוט.

מיט אַ מאָדנעם פּנים איז די מאַמע געזעסן איבערגעבויגן און געפֿליקט אַ טויב...

מיר האָבן געוויינט אויפֿן קול:

— מאַמע, אונדזערע טויבן!

— דער טאַטע איז דאָ!... — האָט זי אונדז אַ זאָג געטאָן מיט בייזער און מיט שרעק און אָנגעוויזן אויפֿן קאַמער.

אין זיין גאַנצער הייך האָט זיך דער טאַטע באַוויזן פֿון קאַמער.

— זאָל זיין שטיל!

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן שטיקן מיט אונדזער געוויין. דער ברודער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און ער האָט זיך גע־טרייסלט פֿון כליפּען.

— שטיל זאָל זיין! — האָב איך געזאָגט.

---

מיר זיינען געשטאַנען פֿאַרגליווערטע צוגעשפּאַרט צום וואַנט און געקוקט, געקוקט ווי די מאַמע פֿליקט אָפּ איין טויב נאָך דער אַנדערער. פֿאַר אונדז זיינען זיי נאָך געווען לעבעדיקע, מיט זייערע נעמען און כאַראַקטער. די גאָלדיק־גרינע איז געלעגן אויפֿן באַנק אַביסל אָן אַ זייט, ווי אימעצער וואָלט באַמערקט איר שיינקייט און עפּעס זי אָוועקגעלייגט באַזונדער. דער ברודער האָט ניט אָפּגעריסן די אויגן פֿון דער גאָלדיק־גרינער. שטיל האָט ער צו מיר געשלוכצט:

— זי וועט שוין ניט אָפּלעבן...

אָבער מיטן אויסקוילענען אונדזערע טויבן, האָט דער טאַטע אויך אָוועקגעקוילעט אונדזער מורא פֿאַר אים. מיר האָבן אויפֿגעהערט זיך שרעקן פֿאַר אים. און פּאַסירט האָט עס גלייך דעם זעלבן פֿרייטיק־צו־נאַכט ביים עסן.

נאָכן קוילענען די טויבן זיינען מיר, איך און מיין ברודער, דעם גאַנצן איבעריקן טאָג געווען ווי געליימטע. מיר זיינען אַפֿילו אַרומגעגאַנגען, געגעסן, געשלאָפֿן, געווען אין שול, געדאַוונט, נאָר אַלץ געטאָן ווי אויטאָמאַטן. אינווייניק זיינען מיר געווען פֿאַרקלעמט און פֿאַרגליווערט.

געקומען פֿון שול, האָט דער טאַטע, ווי זיין שטייגער, אָפּגעזונגען מיט אַ געהויבענער שטים:

„מלאכי השלום

מלאכי עליון...״

דערנאָך האָט מען זיך געוואַשן און זיך געזעצט צום טיש.

מיר האָבן זיך געוואַשן ווי אַלע, אַוועקגעזעצט זיך צום טיש ווי אַלע. עפּעס איז געווען שטילער ווי געוויינטלעך: אָן אַנדער ווײַלע האָט מען אַזש געקאָנט הערן ווי די בענטש־ליכט קנאַקן צו אין די לייכטער.

דער טאַטע זיצט אַנטקעגן אונדז. די מאַמע אָן אַ זייט. דער טאַטע מאַכט קידוש, המוציא. זיי עסן, מיר ניט.

דער טאַטע „קוקט״ אויף דער מאַמען. די מאַמע פֿרעגט:

— וואָס עסט איר ניט?

מיר שווייגן ווי שטומע.

— עסט! — גיט אַ זאָג דער טאַטע און באַלד לאָזט ער אַריין די האַנט אין באָרד.

מיר שווייגן אַלץ, נאָר אין האַרצן ווערט קיל און לער, ווי אָט־אָט גייען מיר אַ שפּרונג טאָן אין אַן אָפּגרונט. מיר קוקן אויפֿן טאַטן אַנטקעגן און עפּעס אַ שווערקייט דריקט אַרונטער אונדזערע קעפּ.

— הייבט אויף די קעפּ!

די קעפּ אונדזערע הייבן זיך אויף פֿון זיך אַליין אונטערן טאַטנס באַפֿעל.

— עסט!

מיר האַלטן שוין די קעפּ אומנאַטירלעך אויפֿגעהויבן, קוקן אין איין פּינטל, און אונדזערע ציטערדיקע הענט רוקן די המוציאס צום מויל.

באַלד פּיש. און מיט אַמאָל: דאָס פֿלייש — אונדזערע טייַ־בעלעך!

— עסט!

מיר זעען גאָרניט. עפּעס שוואַרצס זיצט אונדז אַנטקעגן, וואָס פֿאַרשטעלט פֿון אונדז די שטוב.

— עסט, זאָג איך!

און פּלוצלונג איז עס מיר אָנגעקומען:

— איך וועל ניט עסן! — האָב איך אויסגעשריען.

— איך וועל ניט עסן! — האָט דער ברודער געוויינט.

מיר זיינען געוואָרן ווי ווילד. מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון אונדזערע ערטער, געקוקט שאַרף אויפֿן טאַטן:

— מיר וועלן ניט עסן!

אין שטוב איז געוואָרן מאָדנע שטיל. די מאַמע איז געזעסן ווי אַ געשמידטע מיט פֿאַרבראָכענע הענט. דער טאַטע האָט זיך געגלעט די באָרד.

— אַוועק פֿון טיש! אַריין אין קאַמער! — און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן נאָך אונדז.

אָבער דאָ איז די מאַמע אויפֿגעשפּרונגען.

— וואָס ווילסטו פֿון די קינדער? ווילסט זיי זאָלן נאָך עסן זייערע טויבן?

עפּעס מאָדנע פּאַמעלעך האָט זיך דער טאַטע צוריק אַוועק־געזעצט אויף זיין אָרט און זעצנדיק זיך האָט ער שטרענג און בייז געקוקט אויף אונדז.

מיר זיינען אַריין אין קאַמער. מוציק האָט זיך אַריינגעשאַרט נאָך אונדז.

איך און מיין ברודער האָבן אונדזערס אויסגעפֿירט: מיר האָבן די טויבן ניט געגעסן.

גלייך, נאָך דעם זעלבן שבת בייטאָג, האָבן מיר זיך אַרויפֿגע־גנבעט אויפֿן בוידים. אין טויבנשלאַק איז געווען שטיל און פּוסט. מיר זיינען געגאַנגען פֿון נעסט צו נעסט. איבערגעדרייט, איבער־גענישטערט: — וויסט! די אייעלעך זיינען געלעגן קאַלטע, טויטע.

דער ברודער האָט זיך אָוועקגעשטעלט, ווי זיין שטייגער, מיט טרערן אין די אויגן. מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ כעס. איך האָב גענומען ברעכן די קעסטלעך, צעפּליקן און צעוואַרפֿן די נעסטן. מיין ברודער האָט מיך אָנגעכאַפּט, ניט געוואָלט לאָזן:

— אום שבת! מען טאָר ניט...

איך האָב ניט געקוקט: געוואָרפֿן און געשליידערט.

און מיט אַמאָל האָבן מיר דערהערט אַ פּלי און אַ טויב איז אַרויסגעפּלויגן פֿון אַ באַהעלטעניש. ערשט די פּוילערקע!

ווי משוגעים האָבן מיר זי אַ כאַפּ געטאָן, געגלעט, געטוליעט, שיר ניט געקושט, גערעדט צו איר: וואָס? ווי אַזוי?

מיר זיינען אַרומגעלאָפֿן מיט איר איבערן בוידים. געלאָזט זי פֿליען, צוריק געכאַפּט און ווידער געלאָזט פֿליען...

אַז אונדזער אומעטיקע פֿרייד איז אַריבער, זיינען מיר ביידע געבליבן שטיין פֿאַרטראַכטע, שטומע און געקוקט אויף דער פּוי־לערקע ביי אונדזערע פֿים.

— וואָס טאָן מיט איר?

און דער זעלבער געדאַנק איז ביי מיר און ביי מיין ברודער אויפֿגעקומען:

איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דער פּוילערקע אונטערן רעקל און זיך געלאָזט לויפֿן פֿון בוידים אַראָפּ.

— צו דעם כּמרס טויבן, וואָס? — האָט דער ברודער ביי מיין זייט געפֿרעגט.

— צום כּמרס...

— זי וועט זיך ניט אומקערן אַהיים?

— זי וועט ניט...

— אפֿשר אַנדערשוואו?

— ניין, דאָרט וועט איר זיין גוט...
— מוציק לויפֿט אונדז נאָך...
— זאָל ער.

---

אויפֿן פּליכעוואַטן שטיק פֿעלד לעבן דעם קלויסטער־פּאַר־קאַן זיינען אַרומגעגאַנגען דעם כּמרס טויבן און געפּיקט . . . מיר האָבן אַרויסגענומען פֿון אונטערן רעקל די פֿוילערקע און איר אַריינגעלאָזן צווישן זיי.

אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען, זיך געפֿוילט און געכאַפּט עטלעכע פּיקן פֿון אַ קעפּל ווי אַ פֿרעמדע. אָבער באַלד האָט זי גענומען אויף איר שטייגער זיך קאַטשקען און פּיקן פֿון דער ערד ווי די אַנדערע. מיר זיינען געשטאַנען און געקוקט, געקוקט... איצט האָבן מיר עפּעס גאָרניט מורא געהאַט טאָמער כאַפּן אונדז דעם כּמרס פּאַראָבקעס און שלאָגן אונדז און נעמען ביי אונדז אַראָפּ די היטלען, אָדער אימעצער וועט דערציילן אונדזער טאַטן. מיר האָבן זיך גאָרניט געהיט, געשטאַנען, געשטאַנען און געקוקט אויף די טויבן... אויך מוציק, וואָס וואָלט אַן אַנדערש מאָל זיך אַ לאָז געטאָן אויפֿן כּמרס טויבן, האָט דערפֿילט אונדזער געמיט. איז רואיק געשטאַנען ביי אונדזער זייט און ווי מיר געקוקט אויף די טויבן און געקוקט...

# דער פויגלכאַפּער

זומער־לעב פֿלעגט שואלקע אַ רגע אין שטוב ניט זיצן. האָט ער נאָר געקאָנט, פֿלעגט ער זיך שוין אַרויסדרייען פֿון הויז און זיך פֿאַרגראָבן אין סאָד, אַז קיינער זאָל אים ניט געפֿינען.

אין שטוב איז אים געווען אומעטיק — דער טאַטע פֿאַרטאָן אין געשעפֿט. די מאַמע, ווען ער קומט איר אויף די אויגן, שטראָפֿט אים שטענדיק, אַז ער איז אַ גרויסער „ניט וועלער". „ביי לייטן אַזעלכע ייִנגלעך לערנען שוין גמרא..." און דער עיקר, מען קאָן אים נאָך שיקן אַ גאַנג אויך...

געננג האָט ער פֿיינט. ער ליידט ניט, אַז מען זאָל זיך מיט אים שאַפֿן. אין סאָד איז ער פֿריי, טוט וואָס ער וויל, ליגט אַפּ שעה'ן אין קילן גראָז, וואָס האָט זיך אַזוי געדיכט צעוואַקסן צווישן די ביימער, ביים הויכן פּאַרקאַן: זיך צונויפֿגעמישט מיט „פֿייגל־קאַשע", מיט די בעכערלעך „משוגענעם מאָן" און זיך איבערגעפֿלאָנטערט מיט „בערשטלעך" פֿון תּשעה־באָב.

איז ער אַליין, טרעפֿט ער ניט אסתּרקען, דער שכנישער מיידעלע, וועלכע שפּילט זיך אויך שטענדיק ביי זיי אין סאָד, פֿאַרבאַהאַלט ער איז אין גאַנצן אין גראָז און קוקט דורך די גראָזן אויף די געפּינטלטע, קאָלירטע „משה רבנוס קיעלעך", ווי זיי קריכן איבער די שטרויעלעך, אַרויף־אַרויף, קומען צום שפּיץ, בלייבן שטיין, ווי דאָ וואָלט געווען דער ברעג פֿון דער וועלט. נעמט ער אַ שטרויעלע און שטורכעט זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי צעעפֿענען די צוויי פּאָר פֿליגלען און פֿליען איבער, אָדער פֿאַלן אַרונטער כּלומרשט טויט.

דערהערט ער אַ גריל, גנבעט ער זיך צו, קוקט אים אָן אַ ווײַלע אין די גרינע אויגן, און כאַפּט אים פֿאַר ביידע פֿיסלעך און

שפּילט זיך מיט אים אין קאַץ און מויז, האַלט אים אין פּויסטל, צעעפּענט די האַנט, ער זאָל קאָנען אַ שפּרונג טאָן, און האַלט גלייך אָנגעגרייט די צווייטע, ער זאָל קאָנען אַ כאַפּ טאָן.

גיט זיך איין דעם גריל צו אַנטלויפן, לויפט ער נאָך יעדן שפּרונג זיינעם, ציט זיך אויס און הייבט זיך אויף, ווי אויף גרינע כוואַליעס, און פּאַקט ער אים, רייסט ער אים אויס אַ פּיסל, ווי אַ זעגעלע: „גיי, דו קאַליקע, לאָמיך זען ווי דו וועסט איצטער קאָנען זעגן".

ווערט ער מיד, ציט ער זיך גאַר אויס טשאַטעווען דעם הימל, צי פּייגל פליען ניט. ער וואָלט אַלע פּייגל געכאַפּט, און אַפילו אין די וואָלקנס זעט ער טייכן, בערג, פּייגל, משונהדיקע גרויסע גרילן.

פאַרנאַכט יאָגט ער זיך נאָך נאָך שוואַלבן. שוואַלבן איז אַ מצוה די קעפּלעך אַראָפּצודרייען, זיי האָבן דאָך געטראָגן פייער פאַרן בית־המקדש. ניט אומזיסט איז נאָך פאַרבליבן אַ רויטער צייכן אונטערן העלדזעלע און אין גאַנצן זיינען זיי שוואַרץ פאַר־שרפהט.

אַז אסתּרקע איז פאַראַן אין סאָד, שפּילט ער זיך מיט איר, באַהאַלט ער זיך אויס אין גראָז און שפּרינגט פּלוצלונג אַרויס און שרעקט זי איבער. פאַר אַלע באַשעפענישן און ברואים, וואָס שואַל־קע האַלט אין האַנט, האָט זי מורא, און קומט ער צו איר צו מיט אַ גריל, אָדער אַ בין, מאַכט זי גוואַלדן, קוקט מיט צעשראָקענע אויגן און באַהאַלט די הענטלעך אויף הינטן.

אָבער שואַלקען גייט זי נאָך ווי אַ קעלבל, און קוקט נאָך אַלץ וואָס ער טוט.



אסתּרקע איז איצט געשטאַנען און געקוקט, ווי שואַלקע לייגט צוזאַמען אין סאָד פינף ציגל און מאַכט אַ פּאַסטקע פאַר פייגעלעך.

— כ'וועל דיר כאַפּן פייגעלעך וויפיל דו ווילסט נאָר אַליין —

האָט ער זיך פאַר איר באַרימט, אויף גיך געמאַכט פון פיר ציגל אַ קעסטעלע, דעם אויבערשטן ציגל אונטערגעשפּאַרט מיט אַ העלצל, אונטערן העלצל אַ ברעטעלע און אָנגעשאָטן חלה־ברעקלעך.

— איצט לאָמיר זיך באַהאַלטן — האָט ער אָוועקגעשלעפּט אסתּרקען אַן אַ זייט.

אַ מחנה שפּערלעך האָט זיך מיט אַ קינדערשער פּלאַפּלערײַ אַרונטערגעלאָזט און זיך צעשאָטן אַרום פּאַסטקע. אַ כאַפּטע יונג־וואַרג האָט גענומען שפּרינגען אויף די ציגל און אַרום די ציגל.

אַן עלטערער שפּערל, אַ געזעצטער און אַ פֿעטער, האָט זיך געהאַלטן פֿון דער ווײַטן, קרום געקוקט אויף די יונגע פֿאַרלעך און ווי געוואָרנט: זײַט ניט אַזוי פֿרײַלעך, און לאָזט אײַך ניט פֿאַר־נאַרן . . .

די פֿאַרלעך האָבן אָבער געשפּרונגען, געשפּרונגען און געפּיקט. שואלקע מיט אסתּרקען האָבן געטשאַטעוועט:

— וויפֿיל וועסטו כאַפּן? — האָט אסתּרקע געפֿרעגט.

— אַן „ער" מיט אַ „זי" — האָט שואלקע געענטפֿערט.

— מיר וועסטו געבן?

— וויפֿל דו ווילסט אַליין.

— אויך אַן „ער" מיט אַ „זי".

— געוויס.

— ט־ס־ס . . . — האָבן זיך פּלוצלונג בײַ אים די אייגלעך אָנ־געצונדן — איינער גייט שוין . . .

— אַן „ער" צי אַ „זי"? — האָט אסתּרקע געפֿרעגט.

— אַן „ער".

— פֿון וואַנען דערקענסטו?

— כ'דערקען. ער האָט אַ טשוב אויפֿן קעפּל — האָט שואלקע געענטפֿערט.

— כ'זע גאָר ניט — האָט אסתּרקע אָפּגעענטפֿערט.

— מען זעט אים ניט, דעם טשוב . . . — האָט שואלקע וואָזש־נע געענטפֿערט.

— קוק, קוק . . . — האָט ער ניט דערוויזן אַרויסצורײדן, ווי דער אויבערשטער ציגל — באַץ! איז מיט אַ קלאַפּ צוגעפֿאַלן.

אַ רחמנותדיקער פּישטש, ווי אַ קליין קינד וואָלט פֿון פּלוצ־לונגדיקן ווייטיק אַ קוויטש געטאָן, האָט אַ שניט געטאָן די לופֿט און איז פֿאַרשטאָרבן.

די גאַנצע מחנה שפּערלעך האָט מיט גערויש זיך אַ הייב געטאָן און זיך צעפֿלויגן. שואלקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פֿון זיין באַהעלטעניש. אסתּרקע איז נאָך פֿאַרבליבן, אַ צעשראָקענע פֿון קלאַפּ.

— צוויי, צוויי מיט אַמאָל! — האָט ער געשריען צו איר אין פֿריידיקער אויפֿרעגונג — קום אַהער, וועסטו זען — אַן „ער" און אַ „זי"!

ער האָט ווי אַ געניטער גענומען דעם רעקל און געוואָלט איבערדעקן די ציגל, האָט ער דערזען, ווי פֿון איין זייט שטעקט אַרויס אַ האַלבער פֿויגל, צוגעקלעמט פֿון ציגל. דער שפּערל רירט זיך אַפֿילו ניט, נאָר אַן אָפֿן אייגל מיט אַ רויט רונד פּאַסיקל אַרום פֿינטלט, פֿינטלט אַזוי מאָדנע צו אים, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט וויינען...

— וואָס איז מיט דעם פֿייגעלע — איז אסתּרקע צוגעקומען.

— זיך דערהרגעט — האָט שואלקע גלייכגילטיק געענטפֿערט.

— גיי, קאָנסט ניט כאַפּן — האָט אסתּרקע אָנגעשטעלט די ליפּלעך. — אַ רחמנות אַ פֿייגעלע...

— אַ גרויסע ווערדע מיר, כ'קאָן כאַפּן וויפֿיל דו ווילסט. איינס האָסטו דאָך!

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, פֿאַרקוקט אין אַ שפּאַרע אין די ציגל אַריין און דערזען, ווי אַ שפּערל זיצט אַ צונויפֿגעקאָרטשעטער מיט אויפֿגעשטעלטע פֿעדערן פֿון שרעק.

— ווילסט אַ קוק טאָן ווי ער זיצט דאָרט, דער אורח? — האָט זיך שואלקע אויפֿגעשטעלט.

— כ'האָב מורא פֿאַר אַ טויט פֿייגעלע... — האָט אסתּרקע געקוקט צעשראָקן.

— דו ביסט אַ יידענע! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט דער זעלבער מינע ווי זיין טאַטע פֿלעגט דאָס זאָגן צו דער מאַמען: — אַ מענטש איז דאָס, וואָס? ס'איז דאָך אַ פֿויגל...



אין מיטן שלאָף האָט שואלקע דערפֿילט, אַז אימעצער פּיקט אים אַזוי לייכט, ווי מיט אַ שנאָבעלע. טוט ער זיך אַ כאַפּ, זעט ער

אין דער פֿינצטער, ווי אַן אָפֿן אייגל מיט אַ רויט פּאַסיקל אַרום פֿינטלט צו אים און פֿינטלט, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט ווייִנען...

אַ צעשראָקענער האָט ער שוין געוואָלט נעמען שרייען: מאַמע... נאָר אַרום דעם אייגל האָט זיך גענומען לייכטן און ער זעט שוין אַ גאַנץ פֿייגעלע, וואָס קוקט אַזוי פֿריינטלעך אויף אים. און עפּעס דוכט אים, אַז ער קען גאָר דאָס פֿייגעלע. „דאָס איז דאָך אסתּרקע", וואונדערט ער זיך, „אויף מיין וואָרט, אסתּרקע, נאָר עפּעס מאָדנע, ווי זי קוקט אויס, אַן אמתער שפּערל — מיט פֿעדער־לעך, מיט אַ שייניקען ווייִדעלע, מיט פֿאַרפּוצטע פֿליגעלעך, אַ מיילעכל ווי אַ שנאָבעלע..."

גייט אים אָפּ פֿון האַרצן, קאָן ער זיך שוין ניט איינהאַלטן און לאַכט זיך פֿונאַנדער:

— אסתּרקע, וואָס האָסטו זיך עפּעס פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ פֿיי־געלע?

— וואָס פֿאַרשטעלט? — צווויטשערט עפּעס אַזוי מאָדנע אסתּרקע און רייבט אָן אים מיט ליבשאַפֿט דעם שנאָבעלע. — דו ביסט דאָך אויך אַ פֿייגעלע...

— איך?

— יאָ!

ערשט ער גיט אַ קוק, מיט אַן אמת, ער איז אויך אַ שפּערל, אַן אמתער „ער". ער וויל אויסשטרעקן אַ האַנט, אַ טאַפּ טאָן צי ער האָט אַ דזשוב אויפֿן קאָפּ — וואָס פֿאַר אַ הענטל, ער האָט גאָר אַ פֿליגעלע.

— נו, כ'האָב אַ ליגן געזאָגט? — פֿרעגט זיך אסתּרקע.

— אויף מיין וואָרט אַן אמת — דערקענט שוין ניט שואלקע זיין קול, נאָר ווי אַ פֿייגעלע וואָלט געצווויטשערט.

— קאָנען מיר פֿליען אויך?

— אוודאי!

און שואלקע דערפֿילט זיך אַזוי גרינג און לופֿטיק, ווי ער וואָלט גאָר קיין בייכל ניט געהאַט, נאָר אין גאַנצן באַשטייט ער פֿון פֿליגלען.

— לאָמיר פֿליען!

— לאָמיר.

שואלקע גיט זיך אַ הייב: „אויף מיין וואָרט עס פֿליט זיך", וואונדערט ער זיך נאָך אַלץ אַביסל.

אסתּרקע פֿליט אים נאָך. זיי צירקלען אַרום די שטוב און שואלקע האָט אַזאַ געפֿיל, אַז ער קאָן זיך אַראָפּלאָזן אויפֿן הענגלאָמפּ, אויפֿן געזימס פֿון דער שאַפֿע ספֿרים, וואו ער וויל נאָר.

— וואָס וועלן מיר דאָ פֿליען? — ווענדט זיך שוין שואלקע. — מיר קאָנען נאָך טאַטע־מאַמע אויפֿוועקן. לאָמיר גאָר אַרויספֿליען אין דרויסן.

— לאָמיר.

— דורך וואַנען?

— דורך וואַנען איך בין געקומען, דורך דער צעבראָכענער שויב.

— וואוהין זאָלן מיר פֿליען, צו אונדז אין סאָד, אָדער צו דער מומען אויפֿן פּלאַץ?

— וואו דו ווילסט.

— לאָמיר גאָר פֿליען וויט, וויט.

— לאָמיר פֿליען.

שואלקע האָט זיך אַ הויב געטאָן אין הימל, זיך צעפֿלויגן אין אַ קאַראַהאָד, איבערגעפֿלויגן די שינדל־דעכער פֿון זייער שטעטל, דעם שפּיץ קלויסטער, און זיך אוועקגעטראָגן אין פֿעלד אַריין. שואלקע קוקט אַרונטער, זעט ווי זייער טייכל שנירלט זיך אונטן, ווי די געקרייזלטע קעפּ פֿון דיביימער שווינדלען.

אַ מחנה טויבן, ווי אַ קאָלירטער וואָלקנדל, האָט זיך באַוויזן אין הימל. שואלקען האָט פֿאַרוואָלט פֿאַרמעסטן זיך מיט זיי אין געשווינדקייט, איז ער ווי אַ געוואָרפֿן שטיינדל מיט אימפּעט דורכגעפֿלויגן דורך די טויבן און מיט גאווה אַ פֿרעג געטאָן אסתּרקען:

— ווער איז פֿלינקער?

אסתּרקע האָט אים אָבער ניט געענטפֿערט, נאָר פֿאַרצווייפֿלט אַ געשריי געטאָן. און באַלד האָט שואלקע דערזען ווי אַ יאַסטרעב

שרויפּט זיך אין הימל, ווי ער זאָל אויסקלייבן אויף וועמען זאָל ער זיך אַ לאָז טאָן, צי אויף זיי, צי אויף די טויבן.

— געשווינדער, אסתּרקע! — שרייט ער מיט אַלע כּוחות — פֿלי! ער פֿליט אויף אונדז...

אסתּרקע ענטפֿערט ניט, נאָר זיי טראָגן זיך אַרויף־אַראָפּ, אַראָפּ־אַרויף, פֿאַרנעמען זיך רעכטס און וואַרפֿן זיך לינקס און דער יאַסטרעב אַלץ נאָך זיי און נאָך זיי.

שאולקע קוקט, ווי ווייט דאָס אויג כאַפּט, אַלץ אַ פֿרייער הימל און פֿלאַכע ערד, נאָר אויפֿן האָריזאָנט טונקלט עפּעס...

— פֿלי, פֿלי! — שרייט ער צו אסתּרקען.

אסתּרקע ענטפֿערט אים ניט, נאָר ער פֿילט אין וואָס פֿאַר אַן אַנגסט זי פֿליט...

— פֿלי, פֿלי!... מונטערט ער זי אַלץ אויף — נאָך אַ ווײַלע און מיר זײַנען אין וואַלד.

דער יאַסטרעב איז אָנגעפֿלויגן ווי אַ ווינט, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אַן אַ זייט, ער נאָך זיי, זיי ווידער צוריק. אַזוי האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, ביז זיי זײַנען אַרײַן אין וואַלד און זיך פֿאַרקליבן אונטער די צווײַגן.

— אסתּרקע! ניטאָ וואָס מורא צו האָבן — האָט שואלקע געקוקט ווי אסתּרקע האָט זיך צו אים צוגעטוליעט.

— כ׳בין מיד און כ׳וויל עסן — האָט זיך אסתּרקע געקלאָגט.

— מירן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד, וועלן מיר קריגן עסן אויך — האָט שואלקע פֿאַרזיכערט.

— לאָמיר.

— גערעדט־געטאָן. שואלקע מיט אסתּרקען שפּרינגען אונטער און פּיקן — זוכן מיט די שנאָבעלעך — ניין, גאָרנישט ניטאָ, נאָר הוילער מאָך אַרום און צעקראָכענע שוואָמען.

— איך וויל עסן... — צעוויינט זיך פּלוצלונג אסתּרקע.

— מירן מוזן פֿליען אַהיים — פֿאַרטראַכט זיך שואלקע.

— ווייט אַהיים? — פֿרעגט זיך נאָך אסתּרקע.

— כ׳ווייס ניט. כ׳וועל פֿרעגן ביי אַ „זעגער", וועט ער מיר זאָגן.

שואלקע האָט אָפּגעזוכט אַ גריל.

— וואו איז מיין היים? — פֿרעגט ער.

— ווער ביסטו? — פֿרעגט דער גריל און קומט אין אָן מיט די גרינע אויגן.

— איך בין שואלקע.

— אַ, שואלקע דער „פּיסל רייסער”, כ׳וועל דיר ניט זאָגן.

שואלקע גיט זיך אַ וואָרף אַ פּיק טאָן, אָבער דער גריל שפּרינגט אָפּ און גרילצט פֿון לאַכן: שואלקע דער פּיסל רייסער וועט דאָ אויסגיין פֿון הונגער.

— כ׳שטאַרב עסן — וויינט אסתּרקע.

— כ׳וועל מער ניט רייסן, זאָג — רופֿט שואלקע.

— שווערסט זיך? — הערט אויף דער גריל צו לאַכן.

— כ׳שווער זיך.

— פֿלי אַרוים פֿון וואלד, פֿאַרנעם זיך רעכטע, דערנאָך לינקס, וועסטו זיין ביי זיך אין סאָד.

— אָן אמת?

— געווים!

— אָבי איך האָב געמיינט, ווי ווייט מיר זיינען.

— דאָס האָט דער יאַסטרעב אייך געטריבן אין קאַראַד — האָט אָפּגעגרילצט דער „זעגער”.

— זיי געזונט!

— האַלט וואָרט!

שואלקע קוקט זיך אַרום, טאַקע, אָט איז דער סאָד! אָט זיינען נאָך די אויפֿגעשטעלטע ציגל און די שטיקלעך חלה אַרום.

— לאָמיר זיך טאַקע אַראָפּלאָזן אין סאָד — שלאָגט פֿאָר שואלקע.

— לאָמיר.

— איך חלש עסן... — קוקט אסתּרקע מיט גיריקע אויגלעך אויף די צעשאָטענע ברעקלעך — ווי מיינסטו, קאָן איך עסן די חלה?

— קאָנסט עסן, ריינע חלה, אויף מיין וואָרט, כ׳האָב אַליין צעשאָטן — פֿאַרזיכערט שואלקע — און וואָס אַרט אונדז, מיר זיינען דאָך סיי־ווי פֿייגעלעך.

און זיי שפּרינגען איבער די ציגל און פּיקן מיט די שנעבעלעך, און פּלוצלונג — באַץ! דער אויבערשטער ציגל איז איינגעפֿאַלן.

אַ ווייטיקלעכער פּישטש האָט דורכגעשניטן די לופֿט. שואלקע זיצט אויף די ציגל מיט אויפֿגעשטעלטע פֿעדערן פֿון שרעק און אַסתּרקע ליגט אַ צוגעקלעמטע און איין אויג פּינטלט ביי איר און פּינטלט, ווי ס׳וואָלט זיך געמאַטערט ווײנען...

פֿון שרעק האָט זיך שואלקע אויפֿגעכאַפּט.

# דער פאַרלאָזענער פויגל

**(אַ מלחמה־בילד)**

טרילל...

ס'שפּראָצט אויף טאָג.

דער קאַנאַריק „פּיט" קוקט פון זיין שטייגל ביים פענצטער אין דרויסן אַרוים. פעלדער אוןביימער, ווי שטענדיק, און דאָך עפּעס אַנדערש...

טריל, טריל... ס'שפּראָצט אויף טאָג, דער געבענטשטער פרימאָרגן קומט. דער פויגל פילט אַ גרויסע אומרואיקייט, מיט די ערשטע שטראַלן ווערט דאָס געבוירן אין זיין ברוסט — עס רייסט זיך ביי אים פון האַלדז און עס ווילט זיך אים טרילען, זינגען אַנט־קעגן דער אויפגייענדיקער זון.

טריל, טריל, טריל...

ס'שפּריצט מיט גאַנצע פאָנטאַנען לויטער ליכט — יונגע שטראַלן שטיפן אויף די דרעטלעך פון זיין שטייגל:

„פּיט" האַקט אָפּ. אַ פאַלשן קלאַנג האָט ער דערהערט. ער ווייס אַליין ניט, האָט ער דאָס שלעכט געזונגען, אָדער עס קומט פון דער פרעמד?

ער בייגט דאָס קעפּל אויף אַ זייט, הערט זיך צו...

עס שטראָמט אַרום די מונטערע ליכטיקייט. ער וועט פּרוּוון נאָכאַמאָל:

טריל...

אין גאַנצן פאַלש.

ער ציט דאָס העלדזל איין, נורעט איין דאָס קעפּל, גנבהדיק כאַפּט ער אַ קוק. איןביידע זייטן, צי קיינער האָט ניט געהערט זיין פאַלש זינגען?

אין שטוב איז שטיל, מע הערט קיינעם ניט — און ער האָט קיין כּוח ניט צו זינגען. ער איז אַזוי הונגעריק, אַזוי הונגעריק...

ער שפּרינגט אַראָפּ צום הונדערטסטן מאָל פֿון שעדעלע, פּיקט אין דעם ליידיקן טעצעלע — ניטאָ מער קיין עסן... דאָך בליצט אַ האָפֿענונג: אפֿשר, טאָמער האָט זיך פֿאַרוואַלגערט אַ קערנדל אַרום שעלכעלע. — ער שאַרט מיט די פֿיסלעך, פּיק־פּיק מיטן שנאָבעלע — ניין, ניטאָ...

ער וואַרפֿט זיך צום וואַסער, נאָך אַביסל בלאָטיקע פֿאַרבליבן אויפֿן דעק.

ער טרינקט. ער פֿאַררייסט דאָס קעפּל, מאַכט צו די אייגלעך: ווי גוט, ווי עס דערפֿרישט! אָבער עס פֿילט זיך נאָר שטאַרקער דער הונגער... ער זוכט אַרום נאָכאַמאָל דאָס שטייגל. ניין, שוין אַלץ צונויפֿגעקליבן.

וואָס פֿאַר אַ בלאַנקנדיקע זון! און ס'ווילט זיך אים ווידער טרילען, זינגען:

טריל, טריל...

פֿאַלש. אָבער ער מוז טרילען, רופֿן, וואו זיינען זיי אַלע? פֿאַרוואָס גיט מען אים ניט עסן? פֿאַרוואָס קלעטערט ניט דער קליינער פּיער אויפֿן פֿענצטער אַרויף, אים דאָס שטייגעלע עפֿענען?

טריל, טריל, טריל...

דער „וואַסערשלאַק" איז ריין און ליכטיק. די זון האָט זיך צעשפּילט. ער האָט אויף אַ רגע דעם הונגער פֿאַרגעסן. ער קוקט דורכן פֿענצטער, ווי די ביימער און פֿעלדער קוועלן אָן פֿון פֿרייד. פֿרייע פֿייגלען באַווייזן זיך אויף אַ רגע און פֿאַרשווינדן גלייך. נאָר אין שטוב איז שטיל, ניטאָ קיין אָפּקלאַנג, טויט... וואו זיינען זיי אַלע?

דזין, דזין... עפּעס האָבן ווידער אָנגעהויבן ציטערן די שויבן ריכטיק ווי אין יענער נאַכט. דזשין, דזשין... האָבן די שויבן געקלונגען און אַ מהומה איז געוואָרן אין שטוב. ער האָט זיך געהאַט איבערגעשראָקן, פֿון שלאָף האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, געקוקט און ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט נאָר געזען, אַז דאָס איז ניט דער פֿרימאָרגנדיקער טומל, ווען די שטוביקע האָבן זיך גע־




...די מענטשן אַנטלויפֿן פֿון שטוב צעטומלטע.
דער פֿויגל אין שטייג בלייבט אַליין...

(ז' 169)

ווײַנטלעך געאײַלט אין פֿעלד און אין גאָרטן. ער האָט געזען, אַז די מענטשן לויפֿן איבער דער שטוב — ווילן עפּעס נעמען, כאַפּן און ווייסן ניט וואָס, זוכן וואָס און לויפֿן אַרום. דעם קליינעם פּיער האָט מען געטראָגן אַ שלאָפֿנדיקן. „פּיטן" האָט געדוכט, אַז ער שטרעקט צו אים די הענטלעך אויס.

דזין, דזין... האָבן די שויבן געקלונגען ווי איצט. ער האָט געוואָלט אַ טריל טאָן: נעמט מיך אויך... נאָר די שויבן האָבן אַזוי מאָדנע געציטערט, ווי אַ רויב־פֿויגל וואָלט אָן זיי מיט די פֿליגל געקלאַפּט, און ער האָט פֿון אַנגסט קיין איין קלאַנג ניט געקאָנט אַרויסברענגען, נאָר שטום זיך פֿאַרשלאָגן אין אַ ווינקל פֿון שטייגל.

דזין, דזין... ווי שרעקלעך די שויבן ציטערן ווידער... פּונקט ווי ס'וואָלט געדונערט, נאָר עס איז דאָך אַנדערש. פֿאַרן דונער, האָט ער גאָר קיין מורא ניט געהאַט. נאָכן דונער קומט עפּעס אַ ווילדער זשומענדיקער געשריי און אַלץ העכער, נענטער, שטאַרקער. די פֿענצטער שפּרינגען אין די ראַמען, זײַן שטייגל וויגט זיך. ער וואָלט שוין בעסער געהונגערט, אַבי דעם רעש ניט הערן, עס שרעקט אים אַזוי.

זשזש — טראַך!... די שויבן האָבן אין צווייטן פֿענצטער געפּלאַצט. ער וויגט זיך מיטן גאַנצן הויז צוזאַמען. שטיקלעך גלאָז פֿאַרפֿליען צו אים.

טרילל... שרײַט ער פֿון שרעק. אימעצער אַ שרעקלעכער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, דאָס איז יענער נאַכטיקער פֿויגל...

ער וויל אים ניט זען, ניין, ער וויל ניט...

ער באַהאַלט דאָס קעפּל אונטערן פֿליגעלע... נאָר דאָרטן קוקט אויך אַרונטער דער שרעקלעכער פֿויגל, ער שטרעקט נאָך אים זײַנע נעגל אויס. ניין, ער וועט זיך ניט לאָזן, ער וועט די ווענטלעך צעטראָגן, ער וועט זיך ניט לאָזן כאַפּן...

„פּיט" וואַרפֿט זיך מיט זײַן גאַנצער קראַפֿט אויף די ווענטלעך פֿון שטייגל. דאָס שטייגל וויגט זיך. אָבער צו שטאַרק זײַנען די דראָטן — ער שליידערט זיי נאָך אַמאָל — שטאַרקער, צאָרנדיקער.

דער רויב־פֿויגל קומט אויף אים... „פּיט" שניידט זיך איין אין די דראָטן.

זשזשזש... שיפּעט ווער. די ביימער קרעכצן און ברעכן זיך ווי אין אַ שטורעם. עס גליווערט אים דאָס בלוט. ער וועט נאָר פּרובירן דורך די שפּאַרונעם דורכקריכן — און ער שניידט זיך איין דאָס פֿלייש, שטיקט דאָס קעפּל.

דער שטורעם שפּילט שוין ביים שוועל פֿון הויז, רויטע, דורש־טיקע פֿייער־צונגען לעקן די ווענט, קריכן צום סופּיט...

„פּיט" שליידערט זיך אַ פֿאַרלוירענער איבערן שטייגל. זשזש... טראַך! יענער גרוויזאַמער פֿויגל האָט אים שוין מיט אַ נאָגל פֿאַר־טשעפּעט און קוקט אויף אים אַזוי עקשנותדיק שטאַר.

„פּיט" צאַפּלט אין גאַנצן, ער פֿאָכעט מיט די פֿליגעלעך: אַוועק, אַוועק... זשזשזש... טראַך!

טרילל, טרילל, צו הילף, מענטשן!...

טרילל...

שטיל.

# זשעף און מאַרקיז

אויף ברוסעלער גאַסן, אין אַ שווערן לאַסטיקן וועגל מיט שטיינקוילן, זיינען געגאַנגען איינגעשפּאַנט: אַ הונט און אַ מענטש.

דער הונט איז געווען „מאַרקיז" — אַ שוואַרצער גרויסער הונט מיט בייז־רויטע אויגן.

דער מענטש איז געווען „זשעף דער נידעריקער", אויך אַ שוואַרצער מיט ווייס־רויטלעך־אָנגעצונדענע אויגן און מיט אַ פּאַר־שמירט אויסגעמאַטערט פּנים.

איינגעשפּאַנט אין וועגל, אָנגעשטרענגט שלעפּנדיק אים, פּלעגן זיי גיין גלייך — האַרט איינער לעבן אַנדערן, זייט ביי זייט, טריט אין טריט. פון דערווייטנס און אַפילו נעענטער וואָלט מען אין קיין פאַל ניט געקאָנט דערקענען, אַז דאָס איז אַ הונט מיט אַ מענטשן, אָדער אַ מענטש מיט אַ הונט, נאָר צוויי הינט, אָדער צוויי מענטשן, קלערט ווי איר ווילט...

וואָרים ווי ביי מאַרקיזן די פעל, אַזוי איז אויך ביי זשעפן געווען אויסגעריבן און צעטרעמפּלט די קליידער און דאָס לייב. זיין באַוואַקסענער, ניט געשווירענער קאָפּ, די לאַנגע צעשויבערטע האָר מיטן טעמפּן אויסדרוק אויפן פּנים, זיין אויסגעקרימטער אין דרייען־געבויגענער קערפּער האָט אויסגעקוקט אַזוי הינטיש און ענלעך צו מאַרקיזן, ווי מאַרקיזס פיגור — אויף זשעפן.

ביידע שוואַרצע, ביידע פאַרמאַטערטע, שמוציקע און מידע, זיינען זיי געקראָכן איבער די שיינע זויבערע, אויסגעצירטע גאַסן, געשלעפּט דעם וואָגן שטיינקוילן, זיך צונויפגיסנדיק מיט אים אין אַ שוואַרצן מרה־שחורהדיקן פלעק.

פונם לאַנגן שלעפּן די זעלביקע לאַסט זיינען זיי איינער צום אַנדערן צוגעוואוינט געוואָרן. דער בייזער צאָרנדיקער מאַרקיז האָט

נאָר שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט פֿון וועמען־עס־איז נקמה נעמען, געגלוסט אַריינשטעכן די שאַרפֿע ציין און איז צעקריגט געווען מיט דער גאַנצער וועלט. פֿלעגט אָבער אַ פֿריילעכער ווערן, דערזעענדיק זשעפֿן. נאָר פֿון איין זשעפֿן האָט ער זיך געלאָזט אָנטאָן און אויסטאָן דאָס מויל־ציימל און אַפֿילו אַריינשטעקן די האַנט אין זיין געפֿערלעכן מויל אַריין.

זשעף פֿלעגט אים איינשפּאַנען און זיך אַליין איינשפּאַנען. אַ צווייטן וואָלט דאָס מאַרקיז פֿאַר קיין פֿאַל ניט געלאָזן. הינט, זיינס־גלייכן אַפֿילו, האָט מאַרקיז פֿיינט געהאַט. און גאָר אין אַ ווילדן צאָרן פֿלעגט ער אַריינקומען און זיך רייסן פֿון קייט, דער־זעענדיק הינט און הינטלעך פּוסט־און־פּאַסניקעס, וואָס לויפֿן אַרום פֿראַנק און פֿריי און ווייסן פֿון קיין יאָך ניט.

אַלעמען האָט ער פֿיינט געהאַט, אויסער זשעפֿן, זיין איינציקן חבר. זשעף איז געווען דער זעלבער עלנטער, ווי ער, און דעם גרעסטן טייל פֿון זיין לעבן האָט ער פֿאַרבראַכט מיט מאַרקיזן.

אַלע באַגינען פֿאַרן צעפֿירן די קוילן צו זייער באַלעבאָס קונדן, האָט זשעף געגעבן מאַרקיזן דאָס אָנגעגרייטע עסן, געשפּילט זיך מיט אים, געראַנגלט זיך, געהייסן אים זיך שטעלן אויף די הינ־טערשטע פֿיס און געוואָרפֿן שטיקלעך ברויט פֿון אייגענעם פֿרי־שטיק אין דער לופֿט, אַז מאַרקיז מיט אַן אָפֿן מויל זאָל אונטער־שפּרינגען און כאַפּן. אַמאָל, אַז זשעף פֿלעגט געפֿינען עפּעס „רעכטס" אין מאַרקיזס עסן, ווי געפּרעגלטע פֿיש, פֿלעגט ער אויך פֿאַרזוכן ... אָפּטמאָל האָבן זיי זיך פּשוט געטיילט מיט זייער מאָלצייט. און געשלאָפֿן זיינען זיי אויך איינער לעבן צווייטן: זשעף אין שטאַל פֿון קוילן און מאַרקיז — אין זיין ביידל דערביי.

זשעף איז אַ רואיקער מענטש געווען. אים האָט ווייניק גע־אַרט, ווען ער איז געבליבן אָן כּוחות. ער פֿלעגט קיינמאָל ניט אַריינקומען אין צאָרן. ער האָט אַפֿילו קיינמאָל ניט געקלערט וועגן דעם... און ווען ס'האָט אים שוין שטאַרק ווי געטאָן דער רוקן, און אַלע גלידער זיינען ווי אָפּגענומענע געווען פֿון מידקייט, פֿלעגט ער זיך נאָר אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע אין מיטן גאַס, איבערכאַפּן דעם אָטעם און שלעפּן ווייטער.

אָבער מאַרקיז, ווען ער איז פֿאַרמאַטערט געוואָרן, האָט ער מיט אַ שווער אָטעמדיק אָפֿן מויל זיך אַוועקגעלייגט, זיך אויסגע־צויגן אויף די פֿאָדערשטע לאַפּעס און געברומט יאָמערלעך, בייז און האַרץ־רייסנדיק. דעמאָלט האָט קיין זאַך ניט געהאָלפֿן. ניט זשעפּס געשרייען, ניט קיין קלעפּ אַפֿילו. ס׳פֿלעגט אים אָנקומען גענוג שווער ביז וואַנען ער פֿלעגט איינריידן זיין חבר, אַז מ׳זאָל שלעפּן ווייטער דעם יאָך צוזאַמען.

זשעף האָט ניט געוואוסט פֿון מאַרקיזס חלומות און ניט פֿון זיין קנאה און צאָרן. ווען מאַרקיז האָט זיך געוואָרפֿן אויף אַנדערע האָט ער זיך באַמיט אים איינצושטילן און דערביי אים דערקלערט „שווייג, האָסט ניט פֿאַרוואָס צו בילן״.

זשעף האָט נאָך קיינמאָל ניט געפּרואווט זיך צוגלייכן צו אַ צווייטן מענטשן. פֿון קליינערהייט אָן האָט ער געשלעפּט דעם וואָגן און קיינמאָל ניט אַ קלער געגעבן ס׳אָרא הינטיש לעבן דאָס איז!

פֿון זיין גאַנצער פֿאַרגאַנגענהייט געדענקט ער נאָר איינס: זיין געבורטסטאָג. דעם טאָג האָלט ער שטענדיק פֿאַר אַ יום־טוב און טרינקט זיך דאָן אָן. און שוין מיט אַ צייט פֿריער הייבט ער אָן צו זאַמלען סאַנטים צו סאַנטים, כּדי ער זאָל זיך קאָנען דעם טאָג אָנשיכּורן — כאָטש אַ גאַנץ יאָר טרינקט זשעף קיינמאָל ניט.

און פֿון יאָר צו יאָר, ווען ער שיכּורט זיך דעם טאָג אָן, ווערט ער צערייצטער און צערייצטער. דעמאָלט קריכט ער אַ שיכּורער מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס צו יעדערן, וועמען ער טרעפֿט נאָר אין שענק, בעט, מע זאָל מיט אים טרינקען: אַזאַ טאָג... אַזאַ טאָג — מורמלט ער מיט שיכּורע טרערן אויף די אויגן, נאָר מען קערט זיך פֿון אים אָפּ מיט אַן עקל, ראָלט ער צונויף די פֿויסטן און שרייט:

— איך בין אויך אַ מענטש!... אויך אַ מענטש... איך בין היינט געבוירן געוואָרן...

נאָר גענוג איז אַ שטרענגער בליק פֿון ווער־עס־איז, אַ הויך געשריי פֿון באַלעבאָס, אַז זיין אויפֿרעגונג און כּעס זאָל פֿאַרשווינדן. מיט צעשראָקענע שיכּורע אויגן קוקט ער זיך דעמאָלט אַרום און קריכט אַוועק ערגעץ אין אַ ווינקל.

ווי אַלע יאָר, האָט ער זיך דאָס מאָל אויך צוגעגרייט צו דעם פֿייערלעכן טאָג, באַלד באַגינען, גלייך מיט דער זון איז ער אויפֿגעשטאַנען, פּאַמעלעך אַרויסגעשלעפּט מאַרקיזן פֿאַר דער קייט פֿון ביידל, אים ליבלעך אַ קלאַפּ געגעבן איבערן רוקן, אַ גלעט געטאָן איבערן האַלדז. מאַרקיז האָט זיך געצויגן און געגענעצט. זשעף האָט שטאָלץ און פֿייערלעך אויסגערעדט:

— ווייסט, מאַרקיז, היינט איז מיין געבורטסטאָג!...

מאַרקיז, ווי ער וואָלט פֿאַרשטאַנען, האָט מיט אַ פֿריילעכן מרוק אים באַגריסט און שטעלנדיק זיך אויף די הינטערשטע פֿיס, האָט ער די פֿעדערשטע אַרויפֿגעלייגט אויף זשעפֿס אַקסלען און אים אָנגעהויבן לעקן דאָס פּנים...

— גענוג, מאַרקיז — זאָגט זשעף, — ס'איז ניטאָ קיין צייט. היינט מוז מען פֿריער צעפֿירן די קוילן. מיר וועלן גלייך אַרויספֿאָרן... דערפֿאַר וועלן מיר שפּעטער זיין אַ גאַנצן טאָג פֿריי.

מאַרקיז האָט זיך דורכגעדרונגען מיט זשעפֿס שטימונג, און יעדן סימן פֿון אומצופֿרידנקייט האָט ער זיך געלאָזט איינשפּאַנען ניט געגעסענערהייט און מיט גרעסערע שנעלערע טריט ווי געוויינטלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט איבערן שטאָט.

די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך. מאַרקיז, אַ הונגעריקער און אַ מידער, האָט געברומט פֿאַר פֿרייד, דערשפּירנדיק, אַז דאָס וועגל איז שוין באַלד ליידיק און וועט אין גיכן זיך פֿאַרנעמען אַהיים. פֿון צופֿרידנקייט האָט ער אַפֿילו דורכגעלאָזט אַ פּאָר גראָבע אויסגעפּאַשעטע מאָפּסן מיט ווייסע, זילבער־אויסגעשטיקטע העמדלעך, מיט רויטע ברעגן און ניט אָנגעפֿאַלן אויף זיי.

נאָר אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביים לעצטן קונד, פּונקט ביים שענק. זשעף האָט אַריינגעטראָגן די קוילן און איז שוין מער ניט אַרויס...

אומזיסט האָט מאַרקיז געוואַרט שעה'ן לאַנג, געקוקט מיט הונגעריקע בעטנדיקע אויגן אויף דער טיר, וואו זשעף איז פֿאַרשוואונדן; אומזיסט האָט ער אומברחמנותדיק געבולן און גערופֿן —

זשעף איז ניט אַרויסגעקומען... ערשט שפּעט פאַרנאַכט האָט זיך ברייט אויפגעעפנט די טיר און זשעף, אַ שיכּורער, פאַלנדיק פון די פיס, מיט אַ גלאָז ביר אין האַנט, האָט זיך אַרויסגעשלעפּט אויפן גאַס.

ער איז צוגעקראָכן, וואַקלענדיק, צו מאַרקיזן, זיך געשאָקלט ווי אַן איינזאַמער זאַנג פון ווינט און געפּלאַפּלט שיכּורערהייט:

— מיין געבורטסטאָג, מאַרקיז!... אַ גליקלעכער טאָג... נאַ, טייערער ברודער, טרינק!... טרינק!...

מאַרקיז האָט האַלב־צאַרנדיק געברומט, זיך אויפגעהויבן פון אָרט מיט ציטערדיקע פיס, אָפּגעדרייט דעם קאָפּ פונם אויסגעגאָסענעם גלאָז ביר און זיך אָנגעהויבן רירן פון אָרט...

— אָ!!! — האָט זשעף אָנגעהויבן צו שרייען און איז געוואָרן אַלץ ווילדער — דו ווילסט ניט טרינקען... אַזאַ חבר ביסטו מיר... ביסט ניט מיינער קיין חבר... דו ביסט אַ הונט, איך בין אַ מענטש... יאָ... אַ מענטש... כ׳וועל אויף דיר פאַרן. כ׳וועל מער ניט שלעפּן — האָט ער הייזעריק געשריען, זיך אַריינגעקייקלט אין וואָגן און געפּאָכעט מיטן הייטל — כ׳פאָר... קיינער איז ניט גלייך צו מיר... פאָראויס! פאָראויס!

מאַרקיז איז געלאָפן מיטן וואָגן אַ צעטומלטער פון די געשרייען, קלעפּ און הונגער; מיט די לעצטע כּוחות איז ער געפלויגן אַלץ שנעלער און געשווינטער. מיט אַ שווערן אָטעם און צונויפגעפּרעסטער ברוסט, מיט אַ ברייט געעפנט מויל, וואָס האָט דאָך ניט געקאָנט שלינגען גענוג לופט פון שרעקלעכער מידקייט און אויסגעמאַטערטקייט, איז מאַרקיז, פּלוצלונג, ווען זיי האָבן זיך אומדערוואַרט געפונען אונטערן שטאָט, אַ פאַל געטאָן, זיך אויסגעצויגן, אַרויסגעאָטעמט אַ שווערן קרעכץ, קאָנוואולסיוו אַ ציטער געטאָן און געבליבן טויט.

אַ לאַנגע צייט האָט נאָך זשעף געשריען, ליגנדיק אויפן וואָגן אין מיטן וועג, פּאָכנדיק מיטן הייטל.

די נאַכט, די שטילקייט אַרום, האָט אים אויסגעניכטערט אַביסל און פאַרשלעפערט. שפּעטער, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט

און אַנגעהויבן פֿאַרשטיין און זיך עפּעס דערמאָנען, איז ער אַ צע־טומלטער, מיט צעמישטע געדאַנקען אַראָפּגעקראָכן פֿון וואָגן, זיך איבערגעבויגן איבער מאַרקיזס טויטן קערפּער, טרויעריק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַרויפֿגעלייגט אים אויפֿן וועגל, זיך איינגעשפּאַנט און שטום זיך געלאָזט אַהיים...

# קאַשטאַן

האָט איר געלייענט שלום-עליכמס מעשה וועגן אַ ייִדישן הונט „ראַבטשיק"? ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַזאַ קהלשער ייִדישער הונט, אָבער גאָר פון אַ גאַנץ אַנדער טבע.

„קאַשטאַן" האָט מען אים גערופן. — אַ געלער, אויסגעפּאַשע־טער הונט ווי אַ קאַלב, און שטאַרק ווי אַן עקסל.

ביי אונדז אין שטעטל איז אויך געווען שלום-עליכמס גאַנצע קאַפּעליע קצבישע הינט: דער שוואַרצער „זשוק" אַן דעם ווײַדל, דער רויטער מאַכנאַטער „רודעק", דער קליינער עזותדיקער „צור־ציק" און די אַלע אַנדערע הינט, וואָס פלעגן זיך אַרומדרייען אַרום די יאַטקעס בייטאָג און ביינאַכט איבערן פוסטן מאַרק.

דאָס זיינען אַלץ געווען הינט מיט הינטישע אונטערטעניקע כאַראַקטערס. מיר, ייִנגלעך, האָבן געקאָנט מאַכן מיט זיי, וואָס מיר האָבן געוואָלט: צווינגען זיך שטעלן „סמירנאָ" אויף די הינטער־שטע פיס: אונדז אָפּגעבן „טשעסט" מיט איין לאַפּע, אַנבלאָזן אין אַן אויער, אָדער גאָר צוקוועטשן דעם ווײַדל...

אָבער מיט קיין איינעם פון זיי האָבן מיר ניט געפירט קיין חברשאַפט; חבר זיינען מיר נאָר געווען מיט קאַשטאַנען, כאָטש ער פלעגט זיך ניט שטעלן „סמירנאָ", זיך ניט לאָזן בלאָזן אין אויער, און וועגן צוקוועטשן דעם ווײַדל איז שוין אָפּגערעדט.

ער איז געווען אַ שטאָלצער הונט, אַ פּערזענלעכקייט, מיט אַ מויל ציינער, וואָס ער פלעגט ביי זיין יעדער אומצופרידנקייט אַזוי אַרויסווייזן, אַז מען האָט געמוזט האָבן דרך־ארץ.

קאַשטאַנען האָבן מיר ליב געהאַט. וועגן קאַשטאַנען האָבן די עלטערע כיתות ייִנגלעך דערציילט מעשׂות: אַז ער האָט אַרויס־געשלעפּט פאַרן קליידל אַ מיידעלע פון טייך; אַז ביי נאַכטע דעם

פּאַכטער האָט ער געראַטעוועט אַ פערד פון וועלף, און דער עיקר, ער האָט ביי דעם רבין, „ר׳ בערציק קניפּ", אָפּגעריסן אַ פּאָלע און אים אויף טויט איבערגעשראָקן... אמת, דאָס געשמיסענע ייִנגל, וואָס האָט קאַשטאַנען אָנגערייצט, איז ווידער געשמיסן געוואָרן און קאַשטאַנען האָבן ר׳ בערציקס קרובים אַ פּאָר טעג אַרום־געזוכט, אָבער קאַשטאַן איז געוואָרן אונדזער העלד און אונדזער חבר.

קאַשטאַן איז טאַקע געווען אונדזערער אַ קינדערשער הונט. אויב ער פלעגט ניט דערלאָזן מאַכן קיין קונצן מיט זיך, האָט ער אָבער גוטמוטיק געלאָזט פירן אויף זיך אונדזערע קליינע ברידער־לעך און שוועסטערלעך. ער פלעגט זיך שטיין רואיק, גוטמוטיק, און לאָזן זיי אַרויפזעצן זיך אויפן רוקן; פון צייט צו צייט אומדרייען דעם קאָפּ, אַ קוק טאָן, וואו האַלט עס דאָרט אין דער וועלט, צי עס זיצט שוין, און פּאַוואָליע זיך דורכשפּאַצירן מיטן קינד.

ער איז אויך געווען אַ ייִדישער הונט. אַ חזיר פלעגט ער אַ גאַס ניט אַדורכלאָזן. פלעגט ער נאָר דערזען אַ חזיר, פלעגט ער זיך אַ וואָרף טאָן ווי אַ וואָלף, זיך איינבייסן אין אַן אויער און אַזוי באַגלייטן דעם קווינטשענדיקן חזיר ביז די גויאישע גאַסן.

די „מעשטשאַניעס" האָבן אים דעריבער שטענדיק געוואָלט פאַרסמען. ניט איין מאָל האָבן שקצים אים אונטערגעוואָרפן ברויט מיט גיפטיקע קאַשטאַנעס, פעטע קאָטלעטן מיט צעשטויסן גלאָז... נאָר שטענדיק פלעגט עס קאַשטאַן דערשמעקן און זיך ניט צורירן.

קאַשטאַן איז געווען אַ הונט פאַר זיך. קיין באַלעבאָס האָט ער ניט געהאַט און ניט געוואָלט האָבן. איז געקומען אַ ייִנגל זיך באַ־רימען, אַז ער האָט „איינגענאַדזשעט" קאַשטאַנען, אַז איצט איז שוין קאַשטאַן זיין הונט, און ער קאָן אים אָנרייצן אויף וועמען ער וויל, אַז ער האַלט אים אין שטוב און גיט אים פון „פייגל־מילך"... האָבן מיר געוואוסט, אַז עס איז ניט אויף לאַנגע יאָר. כמעט יעדער ייִנגל פון אונדז האָט עס פּרובירט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר געהאַט זיך צו רייצן מיטן ייִנגל: וואו איז קאַשטאַן? וואָס הערט זיך מיט דיין פייגל־מילך?

אין דער אמתן: וואָס האָט געקאָנט צובינדן קאַשטאַנען צו אַ באַלעבאָס, אַז האַרט הינטערן שטעטל האָט געגרוישט דער ברעג־לאָזער, צעוואקסענער וואַלד, וואו האָזן זיינען געשפּרונגען איבער פּאָליאַנעס, און געצויגן האָבן זיך ברייטע פֿעלדער, וואו פֿעטע קוראָפּאַטקעס זיינען געלעגן פֿאַרשטעקט מיט די קעפּלעך אין פּוכקען שניי און ווי געוואַרט נאָר, אַז קאַשטאַן זאָל קומען און זיי אַ כאַפּ טאָן מיט די ציינער.

---

אַלע הינט האָבן זיך געלעבט ביי אונדז אין שטעטל גוט און פֿריי. זיי פֿלעגן קיינעם ניט טשעפּען און קיינער האָט זיי ניט גע־טשעפּעט, אָבער ניט שטענדיק זיינען זיי געווען זיכער. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן זיך אַראָפּלאָזן פֿון דער גרויסער שטאָט צו אונדז אין שטעטל הינטשלעגער, אָדער ווי מיר פֿלעגן זיי רופֿן, „ראַקאַרעס“, אָדער „היצליעס“. אין אַזעלכע טעג פֿלעגן מיר גלייך באַגיינען דער־הערן די יללה פֿון די געכאַפּטע און צוגעשטיקטע הינט. אַרוים־קוקנדיק פֿון פֿענצטער, פֿלעגן מיר דערזען, ווי ס׳גייען הינטשלע־גער, יעדערער ביי איין זייט טראָטואַר מיט פּעטליעס אויף לאַנגע שטעקנס. און זיי גייען זיך אַזוי שטיל, געלאַסן, גנבהדיק. און ס׳איז נאָר געווען זיך צו וואונדערן: אַזעלכע לאַנגע שטעקנס, און זיי זעען זיך גאָרניט אָן; די היצליעס האַלטן די שטעקנס עפּעס פֿון דער זייט, פֿון הינטן, אַז זיי מערקן זיך גאָרניט.

לויפֿט אַ הונט פֿראַנק און פֿריי אַנטקעגן; ער מיינט גאָרניט, ער וויים גאָרניט... און פּלוצלונג אַ פֿייף, און די טויטן־פּעטליע וואַרגט אים שוין, דערשטיקט אין אים דעם אָטעם...

אַנדערע הינט כאַפּן זיך אין דער לעצטער רגע. גיט זיך דעם הינטשלעגער ניט איין צו פֿאַרציען די פּעטליע אויפֿן האַלדז, אָבער פֿאַר אַ פֿיסל האָט ער אים זיכער... און דער הונט שטעלט זיך אַנטקעגן, ער ראַנגלט זיך פֿאַרן לעבן; ער רייסט זיך, וויל זיך מיט וואָוט וואַרפֿן אויפֿן הינטשלעגער; אָבער זיינע ציין טרעפֿן נאָר אָן דעם געשמידטן ברעג פֿון לאַנגן שטעקן. מענטשן שטעלן זיך אָפּ קוקן אויף דעם הונטס ראַנגלעריי — גיט אים דער ראַקאַר אַ הייב פֿאַר דעם איינגעקרעמפּעוועטן פֿיסל אויפֿן הויכן שטעקל

אין דער לופֿטן און אַ טראַסק אָן ברוק, אַ הייב אין דער לופֿטן און אַ טראַסק אָן ברוק...

אויף אונדז, קינדער, פֿלעגט דאָס אָנקומען פֿון די הינטשלעגער אַנוואַרפֿן אַ מורא. די מאַמעס פֿלעגן אונדז סטראַשען מיט די ראַקאַרעס, מיט די היצליעס, פּונקט ווי מיטן אוריאַדניק. ביי אונדז אין די אויגן האָט אַ הינטשלעגער אויסגעזען, ווי אַ מלאך־המות. מיר האָבן געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַ היצל קאָן איינעם פֿון אונדז, קינדער, אויך זיך אַזוי גרינג, אַ הייב טאָן אַ פֿאַרצוויגענעם אין דער לופֿטן און אַ טראַסק אָן דר׳ערד, און אַ טראַסק אָן דר׳ערד...

ווידער האָבן מיר זיך געשראָקן פֿאַר קאַשטאַנען, טאָמער פֿאַלט קאַשטאַן אַריין. מיר האָבן געוואוסט, אַז די שקצים האָבן אָנגעבאָטן די הינטשלעגער צו כאַפּן קאַשטאַנען און אַז זיי זוכן אים אַרום. אָבער געוויינטלעך, פֿלעגט קאַשטאַן דערשמעקן, ווען די ראַקאַרעס פֿלעגן נאָר אַריין אין שטעטל, און גלייך נעלם ווערן אין וואַלד.

איינמאָל האָט זיך טאַקע ביי אונדז איבער די חדרים צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז די הינטשלעגער האָבן געכאַפּט קאַשטאַנען אויפֿן מאַרק. ווען מען איז פֿון אונדזער חדר געקומען צו לויפֿן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאַשטאַן איז אַדורכגעשפּרונגען דורך דער פּעטליע, ווי ער וואָלט זיך נאָר אַ רייץ געטאָן מיט די היצליעס. די צוויי הינטשלעגער זיינען געשטאַנען מיט עטלעכע שקצים און עפּעס געטענהט. אַ פּאָר ייִנגלעך האָבן באַגייסטערט דערציילט, ווי אַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען. אַלע אונדזערע האָבן קאַשטאַנען געריכט אין הימל אַרוין.

— קאַשטאַן איז אַ וואָלף! — האָט געטענהט דער רירעוודיקער בערעלע כייקלס.

— ווען קאַשטאַן קאָן קלעטערן, איז ער שטאַרקער פֿון אַ בער!

— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז קאַשטאַן קאָן ניט קלעטערן? — האָט זיך דער היציקער פֿישעלע אָנגענומען פֿאַר קאַשטאַנס כבוד.— אין שטאָט האָט ער ניט וואו צו קלעטערן, אָבער אין וואַלד קלעטערט ער אויף סאָסנעס...

ס'האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער. מיר האָבן דערזען די הינטשלעגער און די שקצים לאַכן צווישן זיך אויפֿן קול. דער העכערער הינטשלעגער, דער עלטערער, שטשירעט מיט די ציין ווי אַ הונט, און דער נידעריקער, מיט די געלע פּליאַמעס אויפֿן פּנים, טרייסלט זיך פֿון געלעכטער...

— זעסט דעם הויכן דאָרן היצעל? — האָט אונדז דערציילט פֿישעלע — דאָס עסט ער נאָר כאַרטן, דערפֿאַר איז ער אַזוי דאַר...

— און וואָס עסט דער געלער, דער גראָבער? — האָט גע־פֿרעגט בערעלע כייקלס.

— מיסתּמא מאַפּסן — האָט פֿישעלע לאַנג ניט געקלערט.

מיר האָבן דערזען ווי די ראַקאַרעס זעגענען זיך מיט די שקצים. און דער עלטערער דרייט זיך נאָכאַמאָל אום צו די שקצים, שטשי־רעט די ציין און רופֿט פֿון דער ווייטן:

— מי יעהאָ זלאַפּאַיעם... (מיר וועלן אים שוין כאַפּן!).

— כ'קאָן זיך שווערן, אַז דאָס מיינט מען קאַשטאַנען — האָט אַ זאָג געטאָן דוד'קע דעם שמידס.

.2

ס'איז געווען אין אַ ווינטערדיקן פֿרייטיק אין דער פֿרי. גלייך באַגינען האָבן מיר דערהערט שרעקלעכע, באַנומענע קולות פֿון הינט אויפֿן גאַס. פֿון אַלע הייזער זיינען מיר ייִנגלעך אַרויס. מיר זעען די זעלביקע צוויי הינטשלעגער שלעפּן שוין צוויי הינט אויף די פּעטליעס. די הינט האָבן זיך איינגעגעסן מיט די ציין אין די שטעקנס, כאָרכלען משוגע, און די היצליעס — אַלע מאָל אַ הייב אין דער לופֿטן און אַ טראַסק אָן דער צוגעפֿרוירענער ערד...

אָבער פֿאַרוואונדערט זיינען מיר געוואָרן און ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווען מיר האָבן דערזען, אַז אַ הונט, אַ לעבעדיקער הונט, אַ ווייסער מיט געלע לאַטעס, גייט זיך נאָך טריי די הינטשלעגער. צוערשט האָבן מיר געמיינט, אַז מע ציט אים אויך אויף אַ פּעטליע; מיר זעען אָבער, אַז ער גייט זיך פֿראַנק און פֿריי, מיטן אייגע־נעם ווילן.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ הונט? — האָבן מיר געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן.

— זעסט דאָך, אַז ס'איז אַ פֿרעמדער הונט.

— וואָס פֿאַר אַ הונט, ס'איז אַ צויג... — האָט זיך אָפּגערופֿן מיט פֿאַראַכטונג דוד'ל דעם שמידס, דער גרעסטער הינטקענער צווישן אונדזערע ייִנגלעך.

דעם גאַנצן האַלבן טאָג, ביזן סוף לערנען, האָבן מיר גערעדט וועגן דעם אין חדר. מיר האָבן דאָס ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווי קאָן דאָס זיין, אַז ראַקאַרעס זאָלן זען אַ הונט און אים ניט אַרויפֿציען אויפֿן פֿעטליע, און אַזאַ הונט זאָל גאָר נאָכלויפֿן אַ הינטשלעגער מיטן אייגענעם ווילן.

נאָך האַלבן טאָג, ווען מען האָט אונדז אָפּגעלאָזט אַהיים, האָבן מיר זיך, ווי שטענדיק, צונויפֿגעקליבן ביים טייך — גליטשן זיך אויף אונדזערע אַליין־געמאַכטע גליטש־שיכלעך מיט אונטערגעשמידטע דראָטן פֿון אַלטע פֿאַראַסאָלן.

פּלוצלונג האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ מהומה צווישן אונדז. חיימקע, רייצע דער אַלמנהס, איז געקומען צופֿליען מיטן היטל אין האַנט, ווי אַ פֿאַרסמטער:

— די היצליעס האָבן קאַשטאַנען געכאַפּט!

— געכאַפּט און אַוועקגעפֿירט צום „וויגאַן".

— האָסט אַליין געזען? — האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן.

— אַליין געזען; קאַשטאַן איז צוגעלאָפֿן צו דער צויג, האָבן אים די היצליעס געכאַפּט און אַוועקגעפֿירט צום „וויגאַן".

דער „וויגאַן" איז געווען אַ וויסט בלאָטיק פֿעלד. אַפֿילו זומער־צייט איז עס געווען מאָגער באַוואַקסן; און פֿלעגט פֿאַרקריכן אַהין אַ פֿערד אָדער אַ בהמה פֿון די אַרומיקע לאָנקעס, זיינען זיי געווען פֿאַרפֿאַלענע: זיי פֿלעגן איינזינקען אין זומפּ. שטענדיק פֿלעגט דאָרטן בולקען זיך און קלינגען, ווי די ערד וואָלט געזויגן מיט אַ סך מיילער. פֿון וויסטן זומפּ פֿלעגן אַרויסשטאַרצן סקעלעטן מיט צעבראָכענע ריפּן. צו דער טרוקענער זייט האָט פֿון בלאָטע אַרויסגעשטעקט אַ האַלב־צעפֿאַלענער פּאַרקאַן. אַנטקעגן, איבערן וועג,

האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פֿאַרלאָזענער מאָהילניק מיט אַ קליינער שטיינערנער „תּיפֿלע״. סיי זומער, סיי ווינטער, פֿלעגן שטענדיק אומפֿליען גאַלקעס איבער וויגאָן, טרייסלען מיט די געשפּריצטע לאַנגע ווידלען און מיט זייער וויסטן קוויטשיקן געשריי אָנוואַרפֿן אַ מרה-שחורה. אַהין פֿלעגן דאָס די הינטשלעגער ברענגען צושלעפּן די געכאַפּטע האַלב-דערשטיקטע הינט און דאָרטן זיי אָפּשינדן די פֿעל. ווינטער האָט עס גאָר אויסגעקוקט וויסט און פֿאַרלאָזן.

ווי אַ מחנה שפּערלעך זיינען מיר אָנגעלאָפֿן אויפֿן צוגעפֿרוירענעם וויגאָן. מיר האָבן דערזען הינט צוגעבונדן צום האַלב-צעפֿאַלענעם פּאַרקאַן, די צוויי היצליעס און זייער צויג. מיר האָבן אויך גלייך דערזען קאַשטאַנען. ער איז געלעגן אויף אַלע פֿיר מיטן פּנים צו אונדז, מיט אַ שטריק פֿאַרצויגן אַרום האַלדז, מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג, און געאָטעמט מיט די זייטן. דערזען אונדז, האָט ער זיך געוואָלט אויפֿשטעלן, אָבער איין פֿוס איז אים געווען איינגעקרעמפּעוועט, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן אויף אַלע דריי, אַ ביל געטאָן און צוריק אַנידערגעפֿאַלן.

דער ערשטער האָט אונדז דער ייִנגערער ראָקער דערזען; ער האָט אויף אונדז אָנגעוויזן דעם עלטערן און אַ געשריי געטאָן: „זשידזשי!״ ביי אונדז האָט דער אָטעם פֿאַרכאַפּט. מיר האָבן דערזען, ווי דער ייִנגערער נעמט אַ דראָנג אין האַנט און גייט צו אומשולדיק צו אַ שוואַרצן הונט און דערלאַנגט אים פֿון הינטן אַ שפּאַלט איבערן מוח... ביים שוואַרצן הונט איז עפּעס ווי אַ פֿרעמדע זאַך דורכגעלאָפֿן אונטערן פֿעל. פֿון זיך אַליין האָט ביי אים יעדעס פּיצעלע געזומען ציטערן און ער איז גלייך געזונקען אויף אַלע פֿיר.

צי האָט דער הינטשלעגער געמיינט אונדז אָפּסטראַשען, צי ניט, נאָר באַלד האָט ער אַרויסגענומען אַ בלאַנק מעסער, אים אַ פֿאָך געטאָן אויף דער זון, ס׳האָט אַ שפּיל געטאָן אַ „העזעלע״, און מיט איין מאָך האָט ער אים אַריינגעשטאָכן דעם הונט אין האַלדז אַריין.

און דאָ שטייט נאָך די צויג, לאַסטשעט זיך צום עלטערן און דרייט מיטן ווידל.

— מיר'ן קאַשטאַנען אָפּקויפן — האָט אַ געשריי געטאָן דיאָדקע דעם גבירס.

— אַלע, דאָס גאַנצע געלט אַהער! — האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל.

אויסער חיימקע דער אלמנהס, האָבן אַלע געגעבן; האָבן זיך אַלע אויף אים אַרויפגעוואָרפן: „גיסט, צי ניט!"

— וואָס?

— וואָס, וואָס? גיב געלט פאַר קאַשטאַנען. האָסט דאָך אַליין אַנגעזאָגט.

מיר האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַן אָרעמער, אָבער אַ בעל־גאווה. וואָלט ער כאָטש געזאָגט, אַז ער האָט ניט, נאָר ניין, ער גיט ניט...

מיר האָבן אים שיר ניט צעריסן. אַ ברוגזער איז ער אָפּגע־טראָטן אַן אַ זייט.

דיאָדקע דעם גבירס האָט געהאַלטן דאָס געלט אין ביידע הויפּנס, די אַלע קופּערנע קאָפּיקעס, דרייערס, און דידקעס, וואָס מען האָט צונויפגעקליבן, און אַ פרעג געטאָן:

— ווער גייט צום ראַקאַר אָפּקויפן קאַשטאַנען?

אַלע האָבן געשוויגן, אַלע האָבן מורא געהאַט צו גיין און ער אַליין אויך.

— איכ'ל גיין — האָט זיך אַרויסגערופן חיימקע דער אלמנהס.

— קענסט גוויאיש? — האָט אים גענומען אויספרעגן דוד'ל דעם שמידס — ווי וועסטו זאָגן?

— וואָס איז דיין דאגה?

— טאָמער קענסטו ניט?

— טאָ גיי אַליין! — איז ער אָפּגעטראָטן אַן אַ זייט.

— גיי, גיי... צום ראַקאַר — האָבן מיר זיך אַלע געמוזט בעטן ביי אים אַ היפּשע ווײַלע, ביז וואַנען ער האָט זיך איבער־געבעטן.

— זאָלסט ניט פאַרגעסן אָנהייבן מיט „פּאַניע", „פּאַניע היצעל" זאָלסטו אים זאָגן... — האָט אים נאָכגעשריען דוד'ל דעם שמידס.

מיט איינגעגעסענע אויגן האָבן מיר געקוקט ווי חיימקע דער אַלמנהם דערנענטערט זיך פּאַוואָליע צו די הינטשלעגער. דער על־טערער האָט זיך צו אים אומגעקערט און אים אַ רוף געטאָן מיטן פינגער, ער זאָל צוגיין גיכער.

מיר האָבן זיך דערשראָקן. אונדז איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, טאָמער וויל ער אים פֿאַרנאַרן, און אָט־אָט וועט ער אַ כאַפּ טאָן אַ שטעקן און פֿאַרוואַרפֿן אים אַ פּעטליע אויפֿן האַלדז.

— גיי ניט, גיי ניט! — האָבן אַנדערע ייִנגלעך אָנגעהויבן שרייען.

חיימקע האָט זיך אָבער גאָרניט צוגעהערט. ער איז דרייסט צו, און מיר האָבן דערזען, ווי ער ווייזט דעם דאָרן הויכן היצעל דאָס געלט. דער הינטשלעגער בייגט זיך צו, נעמט דאָס געלט, ציילט עס אויפֿן האַנט און לייגט אַריין אין קעשענע. מיר האָבן מיט פֿרייד אָפּגעצויגן דעם אָטעם: „צוגענומען דאָס געלט, קאַשטאַן איז אונ־דזערער...״

אָבער גלייך האָט זיך אונדז אָפּגעריסן אין האַרצן. מיר זעען ווי ער דרייט אום חיימקען פֿאַר די פּלייצעס, ווייזט אים אָן אויף אונדז, און חיימקע לויפֿט. מיר זיינען אים געלאָפֿן אַנטקעגן:

— וואָס האָט ער געזאָגט? ער גיט אָפּ קאַשטאַנען?

— ער האָט געזאָגט: „יעשטשע״, ער וויל נאָך געלט, וועט ער אָפּלאָזן קאַשטאַנען.

די גאַנצע מורא פֿאַרן הינטשלעגער איז ביי אונדז אַוועק, ווי־באַלד מען קאָן צו אים צוגיין, און ער דינגט זיך, וואָס איז דאָ מורא צו האָבן?

— געלט, ווער האָט געלט? — האָט מען זיך ווידער אָנגע־הויבן טומלען.

מיר האָבן אָבער מער קיינער קיין געלט ניט געהאַט; איז ביי אונדז געבליבן, מיר זאָלן צוגיין אַלע, ער זאָל אונדז אָפּגעבן קאַש־טאַנען אָדער דאָס געלט.

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די הינטשלעגער; זיי זיינען געשטאַנען, געוואַרט אויף אונדז און עפּעס געלאַכט.

— פֿאַניע היצעל, ניעמאַ פּיענענדזי... — האָט אָנגעהויבן דוד׳ל דעם שמידס. ערשט מיר זעען, אַז דער ייִנגערער כאַפּט אַ שטעקן און גיט זיך אַ לאָז אויף אונדז.

אויף אַלע פֿיס זיינען מיר זיך צעלאָפֿן, צעשאָטן איבערן צו־געפֿרוירענעם פֿעלד און אויפֿן וועג; דערפֿילט, אַז ער יאָגט אונדז שוין ניט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס האָסטו אים אַוועקגעגעבן דאָס געלט, — האָבן זיך עטלעכע גלייך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף חיימקע דער אלמנהס.

— איר האָט דאָך געהייסן...

— פֿרעמד געלט אַרט אים דען? — האָט פֿישעלע זיך געהיצט.

— כ׳וועל דיר באַלד אָפּגעבן, ווילסט?... — האָט חיימקע פֿאַרקוועטשט אַ פֿויסט.

— וואָס רייסט איר זיך? וואָס וועט זיין מיט קאַשטאַנען? — האָט זיך אַריינגעמישט וועלוול חיה־ריצעס.

— לאָמיר זיי פֿאַרוואַרפֿן מיט גרודעס און מיט שטיינער! — האָט זיך פֿישל צעהיצט און אָפּגעריסן אַ שטיק פֿאַרפֿרוירענע ערד.

ווי סאָלדאַטן האָבן מיר זיך צעשפּרייט איבערן וויסטן וויגאָן און איבערן וועג. מיר האָבן אָנגעהויבן האָגלען אויף די הינטשלע־גער מיט האַרטע קוילן שניי, מיט שטיקער פֿאַרפֿרוירענע ערד און שטיינער פֿון וועג.

די הינטשלעגער מיט דער צוויג האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף אונדז. דער צוויג האָבן מיר גלייך איבערגעהאַקט אַ פֿוס מיט אַ שטיין. די היצליעס האָבן זיך געיאָגט ווי נאָכן ווינט. זיי האָבן ניט געקאָנט כאַפּן קיין איינעם פֿון אונדז.

מיר האָבן אַלע מיט אונדזערע גאַנצע כּוחות געהאָגלט אויף זיי און ניט דערלאָזט קיין איינעם פֿון אונדז כאַפּן. אָט, אָט, דוכט זיך האַלט שוין אַ הינטשלעגער איינעם פֿון אונדז, אָבער באַלד באַגעגנט ער אַ שטורעם פֿון שטיינער, שטיקער אייז, אָדער גאָר אַ צי פֿאַרן פּעלצל פֿון הינטן און ער וואַרפֿט זיך אין אַן אַנדער זייט.

נאָר איין חיימקע דער אלמנהס האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זייט. מיר האָבן דאָס געזען און אין האַרצן געטראַכט: וואַרט, מיר וועלן זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

בײַסלעכווײַז זײַנען מיר געוואָרן מידער. די היצליעס האָבן שוין קײן אַכט ניט געלײגט אויף די שטײנער, וואָס זײ כאַפּן, און זיך גלײַך געוואָרפֿן נאָך אײנציקע פֿון אונדז. און פּלוצלונג, ווען דער יינגערער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ טײל יינגלעך און דער על־טערער היצעל נאָך אונדז, האָבן מיר דערהערט אַ שרעקלעך געשריי. מיר האָבן זיך אַלײן ניט געגלויבט: מיר זעען — קאַשטאַנען — אַ פֿרײען און ווי ער בײסט זיך אײַן פֿון הינטן בײַם עלטערן היצעל אין פֿום...

בײַם פֿאַרקאָן איז געשטאַנען חײמקע דער אַלמנהס און געהאַלטן אין אָפּבינדן נאָך אַ הונט.

# הונגער

אין ווינטערדיקן פּראַסטיקן באַגינען איז אַ ניו־יאָרקער שפּערל געשטאַנען אויף אַ דאַך און רחמנותדיק־קינדיש געצוויטשערט.

אויף אַן אַנטענע פון אַ ראַדיאָ האָט ער זיך פּאַרקליבן ווי אויף אַ שעדעלע. אַן אָנגעפרווירענער האָט ער אָנגעשטעלט די פעדער־לעך קעגן דער ביטערער קעלט, האָט איינגענורעט דאָס קעפּל, איינגעצויגן דאָס העלדזל און מיטן גאַנצן בייכל זיך אַראָפּגעלאָזט וואַרעמען די פיסלעך, וואָס האָבן זיך איינגעקרעמפּט אין קאַלטן דראָט.

אַן איינגענורעטער מיט אויפגעשטעלטע פעדערן, האָט ער אויסגעקוקט קיילעכדיק און דיק — אַן אָנגעבלאָזן שאַר פּענכערל, וואָס לאָזט אַרויס אַ רחמנותדיק פּישטשען.

ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי צוגעפרוירן צום דראָט, עפּעס אַן פיסלעך, אַן אַ קעפּל, נאָר דאָס שנעבעלע האָט אַרויס־געשטאַרצט, ווי עס וואָלט אים געוואַקסן פון בייכל — אַרויסגע־שטאַרצט און זיך באַוועגט און צוזאַמען מיטן שנאָבל האָבן זיך באַוועגט און פון דער זייט געקוקט דאָ איין שאַרף אויגל דאָ אַ צווייטס.

גלאַנצט אויף דאָ איין אייגל, דאָ דאָס צווייטע, קוקט אין הויף אַריין. אומעטום דער זעלבער טיפער שניי, וואָס אויף די ביימער אין פּאַרק, וואָס אויף די ביימער אין גאַס, ווייס און ריין. זאָל עס זיך כאָטש זען אַ טונקל ערטל, אַ שטיקל הוילע ערד, וואו מען זאָל קאָנען אַ צעפרוירן ווערעמל אויספּיקן, אַ קערנדל, רעשטלעך פון אַ פליג, אָדער גלאַט אַ זעמדל אין מיילכל, זאָל זיך כאָטש דוכטן, אַז מען האָט וואָס אויסגעפּיקט.

און עסן ווילט זיך אַ שרעק! שוין טעג און נעכט, אַז דאָס ווייסע שאָלעכטס שיט זיך פֿון הימל, אַט הערט דוכט זיך שוין אויף און הייבט ווידער אָן. אין פּאַרק, אויף די גאַסן איז אַלץ פֿאַרשאָטן, צוגעדעקט, איינגעפֿרוירן...

הו—הו—הו... האָט זיך עס פּלוצלונג צעדונערט, צעגרילצט און פֿאַרטויבט די וועלט. אַ טונקעלע לאַנגע חיה האָט אויפֿן גאָס ביים סאָמען דאַך פֿאַרבייגעצויגן מיט געפּילדער, מיט פֿינקלדיקע אויגן און מיט בליצן אונטער די לויפֿנדיקע פֿיס.

דער ניו־יאָרקער שפּערל האָט זיך פֿאַרן עלעווייטעד גאָרניט דערשראָקן, נאָר דער דראָט האָט אָנגעהויבן ציטערן, איז ער אַרי־בערגעפֿלויגן פֿון דער אַנטקעגנע אויף אַ „פֿרינדזש" אונטערן געזימס. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן סאָמען ראַנד, ווידער אויסגע־צויגן דעם שנאָבל, זייטיק געקוקט דאָ מיט איין אייגל, דאָ מיטן צווייטן, און געכאַפּט אַ הונגעריקן קוק אונטן אין הויף אַריין.

אַ פֿריידיקער פּיפּץ האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן און ווי אַ שווימער פֿון הויכן ברעג אין וואַסער, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן מיטן קעפּל אַראָפּ אין פּוסטן הויף אַריין.

דאָרט איז געשטאַנען צונויפֿגעשטעלט אַ גאַנצע קופּע מיסט־קאַנען, וואָס זיינען איבערנאַכט צוגעדעקט געוואָרן מיט הויכע, ווייסע שניי־היטלען. איז ער געבליבן שטיין אויף אַ הענטל פֿון אַ קאַן, האָט אַ צי געטאָן מיטן שנאָבעלע, געשמעקט די ריחות פֿון עסן און זיך אַרומגעקוקט צי עס איז ניטאָ קיין געפֿאַר.

באַלד אַ שפּרונגל אַהער, אַ שפּרונגל אַהין... די עס־ריחות ציען דאָס חיות, אָבער דאָס הויכע שנייאיקע היטל דעקט צו און באַהאַלט אַלץ אונטער זיך. שפּרינגט ער אַהער, שפּרינגט ער אַהין, אפֿשר דאָ. אפֿשר דאָרט, פֿון איין מיסט־קאַן צו דעם צווייטן, פֿון איין אייזערנעם אויער־הענטל אויפֿן צווייטן... און מיט אַמאָל אַ פֿלי און גלייך ווי פֿאַרשטאָרבן אויף אַ רגע.

ער זעט, ביי אַ קאַן פֿון אַ זייט שטאַרצט אַרויס אַ צעריסענער שוך מיט אַ צעלעכערטער פּאָדעשווע, און מאָדנע, פֿון פּאָדעשווע שטעקט אַרויס אַ שטיק ווייסע חלה...

צום אָנהייב האָט אים דער הונגער אַ שפּאַר געטאָן, געוואָלט זיך גלייך אַ וואָרף טאָן צום ווייסן ברויט, אָבער דערזען דעם שוך, האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן, הערסט. עס קוקט אויס צו זיין אַ מענטשנס פֿוס... פֿאַרן מענטשן אַליין האָט ער קיין מורא ניט, מענטשן טשעפּען ניט קיין שפּערלעך. אָט פּיקט ער דאָך שוין יאָרן אין די ניו־יאָרקער גאַסן, פֿאַרביי אים גייען מענטשן אָן אַ צאָל און קיינער האָט אים נאָך ניט געטשעפּעט. אמת, די קליינע מענטשעלעך, זייערע קינדער, לויפֿן אַמאָל נאָך מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך צו כאַפּן, אָבער פֿון זיי איז זיך גרינג אויסצודרייען, נאָר פֿאַר די מענטשישע פֿיס דאַרף מען זיך היטן, זיי קאָנען צעטרעטן!

האָט ער זיך פֿאַרזיכטיק גענומען דערנעענטערן — אונטער־געשפּרונגען, געקוקט. ניין, דער פֿוס רירט זיך ניט, אַן אומבאַוועג־לעכער פֿוס... איז ער זיך געשפּרונגען, אַ פּיק און אָפּגעשפּרונגען.

דער פֿוס רירט זיך טאַקע אויף אַן אמת ניט, אַן אמתדיק ווייס ברויט!

ערשט איצט האָט ער געטאָן אַ פֿלי אַרויף, זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן גזימס און פֿריילעך זיך צעצוויטשערט.

און גאָט איינער ווייס פֿון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען. פֿון אַלע זייטן האָבן זיך גענומען שיטן שפּערלעך; ווי שטיינדלעך זיינען זיי געפֿאַלן פֿון קאַלטן הימל הונגעריקע, צעפֿרוירענע, מיט אָנגעשטעלטע פֿעדערלעך און מיט קינדערשער צוויטשעריי זיך גענומען צו דער חלה. אין אָנהייב גאָר פּרובירט אַרויסקריגן די חלה פֿון שוך אַרויס, איז עס ניט געגאַנגען, האָבן זיי זיך געשטופּט ביי דעם שטיקל ווייס ברויט, געריבן זיך פֿליגעלע אָן פֿליגעלע, קעפּל איבער קעפּל און געפּיקט, געפּיקט...

אין הויף, פֿון אַ קעלער אַרויס, האָבן זיך אויף דער אויבער־שטער טרעפּ אַפֿריער באַוויזן צוויי פּאָר לאַפּקעס. גלייך האָבן זיך אַרויסגעשטעלט צוויי פּאָר פֿאַרשפּיצטע אויערן און קעצישע פּנימער, איינס אַ שוואַרץ פֿעט פּנים, מיט גרינע אויגן און שוואַר־צע וואָנצעס, דאָס צווייטע פּנים אַ געלאַטעט מיט געפֿלעקטע אויגן און געלע וואָנצעס. די פּנימער האָבן נאָך שטייפֿער אָנגעשפּיצט די אויערן, צונויפֿגעזשמורעט די אָנגעצונדענע אויגן, אַזוי געקוקט

אַ ווייל און ווי שלאַנגען זיך שטיל אַרויסגעצויגן מיטן גאַנצן קער־פּער אין הויף אַריין.

ביידע קעץ האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ רגע. שאַרף אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, און באַלד אָפּגעדרייט די קעפּ, ווי מע קען זיך ניט. ווידער בייז זיך אָנגעקוקט, ווידער אָפּגעדרייט, און פּלוצלונג האָבן די ראָזע פּייכטע נעזלעך אָנגעהויבן אויפֿציטערן, די אויגן זיינען געוואָרן ברייט, גרוים און געבליבן שטיין אָנגעצילט אויף די שפּערלעך. באַלד זיינען פֿון די אויגן געבליבן גרינע פּאַסיקלעך, ווי פֿינקלדיקע ווערימלעך, די אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן זיך אַוועק־געלייגט, און פֿון צוויי זייטן האָבן זיך די קעץ אַ צי געטאָן צו די מיסט־קאַנען.

די שפּערלעך פּיקן...

די שוואַרצע, פֿעטע קאַץ ציט זיך איבערן שניי אויפֿן בויך, ווי זי וואָלט גאָר אירע פֿיס ניט גענוצט, אַ צי — און זי זיצט שוין ווידער איינגעקנוילט מיט די פֿיסלעך אונטער זיך; די אויגן צו־נויפֿגעזשמורעט, דער קאָפּ אָפּגעדרייט אָן אַ זייט, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט ערגעץ צו ווייטע קלאַנגען, ניט צו דער קינדערשער צוויטשעריי פֿון די שפּערלעך... און באַלד גנביש אַ לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ צום שניי, אַ צי — און זיצט שוין אַ טריט נעענטער אומבאַוועגלעך, אומשולדיק.

די שפּערלעך פּיקן.

די ראַבע, מיט איינגעפֿאַלענע זייטן, די האָר אין קלאָמפּעס, האָט זיך געלאָזן רונד אַרום, רונד אַרום און מיט אַמאָל געבליבן שטיין, ווי איבערגעהאַקט אין צווייען.

זאַכט הייבט זי אַ לאַפּע נאָך אַ לאַפּקע. זיי בייגן זיך קיילעכ־דיק אוים, ציען זיך ווייך איין, שטעלן קליינינקע טריטעלעך, רירן קוים אָן דעם שניי, ווי ס'וואָלט קאַלט געווען אין די באָרוועסע פֿיסלעך. קוים אַ שפּור אויפֿן שניי, רונד אַרום — רונד אַרום, מיט דער פֿרומסטער מינע.

די שפּערלעך פּיקן...

די שוואַרצע קאַץ האָט זיך מיט אַמאָל צוזאַמענגעקרעמפּט, געטאָן זיך אַ צי אוים, עפּעס האָט אַ קראַץ געטאָן דעם שניי.

— היט זיך, אַנטלויפֿט! — האָט דער אויסקוקער אין דער לעצטער רגע אַ צוויטשער געטאָן.

אַ שפּרונג — און אַ פֿאַרשטיקטער שוואַכער פּיפּס. די שפּערלעך שיסן אַרויף ווי שראָט אין דער הייך. פֿון דעם מיסט־קאַן האָפּקעט אַוועק צום קעלער די פֿעטע קאַץ מיט אַ שפּערל אין די ציין, איינגעשטשעמעט אין העלדזל. נאָר די טונקעלע שפּערלשע פּיסלעך קרעמפּן זיך נאָך, און דאָס געשפּרענקלטע ווײַדעלע האָט זיך צעלאָזן אין אַ פֿעכער און ווילד זיך אויסגעשפּרייט ווי צום אַוועקפֿליען.

די ראָבע קאַץ האָט אָפּגעבראָכן איר פֿרומע מינע, פֿאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל און נאָכגעקוקט מיט זשעדנע אויגן די צעפֿלויגענע שפּערלעך, געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זײַטן, ווי נאָך פֿליגן אין זומער, און ניט געוואוסט וועלכן שפּערל פֿריער נאָכצוקוקן.

און די שפּערלעך האָבן זיך אָפּגעזעצט אויפֿן דאַך, אויפֿן געזימס, און זיך גע׳רעש׳ט.

די ראָבע קאַץ האָט זיך אַרומגעקוקט, דערזען אַ מענטש גייט איבערן הויף און מאַכט אַ וועג אין שניי, האָט זי אַ ווײַלע געקוקט, נאָכאַמאָל אַ בליק געטאָן אויף די שפּערלעך, זיך אומשולדיק אויפֿגעהויבן, צוגעקראָכן צו דער חלה, אַרומגעשמעקט, אַ ביס געטאָן, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ: ניין, עס געפֿעלט ניט און אַוועק כּלומרשט צום קעלער צו. פּלוצלונג זיך געגעבן אַ צי און זיך פֿאַרקליבן צווישן די קאַנען. דאָרט האָט זי איינגעטוליעט דעם קאָפּ, צונויפֿגעשמעלט אין פּאָסיקלעך די אויגן און אַראָפּגעלאָזט די אויערן.

ליגט, דוכט זיך,אַ טויטע קאַץ. ליגט, ליגט, רירט זיך נאָר דאָס סאַמע שפּיציקל, דאָ פֿון איין אויער, דאָ פֿון צווייטן, און מיט אַמאָל האָבן זיך ביידע אויערן אָנגעשפּיצט, שטייף געוואָרן.

אַרום האָבן די שפּערלעך שוין ווידער געפּיקט, נאָר דער אויסקוקער פֿון געזימס האָט געהאַלטן אין איין צוויטשערן: זײַט פֿאָרזיכטיק!

אומגעריכט האָט דער אויסקוקער דערזען אַ חיה קומט אָן אין הויף, האָט ער געוואָלט שוין מאַכן אַ ליאַרם, אָבער גלײַך מיטן שאַרפֿן אויגל דערזען, אַז אַ הונט קומט אָן, און זיך באַרויִקט,

מיט הינט לעבט מען בשלום... אָבער עפּעס אַ מאָדנער הונט, אַן אמתער פּגר מיט אַן אויסגעקראָכענער פֿעל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן ווײדל... מען דאַרף זײַן פֿאַרזיכטיק מיט אַזעלכע... און אַלײן אַראָפּגעפֿלויגן פֿון געזימס און זיך געשטעלט אויף אַן אויער, פֿון דער נאָענטן וועט ער בעסער קאָנען וואָרענען.

אויף די הינטערשטע פֿיס, האָט זיך די ראָבע קאַץ פֿון צווישן די קאַנען געטאָן אַ הייב אויף. איין פֿאָדערשטע לאַפּקע האָט זי אָנגעשפּאַרט אָן קאַן, די צווייטע איז געבליבן הענגען אין דער לופֿטן, ווי אַן איבערגעבראָכענע, ווי זי וואָלט געזאָגט: נאָט, זעט, זי הענגט בײַ מיר אַ פֿרעמדע, איך קאָן מיט איר גאָרניט טאָן... אָבער די שפּיץ מאָרדע האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון איבער די קאַנען און — בליציקע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אין אויסקוקער.

דער אויסקוקער האָט פֿון הונט קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט און פּלוצלונג זיך צעצוויטשערט: אַנטלויפֿט! אַנטלויפֿט!

אַ שפּרונג, אַ וואָרטשען... ווידער זײַנען זיך די שפּערלעך צעפֿלויגן אין אַלע זײַטן, ווי אַרויפֿגעשאָסענער שראָט.

די שפּערלעך האָבן נאָר דערזען, ווי דער הונט האָט זיך אַ לאָז געטאָן גלײַך צו זיי, געמיינט אויף זיי. איצט קוקן זיי פֿון דאַך, פֿון געזימס און צוויטשערן פֿון פֿרייד.

אַ ראָבע קאַץ שטייט גאָר אין מיטן הויף, לויפֿט אָפּ אין שרעק אַ שטיקל, און דער הונט נאָך איר. בלײַבט זי שטיין מיטן פּנים צום הונט, צעשיפּעט זיך גיפֿטיק מיט אויסגעשטשירעטע ציין, שטעלט אויס אַ לאַפּקע מיט גראָבלדיקע נעגל. בלײַבט ווידער דער הונט אײַנגעגראָבן אין שניי, לויפֿט זי ווייטער אָפּ אין שרעק צום קעלער צו.

צוויטשערן די שפּערלעך פֿריילעך: פֿון טויט געראַטעוועט! זיי זעען, די קאַץ איז שוין אין קעלער אַרונטערגעשפּרונגען, דער הונט שטייט אײַנגעגראָבן, קוקט אין קעלער אַרײַן, ווי אויף דער וואַך. ווילן זיי שוין ווידער אַרונטערפֿליען. ערשט, דער הונט דרייט זיך אום, שמעקט די לופֿט, און לאָזט זיך גלײַך צום ברויט.

צום אָנהייב האָט ער אויך פּרובירט אַרויסגראַבלען מיטן לאַפּע, איז ווידער ניט געגאַנגען, האָט ער אָנגעהויבן גריזשען מיט די ציין, זיינען דערוויייל ברעקלעך געפֿאַלן אויפֿן שניי.

איינציקע האָבן גענומען פֿאַרזיכטיק אַרונטערפֿליען. דער אויס־קוקער האָט אָבער באַלד ווידער אויפֿגעהויבן אַ ליאַרם.

אויפֿן הויף האָט זיך באַוויזן אַ טונקל געשטאַלט.

די שפּערלעך האָבן געקוקט און זיך געוואונדערט: דאָס פֿינצ־טערע געשטאַלט קוקט אויס ווי אַ מענטש, גייט אויף צוויי פֿיס, אָבער עפּעס ניט קיין מענטש; גייט צונויפֿגעדרייט, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט שטעלן אויף אַלע פֿיר; קיין פּנים ניט, נאָר ווילדע האָר, גייט, טרייסלט זיך, ווי צעבראָכן. באַלד טרייבט עס בייז אַוועק דער הונט, ראַיעט זיך אין דער מיסט־קאַן, שלעפּט אַרויס דעם אומבאַוועגלעכן פֿוס, פֿאַרקוקט דאָרטן, נעמט אַרויס אַ חלה, ברעכט אָפּ אַ שטיק און נעמט עס אין מויל אַריין.

די שפּערלעך האָבן זיך טרויעריק צעצוויטשערט: איצט איז שוין פֿאַרפֿאַלן. און זיך אַלץ געוואונדערט: וואָס איז עס, אַ מענטש, צי ניט?

פֿון אַ פֿענצטער האָט אַ שפּאַר געטאָן ראַדיאָ־מוזיק. די שפּער־לעך האָבן שטום זיך גענומען צוהערן. ערגעץ צווישערן פֿייגלען אויף גרינעביימער; ס׳איז וואַרעם, זוניק, ליב, וויפֿיל דו ווילסט. ערגעץ רוישט אַ וואַלד און עס מורמלט אַ טייכל... דאָס געשטאַלט איז אויך געבליבן שטיין מיטן שטיק ברויט אין האַנט און עפּעס געמורמלט.

די מוזיק־קלאַנגען האָבן זיך מיט אַ מאָל אָפּגעריסן. טרייסלענ־דיק זיך איז דאָס געשטאַלט אַוועק מיט דער חלה. די שפּערלעך האָבן נאָך פֿאַרצווייפֿלטער דערפֿילט דעם הונגער; ס׳איז קאַלט, ס׳איז ניט קיין וואַלד, ניט קיין זומער, ניט קיין טייכל, און עסן ווילט זיך אַ שרעק!

# דריי באַגעגענישן מיט הויז־חיות

## דאָס הינטל פֿון גרענד־קאָנקורס

בינדן זיך צו אײַך שטומע באַשעפֿענישן? לאָמיר זאָגן קעץ, הינט?

איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז צו מיר — יאָ, ווײַל איך האָב זיי זייער גערן, און ווי מיר דוכט, דערפֿילן זיי ווער עס האָט זיי ליב און בינדן זיך צו יענעם. שוין ניט איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז ווילד־פֿרעמדע קעץ און הינט האָבן זיך צוגעבונדן צו מיר אין גאַס און מיך נאָכגעפֿאָלגט און באַגלייט מײַנע טריט.

גאָר אַ שפּאָס האָב איך דאָ געהאַט מיט אַ מיס און איר הינטל.

איך בין געגאַנגען איבער גרענד־קאָנקורס — איינע פֿון די שענסטע גאַסן אין בראָנקס. עס איז געווען בייטאָג און אַ שיינער פֿרילינגטאָג דערצו. גרענד־קאָנקורס איז געווען פֿאַרפֿלייצט פֿון זון. עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן צו גיין. און ווי מיר דוכט איצט, האָב איך מסתּמא שטיל אונטערגעפּייפֿט צו זיך אַליין אַ מונטערע מע־לאָדיע.

איך זע, עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מיס און איר הינטל.

ווען עמעצער גייט מיט אַ הינטל, וואָלט איך שוין סיי ווי גע־קוקט אויף זיי. נאָר איך באַמערק, אַז די דורכגייער דרייען אום די קעפּ און קוקן זיי נאָך. בין איך געוואָרן נאָך נײַגעריקער.

און ניט קיין וואונדער וואָס אַלע קוקן זיך אום: עס גייט אַנט־קעגן אַ מאָגערע אויסגעצויגענע מיס און אַ קליין יונג הירשעלע גייט איר נאָך ביי דער זייט... זאָל מען זיך ניט אומקוקן?

אָבער, ווי איר קאָנט אַליין פֿאַרשטיין, איז עס ניט געווען קיין הירשל, נאָר אַ קליין ליב הינטל, אָבער פּונקט ווי אַ הירשל: דאָס ברוין־וואַרעמע קאָליר פֿון אַ הירשל, אַנגעשפּיצטע אייערלעך, דינע

גראַציעזע פּיסלעך, אַן אויסגעצויגן העלדזל, חנעוודיקע אייערלעך און אַ פּייכט, טונקל נעזל. אַלץ אויסגעטאָקט ווי ביי אַ הירשל. מערניט, דאָס הינטל האָט אַ פּאַריסן, פּאַרדרייטלטן עקל, וואָס אַ הירשל האָט ניט.

און קליין איז דאָס הינטעלע, אַז מע קאָן עס, דוכט זיך, האַלטן אין קעשענע און נאָר דאָס הירשענע קעפּל זאָל אַרויסקוקן. און ווייסע פּלעקן האָט עס אונטן אויף אַלע פּיר הירשענע פּיסלעך, ווי עס וואָלט געטראָגן ווייסע שיכלעך...

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אַן איינפּאַל פון אַ מים! אויס־צושטריקן און אויסצופוצן דאָס הינטל אין אַזאַ רויט סוועטערל ווי זיך אַליין. און נאָך אַרומנייען די ראַנדן מיט די זעלביקע קיילעכ־דיקע מעשענע קנעפּלעך, וואָס ביי זיך!

דאָס האָט נאָך מער ביי אַלעמען געריסן די אויגן.

ווען מיר האָבן זיך אויסגעגלייכט, האָב איך פּאַרלאַנגזאַמט מיינע טריט — געוואָלט זיי בעסער אָנקוקן. געווייינטלעך, עס פּאַסט דאָך ניט, האָב איך געמאַכט אַ פּנים ווי איך קוק ניט אויף זיי, און מן הסתם, ווייטער אונטערגעפּייפט, ווי איך באַמערק זיי גאָרניט.

אָבער איך האָב שוין גאָר גוט געקוקט אויף זיי.

איך זע: אַ מאָגערע אויסגעצויגענע מים אָנגעטאָן אין אַ שרייאיק־רויטן סוועטער מיט אַ הויכן קאָלנער, שטייף אַרומגע־פּאַסט פון האַלדז ביז דער טאַליע. די רונדיקע מעשענע קנעפּלעך אָנגעניייט אויפן ברוסט אין איין ריי, אויך פון האַלדז ביז דער טאַליע.

אַ רגע האָב איך אַ טראַכט געטאָן: ווי אַלט איז זי? און באַלד באַשלאָסן, אַז זי איז פון די מענטשן ביי וועלכע עס איז שווער צו דערקענען דעם עלטער. זי קאָן זיין יונג און זי קאָן זיין אַלט, נאָר גיכער עלטער, וואָרעם פאַר וואָס גייט זי, ווי מיר האָט געדוכט, אַזוי ברוגזדיק אין אַזאַ שיינעם פרייַלעכן טאָג, גייט מיט אַזאַ אויסגעצויגענעם נאָז, האַלט דעם צונויפגעראַלטן רימענדל פון הינטל שטייף פאַרקוועטשט אין האַנט און מיט אַ מינע פון „ריר מיך ניט אָן״?!

און אונטן גייט לעבן איר אַזאַ צאַרט קליין־פּיצינקס הינטעלע, אַן אויסגעטאָקט קליין הירשעלע!

איך האָב זיך אַנטציקט פֿון הינטל, נאָר מיך האָט געוואונ־דערט: זי האַלט אים ניט אויפֿן רימענדל, ער גייט אַ פֿרייער און דאָך גייט ער ביי איר זייט ווי אַ סטאַטיק.

„נאָך אַזאַ יונגינקער", האָב איך געטראַכט, „און זי האָט אים שוין אויסגעלערנט, אַז ער זאָל איר נאָכגיין אַזוי סטאַטעטשנע... אפֿשר דערקענט מען אויף אים אויך ניט די יאָרן, וואָרעם, ווי איז עס אַנדערש מיגלעך?"

איך בין זיי פֿאַרבייגעגאַנגען אפֿשר אַ טריט. איך ווייס ניט, צי צוליב מיין פּייפֿן, אָדער צוליב עפּעס אַנדערש, נאָר איך האָב גיכער דערפֿילט ווי דערזען, אַז דאָס הינטל האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעקערט פֿון דער פֿריילין, פֿלינק צוגעפּיסלט צו מיר, גענומען שמעקן מיינע טריט און מיך נאָכלויפֿן.

איך האָב אויך גיכער דערפֿילט ווי דערזען, אַז די מיס דאָרט, הינטער אונדז, האָט זיך אָפּגעשטעלט און קוקט אונדז נאָך. איך האָב אָנגעהויבן גיין גאָר פּאַמעלעך און זיך ניט אומגעקוקט. וואָס זאָל איך לייקענען, איך האָב שוין געזען, אַז עס איז אַ יונג הינטל, גאָר אַ יונג הינטל, איז מיר געווען אָנגענעם וואָס אַזאַ שיין הינטל באַגלייט מיך אַ ביסל.

פֿאַרשטייט זיך, איך האָב דערוואַרט, אַז דאָס הינטל זאָל זיך באַלד אָפּקערן און צוריק אַוועקלויפֿן צו זיין באַלעבאָסטע, וועלכע, איך ווייס, שטייט דאָרטן פֿון הינטן און קוקט אונדז נאָך. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך פֿיל שוין בליקן וואָס שפּיזלען מיך דורך... איך גיי און דאָס הינטל גייט מיר אַלץ נאָך. איך האָב דערוואַרט, אַז די מיס זאָל אַ רוף טאָן איר הינטל, אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז יענע געווען פֿון דעם אַזוי איבערראַשט, אַז זי האָט אומישנע ניט געוואָלט אים אַ רוף טאָן, ווי זי וואָלט זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן, ווי ווייט הינטלס ניט־טריישאַפֿט קאָן דערגיין. איך בין זיך דערווייל פּאַמעלעך געגאַנגען און דאָס הינטל נאָך מיר.

ענדלעך האָב איך דערהערט אַ שאַרפֿלעכן, בייזלעכן רוף:
„דיוקי!״

ווײַס איך שוין, אַז דאָס הינטל רופֿט מען „דיוקי״. דאָ האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז איצט וועט דאָס הינטל זיכער זיך שוין אומקערן צו זײַן באַלעבאָסטע און ניט ווילנדיק אַ קוק געטאָן צו אים, ווי זיך צום געזעגענען. נאָר איך האָב זיך שוין אַליין פֿאַרוואונדערט: דאָס הינטל גייט מיר אַלץ נאָך. עס האָט זיך בלויז אָפּגעשטעלט ביים רוף, האָט אויף אַ ווײַל אויסגעדרייט זײַן הירשן קעפּל צו זײַן באַלעבאָסטע, ווי זיך מיישב געווען אַ ווײַלע און מסתּמא באַשלאָסן מיר ווייטער נאָכצוגיין, אַז איך זאָג אײַך, אַ נאַריש הינטל!

די רופֿן פֿון דער מיס זײַנען געוואָרן געדיכטער און שאַרפֿער. דאָ האָב איך באַשלאָסן אַליין זיך אָפּצושטעלן. נאָך אַלעמען, איז דאָס הינטל ניט מײַנס, און צוליב וואָס זאָל איך פֿאַרשאַפֿן קלעמעניש אַ מיס צוליב אירם אַ הינטל?

ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך דאָס הינטל אויך אָפּגעשטעלט, האָט ווידער געשמעקט מײַנע טריט, אַרויפֿגעקוקט צו מיר און ווי זיך געוואונדערט און געפֿרעגט: „וואָס ביסטו געבליבן שטיין? עס איז גוט צו שפּאַצירן...״

די מיס האָט אָנגעהויבן צוגיין צו מיר מיט גיכע טריט. איך בין געבליבן שטיין אויפֿן אָרט עפּעס ווי אַ שומר פֿון דעם הינטל, אַז ער זאָל ניט אַוועקלויפֿן פֿון איר. איך האָב פֿאַרשטאַנען איר פֿאַרדראָס, ווען זי האָט זיך אָנגעבויגן און גערעדט האַלב מיט אַ שמייכל צו מיר און האַלב אין כּעס צום הינטל: דו ביסט אַ שלעכטער, דו באַאומרואיקסט פֿרעמדע מענטשן, די ביסט נאַריש און מע דאַרף דיך גוט באַשטראָפֿן...

איך האָב זיך אַ ביסל דערשראָקן, טאָמער באַשטראָפֿט זי טאַקע דאָס הינטל צוליב מיר, און כּדי ווייכער מאַכן איר האַרץ, האָב איך געזאָגט:

— עס איז ניט זײַן שולד, הינטלעך בינדן זיך צו מיר. דיוקי איז זייער אַ שיין און פֿאָלגנדיק הינטל.

אירע העלע אויגן האָבן אויף מיר אַ קוק געטאָן:

— געוויס! — האָט זי מיר געענטפערט שטאָלץ און טרוקן.

די מיס, ווייזט אויס, האָט שוין מער ניט געטרויט איר הינטל. זי האָט אים אויפגעהויבן פון טראָטואַר צו זיך אויפן אָרעם און געהאַלטן עס ווי אַ קינד. דאָ האָט זיך נאָך מער אַנגעזען דער זעלבער קאָליר פון ביידע סוועטערס און איך האָב ווידער אַ טראַכט געטאָן: אַן איינפאַל פון אַ פריילין! אָבער ליב האָט זי איר הינטל, מסתמא ווי אַן אייגן קינד...

איך האָב שטום אויפגעהויבן מיין הוט, זיך אומגעדרייט און גענומען אַוועקגיין. געמאַכט אַ טריט און ניט טראַכטנדיק זיך אומגעקוקט. דאָ האָט פּאַסירט אַ זאַך, אויף וואָס איך אַליין האָב זיך ניט געריכט. די מיס, ווייזט אויס, האָט אויך ניט ווילנדיק זיך אומגעקוקט, און דאָס הינטל — באַץ פון איר האַנט און גלייך צו מיר...

איך בין ווידער געבליבן שטיין און זיך דערפילט אי שטאָלץ, אי שולדיק...

איצט איז די מיס צוגעגאַנגען גאָר האַסטיק און גאָר בייז, אַ הייב געטאָן „דיוקין" פאַרן קאָלנערל, דיוקי איז געבליבן הענגען אין דער לופטן ביי איר אין האַנט, מיט הילפלאָז־צעשפּרייטע פיס־לעך און עפּעס אַזוי צו מיר רחמנותדיק אַ קוויטשל געטאָן, ווי איינער זאָגט, ראַטעווע, ס'איז ניט גוט...

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן?

איך האָב שטרענג אָנגעקוקט דער מיס און ווידער געזאָגט:

„דיוקי" איז זייער אַ פאָלגנדיק שיין הינטל. איר מעגט זיין שטאָלץ מיט אַזאַ הינטל!

און אַזוי זיינען מיר זיך פונאַנדערגעגאַנגען. עס האָט מיך שטאַרק געאַרט פאַרן הינטל, אָבער אין האַרצן בין איך געווען שטאָלץ, וואָס דיוקי האָט זיך געהאַט צו מיר צוגעבונדן, כאָטש אויף אַ ווייל.

## די קאַץ פֿון דאַון־טאַון, ניו־יאָרק

אַן אַנדער צופֿאַל האָב איך געהאַט מיט אַ קאַץ.

קעץ האָבן זיך צו מיר שוין אַ סך מאָל געבונדן, אָבער דאָס מאָל קאָן איך ניט פֿאַרגעסן.

דאָס איז געווען אין אַ האַרבסטנאַכט, גאָר אין אַ שפּעטער שעה. מיר איז אויסגעקומען צו גיין איבער איינער פֿון די דאַון־טאַונער הויפּטגאַסן לעבן דער באַטערי. אַ סך ניו־יאָרקער רווישיקע געשעפֿטסגאַסן בייטאָג זיינען די פֿאַרלאָזנסטע ביינאַכט. דערצו האָט פֿון דער באַטערי געיאָגט אַ קאַלטלעכער ווינט און אין דער לופֿט האָט זיך געזייט אַ דינינקער רעגנדל, וואָס מע קאָן קיין מאָל ניט וויסן צי עס איז נעבל, צי רעגן. עס איז געווען קאַלט, נאַס און אומעטיק.

ווי ווייט איך האָב געקאָנט זען, בין איך געווען איינער אַליין אויף דער אויסגעשטאָרבענער גאַס. עס איז געווען אויסערגע־וויינטלעך שטיל. איך האָב אָנגעהויבן דערהערן מיינע אייגענע טריט:

— טאַפּ־טאַפּ...

איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז דער קלאַנג פֿון מיינע איי־גענע קאַלאָשן, וועלכע זיינען צופֿעליק געווען נאָך אַ ביסל ברייטלעך אויף מיר. דאָך האָט זיך מיר געגומען דוכטן, אַז עמעצער גייט מיר עפּעס נאָך און ניט ווילנדיק בין איך געוואָרן אויפֿגערודערט און אָנגעהויבן קוקן מיט זייטיקע בליקן: צי גייט מיר טאַקע עמעצער ניט נאָך?

אין דעם פֿאַרנעבלטן ליכט פֿון די גאַסן־לאַמטערנעס, האָב איך אָנגעהויבן צו באַמערקן ווי מיין שאָטן באַגלייט מיך צווישן דער מאָדנער טונקלקייט פֿון די אויסגעלאָשענע מויערן. געוויינטלעך. קלערט קיינער ניט און מע באַמערקט ניט דעם אייגענעם שאָטן אין גאַנג. אָבער איך האָב אָנגעהויבן זיך צוקוקן צו אים, באַמערקן ווי ער ציט זיך נאָך מיר אַ לאַנגער פֿון הינטן, באַגלייט פֿון דער זייט, באַווייזט זיך פֿון פֿאָרנט, קריכט אויף די פֿאַסאַדן פֿון די

וואַלקנקראַצערס, אָדער ווערט גאָר צוויי־דריי מיט אַמאָל אין ליכט פֿון די לאַמטערנעס, און די לאַמטערנעס אַליין באַגלייטן מיך מיט געשפּענסטיקע קיילעכדיקע אויגן, ווי זיי וואָלטן אין פֿאַרוואונדערונג געפֿרעגט: ווי קומט אַ מענטש איצט אַהער?

איך האָב געוואָלט פֿאַרטרייבן דעם אומעטיקן געפֿיל און גענומען טראַכטן, אַז ביי־טאָג רוישן דאָ, שלאָגן דאָ אָן און ווערן צעשפּרייט מענטשן־מאַסן ווי ים־כוואַליעס צווישן הויכע פֿעלזן. נאָר פֿון דעם געדאַנק איז מיר נאָך געוואָרן אומעטיקער און איך האָב נאָך מער געאײַלט מײַנע טריט צו אַ סאָבוויי־סטאַנציע.

פּלוצלינג האָב איך דערפֿילט, אַז עפּעס האָט זיך אונטן גלייך אַ שאָר געטאָן ביי מײַן פֿוס. איך האָב גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ קאַץ, און דאָך אינעווייניק אויפֿגעצאַפּלט. אַזוי אומגעריכט איז עס געווען! אויף אַ רגע האָב איך זיך פֿאַרהאַלטן. איך האָב אינסטינקטיוו דערפֿילט, אַז איך קאָן אויף איר אַרויפֿטרעטן, אַזוי נאָענט און אומגעריכט האָט זי זיך אַ שאָר געטאָן.

איך טו אַ קוק: אַ שוואַרצע קאַץ און צוויי אויגן גרינען אין דער פֿינצטער.

צום אָנהייב האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אפֿשר זע איך ניט גוט. ווי זאָגט מען: „ביינאַכט זעען אַלע קעץ אויס שוואַרץ". אָבער ניין, זי איז טאַקע אַ שוואַרצע און ווי זי וואָלט מיר געוואָלט ווייזן, אַז זי איז שוואַרץ, האָט זי אויפֿגעבערגלט איר רוקן. אַליין קוקט זי ניט אויף מיר, האַלט דעם קאָפּ אָן דער זייט, אָבער דעם גאַנצן קערפּער ווייזט זי מיר, בערגלט אים אויס אַלץ מער: זע, ווי שוואַרץ איך בין, און, אפֿשר, זע ווי אויסגעגעסן איך בין...

איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך איבערגעבויגן און אַ פֿיר געטאָן מיטן האַנט איבער איר רוקן. מײַן האַנט איז געוואָרן פֿייכט. אַ „רחמנות, אַ קאַץ", האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אָבער ווער קאָן עס זיך פֿאַרנעמען מיט אַ היימלאָזער קאַץ אין ניו־יאָרק?

איך האָב געמאַכט אַ טריט פֿאָראויס. די קאַץ האָט דערזען, אַז איך וויל אַוועקגיין, האָט זי זיך גענומען דרייען, וויקלען זיך, רונד־אַרום אין אַ קרייז פֿאַר מײַנע טריט, ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אויף אַזאַ אופֿן פֿאַרהאַלטן. און אָט־אָט טרעט איך אויף איר אַרויף.

מיט פֿאַרוואונדערונג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. „אַזאַ קלוגע קאַץ", האָב איך געטראַכט, „טרעף איך אפֿשר דאָס ערשטע מאָל", און ניט ווילנדיק זי אַ פֿרעג געטאָן, ווי מע פֿרעגט אַ מענטשן: וואָס ווילסטו?

דערהערט מיין קול, האָט זי אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ צו מיר, מיך אָנגעקוקט מיט בלישטשנדיקע אויגן און ווי אַ קליין אומ־גליקלעך קינד אַרויסגעלאָזט אַ געוויין:

— מיאַו...

דעם „מיאַו" האָט מען געקאָנט פֿאַרשטיין. דאָס האָט גע־מיינט: זע, ווי הונגעריק איך בין, ווי קאַלט, ווי אויסגענעצט!...

אָבער ווידער דאָס אייגענע, ווער קאָן זיך עס פֿאַרנעמען מיט אַ היימלאָזער קאַץ אין ניו־יאָרק? בין איך געגאַנגען ווייטער. זי האָט זיך שוין מער ניט געדרייט אין קרייזן פֿאַר מיינע פֿיס. זי האָט געזען אַז עס העלפֿט ניט. אָבער פֿון דעסטוועגן, איז זי מיר נאָכגעלאָפֿן ווי אַ הינטל, זיך אַלע ווײַלע אַ רייב געטאָן אָן מיין פֿיס, פֿאַרלאָפֿן אויף פֿריער, זיך אומגעקערט צו מיר מיטן פּנים און ווייטער געוויינט איר קינדערשן „מיאַו". אַזוי עטלעכע קוואַרטאַלן.

דעם אמת געזאָגט, האָט דער מיאַו אירער געריסן ביים האַרצן. נאָר אָט איז שוין דער אַריינגאַנג צו אַ סאָבוויי־סטאַנציע — פּטור ווערן פֿון די אומעטיקע פֿאַרלאָזענע גאַסן און דער היימ־לאָזער קאַץ.

נאָר דאָ האָט מיר אַ לייכט געטאָן אַן אָפֿענע קאַפֿעטעריע פֿון דער זייט און אַ רוף געטאָן מיט אָנגענעמער ליכטיקייט און וואַרעמקייט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז מע דאַרף אַריין אין קאַפֿעטעריע זיך אָנוואַרעמען אַביסל. טרינקען אַ טעפּל הייסע קאַווע. און מיט אַמאָל איז מיר איינגעפֿאַלן: פֿאַרוואָס ניט אַריינ־נעמען אויך די קלוגע קאַץ אין קאַפֿעטעריע, זי אָנוואַרעמען אַביסל און קריגן פֿאַר איר עפּעס עסן? אָבער מען זאָל מיך אין קאַפֿע־טעריע ניט אָננעמען פֿאַר אַ משוגענעם?

ביי דעם געדאַנק האָב איך זיך פֿאַרהאַלטן און זי, די קאַץ, ווי זי וואָלט דערפֿילט, אַז איך וויל זי אַריינגעמען אין אַ הויז, שטייט

שוין לעבן מיר, טוליעט זיך צו מיין פֿוס און דרייט אַזוי פֿריינדלעך מיטן שוואַרצן לאַנגן עק.

איך גיב איר אַ גלעט, נאָך אַ גלעט. זי גייט מיר נאָך טריט ביי טריט און איך לאָז זי פֿאַראַוים אַריין אין קאַפּעטעריע.

איך מוז זאָגן, אַז איך האָב נאָך געהאַט מזל. צוליב דער שפּעטער שעה איז שוין אין דער קאַפּעטעריע קיינער ניט פֿאַר־בליבן אַחוץ דעם אייגנטימער. ער, ווייזט אויס, האָט שוין אויך געהאַלטן ביים פֿאַרמאַכן, ווייל ער האָט געהאַלטן ביים אָפּשליסן דעם רעגיסטער. ביי אונדזער אַריינקומען האָט ער זיך אויסגעדרייט, אַ ווײַלע אונדז באַטראַכט און מיר אַ זאָג געטאָן:

— זעט נאָר, מיסטער, איר האָט דאָך אַריינגעלאָזט אַ פֿרעמדע קאַץ אין פּלאַץ.

איך האָב אַ קלער געטאָן, אַז לויט די ערשטע ווערטער ווי ער באַגעגנט אונדז, האָבן מיר ניט געטראָפֿן, אַז ער וועט אונדז מסתּמא באַלד משלח זיין און נאָך מיט חרפּה אויך. איך זע פֿאַר זיך אַ יונגן מאַן מיט אַן ענערגישן פּנים אָנגעזעצט ניט מיט שפּרינ־קעלעך, נאָר מיט גאַנצע זומער־פּליאַמעס. און שמאָלע אויגן קוקן אויף מיר. „ניט קיין איבעריק גוטער איירישער”, טראַכט איך און פּרואוו פֿון דעסטוועגן זיך אָפּשפּאַסן:

— געבראַכט אייך אַ קונד... מיר זיינען צוויי קונדן.

אַ ווײַלע האָט ער מיך טאַקע אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם, נאָר באַלד האָבן אָנגעהויבן צוערשט די אויגן פֿינקלען מיט אַ שמייכל, נאָך דעם האָט זיך זיין גאַנצער פּנים צעשמייכלט.

— וואָס איז דער מער? — האָט ער מיר קורץ און גוטמוטיק אַ פֿרעג געטאָן.

איך דערצייל אים וואָס עס האָט פּאַסירט, אַז עס איז אַ רחמנות אויף אַ קאַץ, מע דאַרף איר געבן עפּעס עסן. איך וועל באַצאָלן. און איך אַליין וויל אויך קאַווע מיט עפּעס.

— אַ שיינעם קונד אין דער ריכטיקער צייט... — האָט ער געלאַכט. — אַ שוואַרצע קאַץ צו האַלבער נאַכט.. איר האָט עס באַדאַרפֿט ברענגען צו רייענען אין זיין פּלאַץ, ער איז דאָ מיט

אַ בלאַק ווייטער, וואָלט איר עפּעס געזען. און זיך פונאַנדערגע־לאַכט אויפן קול.

— זעט, זי איז אַ שיינע — האָב איך געפּרואווט זי פּאַרענט־פערן און אָנגעוויזן אויף דער קאַץ, וועלכע איז געשטאַנען, געדרייט מיטן עק און אונדזביידן געקוקט אין די אויגן אַריין. — און אַ קלוגע אויך — האָב איך צוגעגעבן.

— אָבער אַ שוואַרצע... — האָט ער ווייטער געשמייכלט. —

יאָ — האָט ער שוין אַ זאָג געטאָן — וואָס גיט מען איר טאַקע עסן?

דערהערט, אַז ער וויל איר געבן עסן, האָב איך זיך אַזוי דערפרייט, אַז ניט איבערטראַכטנדיק, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— אַ פראַנקפורטער מיט אַ גלאָז מילך...

— אַ קאַץ — אַ פראַנקפורטער!... מיט וואָס? מיט זענעפט, אָדער זויער־קרויט?... — האָט ער אַ לאַך געטאָן, — און איר האָט נאָך רחמנות פאַר קעץ... עס איז צו שאַרף און צו געזאַלצן פאַר אַ קאַץ. זי וועט עס מסתמא ניט עסן אויך. איך וועל שוין פאַר איר עפּעס געפינען.

ער האָט אַ זוך געטאָן אין פרידזשידעיר און באַלד אַרויסגע־נומען אַ שטיקל רויע פלייש, האָט אָנגעגאָסן אַ שיסעלע מיט מילך און אַוועקגעשטעלט פאַר זיך אויפן טובאַנק. מיר האָבן אַ רוף גע־טאָן די קאַץ און מיט איין שפּרונג איז זי געווען אויף אַ שטול און פון שטול אויפן טובאַנק.

דערנאָך האָב איך געטרונקען קאַווע און מיר האָבן ביידע צו־געקוקט ווי גיריק און הונגעריק די קאַץ עסט. דאָס, ווייזט אויס, האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַנדערע געדאַנקען.

— רעכנט איר ניט — האָט ער מיר געזאָגט — אַז אויף מענטשן איז נאָך אפשר אַ גרעסערער רחמנות ווי אויף קעץ?

— איך רעכן שוין גאָר — האָב איך אים געענטפערט. — אָבער מענטשן קאָן קיינער ניט העלפן, זיי אַליין מוזן זיך העלפן, אַ קאַץ קאָן מען נאָך העלפן...

— איר זייט גערעכט — האָט ער מיט מיר איינגעשטימט. — מענטשן מאַכן זיך אַן די גרעסטע צרות.

איך האָב געהאַלטן אין אויסטרינקען די קאַווע: — וויפֿל קומט אייך? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן — פֿאַר אונדז ביידן.

— איר וועט מיר נאָר באַצאָלן פֿאַר אייערס.

— וואָס הייסט?! — האָב איך געפּרואווט פּראָטעסטירן.

— ניין, ניין! — האָט ער מיר איבערגעריסן, אַז עס איז ניט געבליבן וועגן וואָס מער צו ריידן. — אָבער איין זאַך וועל איך אייך בעטן — האָט ער צוגעשמייכלט — לאָזט ניט איבער די קאַץ, איך דאַרף זי דאָ ניט האָבן...

ער האָט עס פֿאַרשפּאַרט זאָגן, ווייל ווי איך האָב זיך נאָר גענומען רירן פֿון אָרט, האָט די קאַץ גלייך אויפֿגעהערט לעקן די מילך און איז צוגעלאָפֿן צו מיר.

איך האָב יענעם פֿיין באַדאַנקט און זיך געלאָזן אין דרויסן די קאַץ נאָך מיר.

אין דרויסן האָב איך אָנגעהויבן קלערן, וואָס טוט מען איצט מיט איר? איך האָט געמיינט, אַז אַן אָנגעוואַרעמטע, ניט קיין הונגעריקע, וועט זי פֿון מיר זיך אָפּבינדן. זי האָט זיך אָבער געלאָזט צוגלייך מיט מיר אַרונטער די טרעפּ צום סאָבוויי. איך האָב שוין גענומען טראַכטן: צי זאָל איך זי גאָר אפֿשר מיטנעמען אַהיים, כאָטש מע דאַרף זי ניט.

אָבער דער סוף איז געווען גאָר אַן אַנדערער. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביים קאַסירער אָפּבייטן אַ מטבע. די קאַץ האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט. דאָ האָט איר אויפֿגעכאַפּט דער בליק פֿון קאַסירער. ער האָט פּלוצלינג געגעבן אַן עפֿן אויף דאָס טירל פֿון בודקע, אַ געשריי געטאָן: אַ שוואַרצע קאַץ!... און מיט אויסגעשפּרייטע פֿאָכנדיקע אָרעמס, ווי מען יאָגט זיך נאָך אַ הון, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַץ און זי אַרויפֿגעיאָגט אויף די טרעפּ צום דרויסן.

פֿון דער הייך האָב איך נאָך דערהערט איר קינדערשן וויינענדיקן „מיאַו". און ווען איך בין שוין געזעסן אין באַן און געפֿאָרן אַהיים, האָט מיר זיך נאָך אַלץ געדוכט, אַז איך הער איר קעציש־קינדערש רוף.

# די וועווערקע
## פֿון „וואַן קאָרטלאַנד פּאַרק, סאַוטה"

זומערצייט האָב איך זיך באַקאַנט גאָר מיט אַ מאָדנעם פּאַר־שוין — מיט אַ וועווערקע.

אַ פֿרייע וועווערקע פֿון וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק.

אַזאַ וועווערקע האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזען. איך האָב געקענט וועווערקעס ברוינע אָדער גרויע. די איז געווען ניט גרוי און ניט ברוין, נאָר אין גאַנצן שוואַרץ, אַפֿילו דאָס סאַ־מעטענע בייכל!

דאָס האָב איך דערזען, ווען זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויף די הינטערשטע פֿיסלעך און נייגעריק געקוקט אויף מיר.

איך אויף איר געוווּס.

איך האָב ניט געקאָנט וויסן, ווי איך געפֿעל איר, אָבער זי מיר — איז זייער געפֿעלן געוואָרן. איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן: זי שטייט קעגן מיר אויף די הינטערשטע פֿיסלעך, אַ נייגעריק פּנימל קוקט מיך אָן מיט שוואַרצע אייגעלעך, ווי צוויי גלאַנציקע פּאַטשערקעס, די אויערלעך אָנגעשפּיצט, די וואָנצעלעך אָנגע־שטעלט, און דער האָריק־פּוכיקער עק רייסט זיך העכער פֿון איר און פֿאַלט אַרונטער ווי אַ קליינער פֿאָנטאַן.

איך האָב זי אָנגעטראָפֿן ניט אין פּאַרק, נאָר אין מיטן גאַס אויפֿן טראָטואַר. און כּדי איר זאָלט פֿאַרשטיין ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, דאַרף איך אייך דערציילן וואָס איך וואוין:

אין שאָטן פֿון וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק שטייען מויערן, וואָס זעען אויס ווי שלעסער. זיי ציען זיך באַרג אַראָפּ פֿון די בלוי־גרינע וואַסערן פֿון דזשעראָם רעזערוואואַר לענגס דעם פּאַרק און פֿאַר־האַלטן זיך ביים סאַמען אָפּרים צו בראָדוויי — ווי מען זאָגט, די לענגסטע גאַס אין דער וועלט.

מאָדנע זעען אויס די דאָזיקע מויערן. פֿון דער ווייטנס זעען זיי אויס ווי פֿעסטונגען מיט ווינקל־טורעמס. די שפּיצן האָבן נאָך געצייגטע טורעמלעך און רונדע עפֿענונגען ווי האַרמאַטן־נעסטן.

אין דער אמתן, איז דאָס דער פֿרידלעכסטער ווינקל אין דער וועלט. אין די געציינטע ווינקל־טורעמס זיינען, פֿאַרשטייט זיך, ניטאָ קיין האַרמאַטן. די רונדע עפֿענונגען זיינען גאָר אָפֿענע פֿענצ־טערלעך, וואָס קוקן פֿון דערהיים פֿריי אויף גאַנס וועלט אין אַלע זייטן: אויף די וואַסערן פֿון רעזערוואואַר צו דרום, אויף דער בערגיקער טונקעלער וואַלדיקייט פֿון וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק צו־לינקס, אויף דער אייביק באַוועגלעכער ליכטיקער בראָדוויי צו־רעכטס. אונטן זיינען די פּאַסאַדן ארומגעכאַפּט פֿון נידעריקע אַקאַציע־ביימלעך, איבערגעפֿלאָכטן און אויסגעמישט מיט ווילדן וויינריב און קליינע ציפּערן.

אין די געציינטע קעפּ נעסטן מחנות פֿרייע טויבן.

און וואוינען וואוינען דאָ אויך די פֿרידלעכסטע מענטשן אויף דער וועלט — אַלץ יידישע פֿאָלקסמענטשן, וואָס זיינען ווי די ערשטע פּיאָנערן אין אַמעריקע, אויך אַוועק צוליב פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון זייערע איינגעזעסענע היימען. אָט, ווי די ערשטע פּיאָנערן קיין אַמעריקע, זיינען זיי אויך אַריבער דעם ים און געקומען בויען אַ נייע היים פֿאַר זיך און זייערע קינדער אין אַ פֿריי לאַנד.

זיי האָבן עס קאָאָפּעראַטיוו אויסגעבויט די הייזער־שלעסער, די געראַמע פֿרייע הויפֿן, וואו עס שלאָגן פֿריילעך פֿאָנטאַנען און עס ליגן אויסגעשפּרייט פּילקאָלירטע טעפּעכער פֿון בלומען.

און געבויט האָבן זיי זייערע היימען אויפֿן ראַנד פֿון דעם גרעסטן פּאַרק אין ניו־יאָרק, דעם וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק, וואָס קוקט צו זיי אַריין אין די פֿענצטער פֿון אַנטקעגן.

איז דאָ אויסגעמישט פּאַרק און שטאָט: איין זייט שטאָט, די צווייטע — פּאַרק. דאָס געזאַנג פֿון פֿייגל וועקט דאָ אויף די שכנים אין דער פֿרי, פּונקט ווי די פֿאַרבייפֿאָרנדיקע אויטאָס מיט זייערע האָרנס. די מענטשישע באַפֿעלקערונג פֿון די הייזער מישט זיך דאָ מיט דער פּאַרקישער פֿון פֿייגל און חיהלעך. ווי גוטע שכנים קומט מען איינער צום אַנדערן: מענטשן אין פּאַרק און פּאַרק־איינ־וואוינער אין די הייזער. אין די אָפֿענע פֿענצטער כאַפּן זיך אַריין טשיפּמאָנקס און עס פֿליען אַריין טויבן.

אין די הייזער וואוין איך אויך.

און אַ מאָדנער, אייגנאַרטיקער באַרבער־שאָפּ איז פֿאַראַן אין אונדזערע הייזער: אַ פֿאַרזונקענער גאָרטן אין מיטן זומער. דער צוגאַנג אַ געוועלבטער, ווי דורך אַ טונעל, וואו דער געמויערטער סופֿיט הענגט נידעריק איבערן קאָפּ. עטלעכע טרעפּלעך אַרונטער און גריננס שפּאַרט שוין דורכן ברייטן אָפֿענעם פֿענצטער, קוקט אַריין דורך דער אָפֿענער טיר. פּאַרפֿיום פֿון דרויסן און פּאַרפֿיום אינעווייניק. די ווענט אין שפּיגלען. אַלץ איז מילכיק־ווייס און אַלץ איז דאָ טאָפּלט — אויף דער וואָר און אין די שפּיגלען. אַ קליינע ווייסע ראַדיאָ אויף אַ טישל שפּילט, דוכט מיר, שטענדיק איטאַליענישע מוזיק.

און אָט צו דעם באַרבער־שאָפּ בין איך עס געגאַנגען איין מאָל אין אַ שיינעם זומערדיקן פֿרימאָרגן, ווען איך האָב אָנגעטראָפֿן די שוואַרצע וועווערקע פֿון וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק.

איך האָב זי געטראָפֿן אַ גאַנצן בלאָק ווייט פֿון פּאַרק, אין מיטן גאַס אויפֿן טראָטואַר. מיר האָבן זיך ביידע אָפּגעשטעלט און אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, ווי איך האָב אייך שוין פֿריער דערציילט.

אַזוי שטייענדיק קעגן מיר, האָט זי פּלוצלינג צונויפֿגעקנוילט אירע קלייניקע פֿינגער פֿון די פֿעדערשטע פֿיסלעך אין מענטשישע פֿויסטלעך און זיך גענומען רייבן די צורקע, ווי אַ קלייניקע מאַלפּע, און אָנגעהויבן מאַכן מיטן מיילכל, ווי ריידן שטום־לשון. עס האָט מיך דערמאָנט, ווי מיר קינדער אַמאָל פֿלעגן האָבן אַן ענלעכע שפּיל אַזאַ: ריידן אָן קלאַנג, בלויז מאַכן מיטן מויל און זען צי יענער פֿאַרשטייט...

מיר האָט אָנגעהויבן דוכטן, אַז איך הייב אָן צו פֿאַרשטיין וואָס זי וויל, אַז זי זאָגט מיר אויף שטום־לשון: האָסט מיר עפּעס געבראַכט? אַזוינע ווי דו ברענגען מיר עפּעס אין פּאַרק...

געוויינטלעך, טו איך טאַקע אַזוי, ווען איך גיי שפּאַצירן אין פּאַרק, צו זען וועווערקעס. אָבער ווי איר ווייסט, בין איך גאָר געגאַנגען אין באַרבער־שאָפּ און גאָרניט גערעכנט צו באַגעגענען אַ וועווערקע און נאָך אַזאַ וועווערקע!

קיין פּיל צייט האָב איך ניט געהאַט. בין איך געשטאַנען אַביסל, זי באַוואונדערט און ווייטער אַוועק מיין וועג צום באַר־בער־שאַפּ. דאָך, נאָך עטלעכע טריט האָט מיך אַ צי געטאָן אַ קוק טאָן, צי זי איז נאָך דאָ. איך דערזע און גלייב ניט מיינע אויגן, זי איז אפשר אַ טריט פון מיר, ווי זי וואָלט מיר נאָכגעגאַנגען, אָט ווי אַ הונט, ווי אַ קאַץ.

ביי זיך טראַכט איך, אַז עס קאָן ניט זיין, אַ פרייע וועווערקע פון פּאַרק זאָל נאָכגיין גלאַט אַ מענטשן אין גאַס. ווי איז עס מיגלעך? אָבער איך גיי אָפּ נאָך עטלעכע טריט און איך פּיל אַלץ, אַז זי גייט מיר נאָך. איך זאָג: איך פּיל, ווייל שטאַרק זיך אומקוקן האָב איך מורא געהאַט, טאָמער שרעק איך זי איבער. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז איך בין געוואָרן שטאָלץ ביי זיך — אַ פרייע ווע־ווערקע פון וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק זאָל מיר נאָכגיין און אַזוי אַ גאַנצן בלאָק!

נאָר דאָ איז מיר אויסגעקומען אַריבערצוגיין אויף דער צוויי־טער זייט גאַס. בשעת מעשה, קלער איך, נו, דאָ זעגן איך זיך שוין אָפּ מיט דער מאָדנער וועווערקע, זי וועט דאָך מיר ניט נאָכגיין אויף דער צווייטער זייט גאַס...

ווי געוויינטלעך, בלייב איך שטיין אַ ווייל אויפן ראָג און קוק זיך אום, צי אַ מאַשין קומט ניט אָן פון וועלכער עס איז זייט, כדי זיכער אַריבערצוגיין די גאַס. איך כאַפּ אַ קוק אויף דער וועווערקע, איך זע, זי גייט אַלץ. זי קומט אויך צו צום ראָג, וואו איך בין פריער געשטאַנען, און ווי אַ געניטע ניו־יאָרקערין, בלייבט זי אויך שטיין אַ ווייל, קוקט זיך אויך אום, צי אַ מאַשין פאָרט ניט און מיט אַמאָל לאָזט זי אַרונטער דעם פוכיקן עק און שפרונג־שפרונג און זי איז שוין אויף דער זעלביקער זייט וואָס איך.

וואָס זאָל איך לייקענען? גאָר אַ וואַרעם געפּיל האָט מיך אַרומגענומען צו דער וועווערקע, ווען איך האָב דערזען, אַז זי גייט מיר אַלץ נאָך. איך האָב שוין אָנגעהויבן, ווי דער שטייגער מיינער, צו פאַנטאַזירן וועגן ברענגען זי אַהיים. זי וועט מיר זיכער נאָכגיין... איך וועל איר קויפן אַ באַזונדער שטייגל, איך וועל איר

ברענגען נים וויפֿל זי וויל נאָר... און דערווייל בין איך אַלץ גע־גאַנגען צום באַרבער־שאַפּ.

דאָ איז אונדז, איך זאָג: אונדז, ווייל זי איז מיר נאָך אַלץ נאָכגעגאַנגען, אויסגעקומען פֿאַרבייצוגיין אַ ניט־פֿאַרבויטן, פֿאַר־וואַקסענעם פּלאַץ מיט ביימער ווי אין אַ וועלדל. איך מיין, אַז דאָ פֿאַרליר איך זי. וואָרעם ווי קאָן עס פֿאַרט זיין, אַז אַ וועווערקע זאָל נאָכגיין? מסתּמא, איז זי עס געגאַנגען טאַקע אַהער צו די ביימער. אפֿשר האָט זי דאָ איר נעסט, אָדער געפֿינט דאָ עסן. אָבער איך זע, אַז אַ העלפֿט וועג זיינען מיר שוין אַריבער און זי גייט אַלץ נאָך...

און מיט אַמאָל האָב איך אין גאַנצן אַ צאַפּל געטאָן. מיין וועווערקע האָט פּלוצלינג געטאָן ווילד אַ שפּרונג אויף אַ בוים, ווי עמעצער ראַטעוועט זיך פֿון טויט, און איך דערזע ווי אַ גרויסער, ווייסער קאָטער טוט אויך אַ שפּרונג פֿון די קוסטעס גלייך צום בוים...

איך האָב גענומען שרייען און לויפֿן צום בוים. פֿאַר מיר האָט זיך גענומען מיניען שוואַרץ און ווייס, ווייס און שוואַרץ.

ווער ווייס צי מיין אַריינמישן זיך וואָלט געהאָלפֿן, ווען מיין שוואַרצע וועווערקע וואָלט ניט געווען אַזוי פֿלינק. ווען איך האָב געטראַכט מיט שרעק, אַז אָט האָט ער זי, איז זי שוין געווען גאָר אויף אַן אַנדער בוים און באַלד נאָך אויף אַן אַנדערן.

ווען איך בין אַריין נאָך אַן אויפֿגערעגטער אין באַרבער־שאַפּ, איז מיר געווען גרינג דאָס האַרץ: די וועווערקע האָט זיך געראַטעוועט פֿון אַ זיכערן טויט. נאָר געאַרט האָט מיך, וואָס איך האָב זי דערווייל פֿאַרלאָרן.

דער איטאַליענישער שערער סעניאָר טאַרקאַדיני נעמט מיך אויף זייער פֿריינדלעך. איך בין נאָך אַ נייער קונד ביי אים. געווען ביי אים בלויז עטלעכע מאָל. ער בעט מיך זיך זעצן און צוואַרטן אַ ווייל. עס וועט לאַנג ניט נעמען, פֿאַרזיכערט ער מיך. איך דאַרף אויך קיינעמס ריי ניט איבערוואַרטן, ווייל עס איז נאָך פֿרי און איך בין דער ערשטער. ער דאַרף בלויז צוגרייטן די פֿאַרשיידענע מכשירים, און ווי געפֿעלט מיר די מוזיק, וואָס די קליינע ראַדיאָ

שפּילט דאָרט אויפֿן טישל? שיינע מוזיק די איטאַליעניש׳ע, ניט אמת?

איך זעץ זיך איין אין באַרבער־שטול און אין די אַקעגנדיקע שפּיגלען שפּיגלען זיך אָפּ און זעצן זיך איין אַ גאַנצע ריי ווי איך. איך הער כּמעט ניט די רייד פֿון סעניאָר טאָרקאַדיני. איך בין נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק ווי די שוואַרצע וועווערקע האָט זיך אַרויס־געראַטעוועט פֿון געפֿאַר. אַזאַ וואונדערלעכע וועווערקע האָט גע־קאָנט אומקומען: ווי וואָלט זיך מיר געוואָלט זי טרעפֿן נאָך אַמאָל!

אַ צעשטרייטער נעם איך אַוועק די אויגן פֿון דעם שפּיגל און פֿון די אַלע „איכס" וואָס זיצן דאָרטן און וויל אַ קוק טאָן דורכן פֿענצטער אין דרויסן אַרויס. איך דריי אום דעם קאָפּ און... בלייב אַ צוגעשמידטער צום שטול: די שוואַרצע וועווערקע זיצט זיך רואיק אויפֿן ברייטן ראַנד פֿון אָפֿענעם פֿענצטער אויף די הינ־טערשטע פֿיסלעך און קוקט אין אַלע זייטן...

און מיט אַמאָל אַ שפּרונג און זי איז שוין פֿון פֿענצטער אויפֿן פּאָרענטש פֿון אַ שטול — דער צווייטער צו מיר. זי גיט זיך קונציק אַ דריי אוים אויף דעם שמאָלן פּאָרענטש, דער עק נאָך איר און זי זיצט שוין רואיק, באַקוועם, אויף די הינטערשטע פֿיסלעך און דער פּוכיקער עק פֿאַלט איר אַרונטער ווי אַ קליינער פֿאָנטאַן.

וואָס איך האָב אין דער מינוט דורכגעטראַכט, קאָן איך ניט איבערגעבן. זאָל זי מיר האָבן נאָכגעגאַנגען די גאַנצע צייט און באַגלייט צום באַרבער־שאָפּ, אַפֿילו ווען דער גרויסער ווייסער קאָטער האָט זי שיר ניט אומגעבראַכט? טאַקע מערקווירדיק, ווי שטומע באַשעפֿענישן בינדן זיך צו מיר!...

נאָר דאָ האָב איך אָנגעהויבן חושד זיין, אַז עפּעס איז ניט אַזוי. איך באַמערק, אַז סעניאָר טאָרקאַדיני, וואָס האָט געוואַשן אַ בערשטל און אַ טעפּעלע ביים ווייסן עמאַלירטן באַסיין און זעט אין שפּיגל זיין גאַנצן באַרבער־שאָפּ און, פֿאַרשטייט זיך, אויך די שוואַרצע וועווערקע אויפֿן פּאָרענטש פֿון שטול, ווי אַ פֿיגורל אויף אַ פּיעדעסטאַל, וואַשט פֿון דעסטוועגן רואיק און געלאַסן ווייטער דאָס בערשטל מיטן טעפּעלע און קוקט זיך אַפֿילו ניט אום.

עס איז מיר געוואָרן אומעטיק אויפֿן האַרצן. די שוואַרצע וועווערקע, ווייזט אויס, איז גאָרניט נאָכגעגאַנגען נאָך מיר... און פֿאַר דעם געדאַנק האָב איך זיך אַזוי צעמישט, אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן קלערן: אפֿשר איז זי געקומען צו סעניאָר טאָרקאַדיני ווי אַ קונד, פּונקט ווי איך, און זי וואַרט איצט אויף איר ריי, אַז באַלד וועט ער צוגיין צו איר, וועט פֿאַרוויקלען אַ ווייסן האַנטעך אַרום איר העלדזל, אָנזייפֿן דאָס שוואַרצע פּנימל און נעמען אַרום־ראַזירן... איך האָב שוין אָנגעהויבן באַדויערן אירע שוואַרצע אָנגעשטעלטע וואָנצעלעך. אַ שאָד, האָב איך געטראַכט, צי דען וועט ער האָבן אַ האַרץ זיי אָפּראַזירן? זיי גיבן איר דאָך צו אַזוי פֿיל חן!

און ווער ווייס צו וואָס איך וואָלט זיך נאָך דערטראַכט, ווען סעניאָר טאָרקאַדיני וואָלט ניט פֿאַרענדיקט מיטן בערשטל און טעפּעלע און פֿאַרבייגט זיך ניט פּלוצלינג פֿאַר דער שוואַרצער וועווערקע מיטן האַנט אויפֿן האַרצן:

און אין אַלע אַנטקעגנדיקע שפּיגלען האָט זיך סעניאָר טאָר־קאַדיני פֿאַרבייגט:

— באַנדזשורנאַ סינאָריטאַ, אייער פֿרישטיק איז פֿאַרטיק...

מיט דערשטוינונג קוק איך זיי ביידן אָן. די וועווערקע, ווי מיר האָט זיך געדוכט, האָט אים אויסגעהערט מיט גרויס ווירדע, האָט אַפֿילו מיט אָן אויג אַ פּינטל ניט געטאָן, נאָר געבליבן זיצן אַ ווײַלע און מיט אַמאָל זיך אַ לאָז געטאָן צו אַ מאַרמאָרנעם טישל, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט פֿלעשלעך און סלויטשיקעס.

„צי דען עסט זי קאָסמעטיק?" האָב איך אַ טראַכט געטאָן. און עס וואָלט מיך ניט געוואונדערט אַז יאָ, אַזוי דערשטוינט בין איך געווען. איך זע אָבער, אַז זי שטעלט זיך פֿאָרזיכטיק אַוועק צווישן די פֿלעשלעך און די סלויען און וויל מיט די פֿעדערשטע פֿיסלעך עפֿענען אַ שופֿלאַד. סעניאָר טאָרקאַדיני שטייט און קוועלט פֿון אירע באַמיאונגען. צולעצט עפֿנט ער אַליין אויף דעם שופֿלאַד, נעמט אַרויס אַ פּאַפּירן זעקעלע און שיט אויס פֿיסטאַשקעס אויפֿן ברייטן ראַנד פֿון פֿענצטער.

די רעטעניש, ווי איר זעט אַליין, איז געווען פֿאַר מיר געלייזט. סעניאָר טאָרקאַדיני האָט זי צוגעווײַנט צו קומען צו אים אַלע אין דער פֿרי פֿון פּאַרק נאָך פּיסטאַשקעס און זי האָט שוין געוואוסט אין וועלכן שופֿלאָד עס ליגט. מיר איז זי, הייסט עס, ניט נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן זיך בלויז געטראָפֿן אויפֿן זעלבען וועג צום באַרבער־שאַפּ.

מײַן שטאָלץ האָט דערפֿון, פֿאַרשטייט זיך, געליטן. אָבער מען טאָר ניט זײַן צו שטאָלץ פֿון קיין זאַך, און קיין זאַך טאָר מען צופֿיל זיך ניט אײַנריידן. אָבער די שוואַרצע וועווערקע איז מיר פֿאַרט זייער געפֿעלן געווען, און ווען איך פֿלעג קומען צו סעניאָר טאָרקאַדיני אין באַרבער־שאַפּ האָב איך זיך שטענדיק נאָכגעפֿרעגט אויף איר און ער פֿלעגט מיר שטענדיק אָפּגעבן אַ גרוס.

נאָר עס איז געקומען אַ צײַט, ווען ער האָט מיר אָנגעהויבן זאָגן, אַז די וועווערקע קומט ניט מער, אַז זי האָט פֿון זיך אַליין אויפֿגעהערט צו קומען. מיר האָבן ביידע אויסגעדריקט אונדזער באַדויערן: ווער ווייס, וואָס מיט איר איז געשען, דאָך מערניט ווי אַ וועווערקע!

נאָר איין מאָל האָט מיך סעניאָר טאָרקאַדיני דערזען אין גאַס אַרום די הייזער. נאָך פֿון דער ווייטנס האָט ער צו מיר באַגייסטערט געמאַכט מיטן האַנט. מיט אימפּעט האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— סעניאָר, די שוואַרצע וועווערקע איז צוריק געקומען.

— וואו איז זי געווען? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן, ווי ער וואָלט עס באַדאַרפֿט וויסן.

— ע, ע, — האָט זײַן גאַנצער פּנים אויפֿגעשײַנט — זי איז דאָך געקומען צו מיר מיט פֿיר קליינינקע וועווערקעלעך.

— אויך שוואַרצינקע? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

— געווויס, וואָס דען? פּונקט די מאַמע!

— קאָן איך זיי אַמאָל זען? — האָב איך ווייטער געפֿרעגט.

— סי, סעניאָר! (יע, מיסטער) — האָט ער מיט באַגייסטערונג געענטפֿערט.

— ווען? — האָב איך געפֿרעגט — קומען זיי שטענדיק אין דער זעלבער צייט?

— אומגעפֿער, סעניאָר, באַלד אין דער פֿרי. ווייסט איר וואָס, סעניאָר, איר וואַרט דאָך דאָ נאָענט. האָט איר אַ טעלעפֿאָן ביי זיך?

— יע, וואָסי?

— איך וועל אייך אַ רוף טאָן, ווען זיי וועלן קומען.

און טאַקע איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן האָט דער טעלעפֿאָן זיך צעקלונגען:

— דאָס רעדט טאָרקאַדיני, קומט שוין, די וועווערקעס זיינען דאָ. איילט זיך!

איך בין געווען נאָך ניט אין גאַנצן אָנגעטאָן, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך וואָס איך האָב געקאָנט און זיך אַ לאָז געטאָן צום באַרבער־שאַפּ.

אויפֿן ברייטן ראַנד פֿון פֿענצטער זיינען געזעסן אויף די הינ־טערשטע פֿיסלעך די אַלע פֿינף שוואַרצע קליינע וועווערקעס. בלויז די מאַמע אַ ביסל גרעסער, און האָבן פֿלינק געשיילט פֿון אַ בערגל פֿיסטאַשקעס. אַלע שוואַרצינקע, רירעוודיקע, האָבן זיי ענערגיש געמאַכט מיט די מיילעכלעך און אויפֿגעצאַפּלט פֿון צייט צו צייט מיט די פּוכיקע עקן, וואָס פֿאַלן אַרונטער ווי די קליינע פֿאָנטאַנען.

סעניאָר טאָרקאַדיני האָט גערעדט צו זיי פֿאַרשיידענע רייד. זיי צוגעשאַרט אַ פֿאַרקייקלטע פֿיסטאַשקע און אַלע ווײַלע צוגע־וואונקען צו מיר מיט אַן אויג.

וואָס זאָל איך לייקענען? איך בין אויך געשטאַנען אַ דער־פֿרייטער פֿון דער מאָדנער סצענע. איך האָב געזען די וועווערקעס אויפֿן פֿענצטער, איך האָב זיי געזען אומצאָליקע אין די שפּיגלען — אַ פֿולער באַרבער־שאַפּ מיט גראַציעזע הנעוודיקע שוואַרצע וועווערקעס. די קליינע ראַדיאָ האָט ווי געוויינטלעך אויסגעשפּילט איטאַליענישע מוזיק און מיר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז אָט וועלן מיר זיך אַלע פֿון גרויס נחת אַוועקלאָזן אין אַ טאַנץ.

# פאַרבלאָנדזשעט

מיר, קינדער, האָבן געוואוסט: ברעכט מען נאָר אָפּ כאָטש אַ פּיצל האָלץ פֿון דער אַלטער שול, האָט מען „כּרת-יאָרן", שטאַרבט מען יונגערהייט.

זי שטייט נאָך ביז היינט.

שוין הונדערטער יאָרן אַלט, אַ הילצערנע דערהייבט זי זיך פֿון דער טיפֿעניש, פֿון מיטן זאַמדיקן טאָל איבער אַלע דעכער פֿון שטעטל.

אַ געצאַצקעטע, אַ געשניצטע, טורעמט זי זיך הויך אין הימל. דער שפּיציקער דאַך מיט טורעמלעך, מיט שטיבעלעך און מגן-דוד-פֿענצטערלעך.

די אַלטע, גרויע, אַש-קאָלירטע ווענט זיינען דורכגעבויערט מיט לעכער, דורך וואַנען פֿייגעלעך פֿליען פֿראַנק און פֿריי אַריין און אַרויס פֿון שול.

---

עטלעכע טריט ווייטער, הינטער דער מזרח-וואַנט — איז אַ קליינער, ענגער בית-עלמינדל אַרומגעצוימט ווי אַ געוויינלעך גערטל.

מיר, קינדער, האָבן געוואוסט: קריכט מען נאָר אַריבער דעם נידעריקן צוים, האָט מען „כּרת-יאָרן", שטאַרבט מען יונגערהייט.

און ס'האָט געצויגן אַריבערצוקריכן; זומער איז דאָס געווען דער איינציקער גרינער אָרט פֿון גאַנצן זאַמדיקן טאָל, פֿול מיט ווילדע בלומען, וואָס האָבן אַרויסגעשפּאַרט דורכן פּאַרקאַן. ווינ-טער, איז דאָ דער שניי געווען ווייסער און ריינער ווי אומעטום.

מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז דאָ האָט מען חתן-כּלה פֿון אונטער דער חופּה צו קבר-ישראל געבראַכט און מען טאָר ניט שטערן זייער אייביקע רו.

הינטערן שטעטל פֿאַרכאַפּט דער אַלטער וואַלד דעם האָרי־זאָנט און קומט צו נאָענט, גאָר נאָענט צום שטעטל.

און פֿון אַלע מעגלעכע זייטן ציען זיך דורך אים קוים מערק־באַרע סטעזשקעס, שאָטנדיקע, שטילע. זיי קירעווען זיך, שלענגלען זיך צווישן קוסטעס און מוראַשניקעס, איבער וואַלד־טייכלעך און פֿירן אין דער טיף פֿון וואַלד צו אַ הויכן, הויכן באַרג, אַרויף מיט וואָרצלדיקע טרעפּ צו דעם בלינדן פֿאַרהאַקטן „וואַלד־שטיבל".

און אַז מיר פֿלעגן אַמאָל אָנקומען אַהינצו מחנותוויז, איינ־ציקוויז, האָבן מיר גאָר ניט געוואַגט צו טאָן, האָט אונדז געקלאַפּט דאָס האַרץ פֿאַר פּחד.

אַ מאָדנע סודותדיקייט און פֿייערלעכקייט האָט געהערשט אַרום „שטיבל". דער וואַלד האָט מיט אמתער ליבשאַפֿט געטריי זי איינגעטוליעט. איבערן נידעריקן דעכל האָבן צווישן די שטאָלצע סאָסנעס צוויי דעמבעס, אויף אַ חברשן שטייגער, פֿאַרלייגט די דיקע צווייגנדיקע הענט איינער ביים אַנדערן אויפֿן אַקסל און אַזוי עס געהיט.

מיר, יינגלעך, האָבן ניט געטשעפּעט דאָס „וואַלד־שטיבעלע", ניט פּרובירט אויפֿברעכן דאָס פֿאַרהאַקטע פֿענצטער, זען וואָס אינ־ווייניק איז. מיר האָבן זיך געשראָקן, כאָטש מ'האָט אונדז ניט געזאָגט, פֿונדעסטוועגן האָבן מיר געטראַכט, אַז מיר קאָנען נאָך האָבן „כּרת־יאָרן".

.1

שוין דורות־לאַנג, אַז דאָס איז געווען.

ציט זיך דער טונקעלער, געדיכטער וואַלד און דער ווייטקייט אַוועק. קריכט קיינמאָל די נאַכט ניט אַרויס פֿון זיין טיף, און קוקט שטענדיק סודותדיק אַרויס אויף דער ווייסער וועלט.

ס'זשומעט, ס'זינגט און ס'רוישט אין וואַלד. פֿליען פֿייגל אין גרינעם הימל, לויפֿן אַרום פֿלינקע חנעוודיקע סאַרנעס. דורך דער צעוואַקסענער געדיכטעניש ברעכט דורך מיט אַ קרעכץ דער זובר זיין וועג; טרעט ווייך און קרום דער בער. ערגעץ קנאַקט מיט די ציינער אַ וואָלף, און אויף אַ צווייג שלאָפֿט אַ סאָווע מיט אָפֿענע

אויגן. קלעטערן אַרום פֿון בוים צו בוים וועווערקעס און אויף די פֿאַליאַנעס שפּרינגען האָזן.

גייט אַרום, רוישט דער „וואַלד־מענטש" אין אים; מיטן פֿאַר־בלאָנדזשעטן דורכגייער שפּילן זיך בלאָנדזשענדע פֿייערלעך, פֿאַר־פֿירן אים אין דער טיפֿעניש, פֿירן אים אַרום ביז זיי פֿאַרנאַרן אים אין זומפּ.

— — — — — — — — — —

אין מיטן וואַלד האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אַ שטעטל. ס'איז אויס־געוואַקסן אַ שטיבל דאָ, אַ שטיבל דאָרט, זיך באַהעפֿט אין קרומע געסלעך. — אין מיטן יידן, ביי די עקן גויים.

שטיל, מיושבדיק לעבן די יידן, האַנדלען מיט תבואה, מיט קאַשע, מיט סמאָלע, מאַכן שיך, נייען בגדים, צאָלן צינז דעם גראַף פֿון שטעטל, האָפֿן אויף משיחן, און זיינען באַהעפֿט מיט גאָט.

פּשוטע פֿאַרהאָרעוועטע מענטשן.

נאָך פּשוטער און עניוותדיקער איז דער גרייז־גראָער רב. די יידן רופֿן אים מיט ליבשאַפֿט ר' יאָסעלע; זיין מויל איז געבענטשט, זיין וואָרט ווערט מקוים.

אָבער שלעכט איז די יידן פֿון שטעטל. דער גראַף פֿון שטעטל טשעפּעט זיך צו זיי, דערקוטשעט זיי, מאַכט פֿון מאָל צו מאָל גרעסער דעם צינז, — און רייצט די גויים אויף זיי.

טשעפּען זיך די גויים צו די יידן, כּדי צו געפֿעלן דעם גראַף, — קרעכצן יידן, וואַרטן אויף משיחן און האָפֿן צו גאָט.

.2

נאַכט, אַ פֿאַרפּסחדיקע נאַכט.

עס שלאָפֿט ניט דער רב. הינטערן שטיבל רוישט דער וואַלד. אַ ספֿר ליגט אָפֿן, אַ לעמפּל טונקלט און באַלייכט פֿאַרגעלטע בלעטער און אַ גרייזע באָרד.

עס שלאָפֿט ניט דער רב. דער וואַלד רוישט. לויפֿט אַרום אַ ווינטל אין דער נאַכט און באַקומט אַרוים זיפֿצן שטילע, זיפֿצן טיפֿע.

דאָס זיפֿצט דער רב.

קנייטשט זיך דער פֿאַרטראַכטער ליכטיקער שטערן.

„שווער איז געווען דאָס לעבן מיט גאָטס וואָרט אין מויל, פֿיל ענויים געזען, פֿיל צרות און פּיין".

„אָבער גאָט האָט געהאָלפֿן, גאָט וועט העלפֿן".

„עלטער און איינגעבויגענער ווערט דער גוף; פֿון טאָג צו טאָג ציטערן די הענט מער, דער שטעקן פֿאַלט שוין פֿון האַנט ארויס . . . "

אָבער ניט וועגן דעם זיפֿצט דער רב.

„שווער שוין צו גיין אויף התבודדות אַלע באַגינען אין וואַלד. די פֿיס פֿאָלגן שוין ניט . . ."

ער האָט צער דערפֿון, אָבער ניט פֿון דעם זיפֿצט דער רב.

ער וויים: „די נשמה בענקט שוין צום הימל און דעם איינגעהויקערטן קערפּער ציט צו דער ערד..."

„און די משפּחה זיינע?"

„אַליין איז ער כּמעט אויף דער וועלט. די גוטע, טרייע רביצן איז שוין אויף דער אמתער וועלט. גאָט האָט זי געשטראָפֿט, לאַנג האָבן זיי קיין קינדער ניט געהאַט. אויף דער עלטער איז זיי אויך קיין קדיש ניט באַשערט געווען, אַ מיידעלע איז געבוירן געוואָרן און נאָך די סיבה פֿון דער מאַמעס טויט געווען".

„גאָט זאָל מוחל זיין פֿאַר די זינדיקע מחשבות, פֿריער גאָט און זיין תּורה, אָבער אָן הדסלען ווי וואָלט ער געלעבט?

„זי איז דאָך ליב; זי איז דאָך קלוג ווי דער טאָג, שיין ווי די זון".

קנייטשט זיך טיפֿער דער פֿאַרטראַכטער שטערן, טוקט זיך דאָס לעמפּל.

„די גאַנצע צייט אָן אַ מאַמעס אויג געהאָדעוועט זיך. נאָך אַ יונג קינד. אַליין אויפֿן שוועל פֿון עולם-האמת. גאָט זאָל רחמנות האָבן! ווער וועט איר קריוודע באַשטיין, ווער וועט זיך אָננעמען פֿאַר דער יתומה?

„נאָר גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער פֿאָטער פֿון עלנטע און יתומים..."

ניט צוליב איר זיפֿצט דער אַלטער רב, ניין.

„ס'גייט אַזאַ יום-טוב, דער כּשרער פּסח קומט, און נאָך אַלץ ניטאָ קיין מקום קדוש אין שטעטל, ניטאָ קיין אָרט פֿאַר עבֿודת-הבורא. דער אַלטער גראַף, דער בעל-הבית פֿון שטעטל, דערלאָזט ניט, און אידן זיינען אין זיין רשות".

עס צאַנקט דאָס לעמפּל. לויפֿן אַרום שאָטנס פֿון צער, שאָטנס פֿון פּיין; מורמלען די ליפּן:

„גאָט פֿון אונדזערע עלטערן! נעם צו מיין געבעט. מאַך ווייכער דעם גראַפֿס האַרץ און זיין בייזע עקשנות צעברעך. פֿאַר דיין גאַנצער עדה העלף אונדז אַ מקום קדוש בויען!"

עס שלאָפֿט ניט דער רב. עס רוישט דער וואַלד. אַ ווינטל לויפֿט אַרום אין דער נאַכט און באַקומט אַרויס זיפֿצן שטילע, זיפֿצן טיפֿע...

דאָס זיפֿצט דער רב.

### .3

באַלד דעם ערשטן טאָג פּסח אינדערפֿרי זיינען אַריינגעלאָפֿן יידן צו ר' יאָסעלען:

— רבי, גויים האָבן חמצדיק געמאַכט אַלע ברונימער פֿון שטעטל, ניטאָ וואָס צו טרינקען.

האָט ר' יאָסעלע אַ גלעט געטאָן די באָרד:

— מילא, מסתמא אַ נסיון פֿון גאָט. גייט שעפּט אויס אייערע ברונימער.

זיינען געשטאַנען די מאַנסבילן אַ גאַנצן יום-טובדיקן טאָג און אויסגעשעפּט די קוואַליקע ברונימער.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי ווידער אַ בהלה אין שטעטל. די ברונימער זיינען ווידער חמצדיק — פֿול אָנגעשאָטענע האָבער און גערשטן...

— רבי, אַן אומגליק, די ברונימער זיינען ווידער חמצדיק...

קנייטשט זיך דאָס פּנים פֿון צער:

— יידן, שעפּט אויס! —

און אַזוי טאָג נאָך טאָג, אַ גאַנצן יום-טוב.

און יעדן טאָג לויפֿט מען צום רב:

— רבי, העלפֿט, שוין ניטאָ קיין כּוחות צו שעפּן, שוין ניטאָ ווער עס זאָל שעפּן, מיר האָבן זיך שוין אַלע קראַנק געמאַכט, מיר האָבן נאָך פֿון יום-טוב ניט פֿאַרזוכט.

און אַ טאָג פֿאַר אחרון של פּסח, ווען מען איז געקומען צו לויפֿן מיט דער בייזער בשורה, האָט זיך ר׳ יאָסעלע אין אויפֿרעגונג אַ הייב געטאָן און מיט צער אַרויסגעלאָזט:

— רבונו של עולם! וואָס ווילן זיי פֿון אונדז? אַ פֿאַרשטערטער יום-טוב...

מער האָט ער גאָרניט געזאָגט, נאָר געהייסן מען זאָל שעפּן, מען מוז אויסשעפּן ביזן גרונט.

און פּלוצלונג, אין מיטן דער נאַכט, האָבן זיך דערהערט שרעקלעכע קולות פֿון די גויישע גאַסן. אין קלויסטער האָבן ווילד אָנגעהויבן אַ געבול די גלעקער. אַ רויטקייט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן צום הימל און באַלד האָט ער אָנגעהויבן ווערן העלער, העלער און שרעקלעכער.

מאָדנע אָנגעטאָנענע מענטשן שפּרינגען מיט אַמאָל פֿון דער פֿינצטערניש אין דער העלקייט אַריין; האַלב-נאַקעטע לויפֿן מיט צעקרימטע פּנימער, מיט צעשראָקענע אויגן אין דער פֿינצטערניש אַריין.

ווייט צעטראָגט זיך און שפּאַרט זיך מיטן פֿייער צום הימל דאָס געשריי פֿון מענטשן, אַ געוויין פֿון קינדער, אַ בלעקען פֿון שאָף און דאָס רעווען פֿון בהמות; אין אַ ווילדן גאַלאָפּ טראָגן זיך אַרום פֿערד מיט שפּרינגענדיקע הינט אויף זיי.

און פּלוצלונג האָט זיך די גאַנצע פֿאַרצווייפֿלונג אָנגעהאַנגען אָן איין וואָרט:

— וואַסער!

און באַלד האָט זיך געטראָגן צום הימל צוזאַמען מיט די פֿלאַמען:

— ראַטעוועט, וואַסער!

גויים לויפֿן, יידן לויפֿן, ראַטעוועט! וואַסער!

די ברונימער זיינען אויסגעשעפּט, קיין וואַסער אויפֿן גרונט, דאָס צעבושעוועטע פֿייער פֿאַרפֿלייצט, פֿאַרפֿלייצט דאָס שטעטל.

## די באַרימטע שול אין זאַבלודאָווע




אַ פּרעכטיקער הילצערנער בנין, וואָס איז געשטאַנען עטלעכע הונדערט יאָר, ביז די נאַציש־דײַטשע באַרבאַרן האָבן אים פֿאַרברענט בעת דער מלחמה פֿון 1939—1945

שפּרינגט איבער דער פּלאָם פֿון שטרויענעם דאַך צום שטרוי־ענעם דאַך, טרייבט פֿאַר זיך אומרחמנותדיק די נאַכט, און ביי יעדן שטרויענעם דאַך הייבט זיך אויף אויף ס'ניי דאָס ווילדע געשריי:

— אַ, אַ, אַ!

פֿאַרלוירן האָבן זיך די גויים; נאָר יידן לויפֿן נאָך אַרום, ברענגען זייער אָפּגעשפּאַרט וואַסער פֿון די הייזער, אָבער וואָס קאָן עס העלפֿן? און דער הימל ווערט אַלץ העלער און שרעק־לעכער.

און פּלוצלונג איז דורכגעלאָפֿן דאָס וואָרט:

— ראַווין!

האָט עס אַ ייד געזאָגט? האָט עס אַ גוי געזאָגט? מען ווייסט ניט. נאָר באַלד האָבן אַלע געאיילט, געשריען: דעם רב אַהער, ר' יאָסעלען אַהער...

פֿון חצות, אין קיטל און אין טלית האָט מען אים געבראַכט צו דער שׂרפֿה.

האָט ער אַ רוף געטאָן:

— יידן, קומט אַהער!

האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט.

האָט ער געבעטן:

— רבותי, ווער עס האָט נקמה אין האַרצן זאָל אַזאַ מחשבה אַוועקטרייבן און זאָלן מיר צוזאַמען בעטן, אַז דער אויבערשטער זאָל ראַטעווען דאָס שטעטל.

ר' יאָסעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן פֿייער און תּפֿילה געטאָן בלחש, קוים־קוים וואָס זיין גרייז־גראָע באָרד האָט זיך באַוועגט...

און די יידן האָבן נאָכדעם דערציילט:

— אַ נס איז געשען, אונטער דעם רבס רואיקן קוק איז דער פֿייער געוואָרן רואיקער, שטילער און שטילער, ביז מען האָט אים אינגאַנצן פֿאַרלאָשן.

### 4.

שיין איז הדסה, און דעם וואַלדס נשמה לעבט אין איר. פֿון געבוירן אָן געהערט זיין רויש, געפֿילט זיין אָטעם, זיך געוואַלגערט אין זיין שוים.

און לויפֿט זי אין וואַלד, דוכט זיך איר, אַז אַלע ביימער קענען זי, אַלע צווייגן באַגריסן איר, אַלע פֿייגל זינגען צו איר.

לויפֿט זי אַרום מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ, פּרובירט נאָכמאַכן די טרעלן פֿון די פֿייגל, דאָס קוקען פֿון דער קוקאַווקע, און דעם ציטערנדיקן רוף פֿון די סאַרנעס. סאַרנעס האָט זי ליבער פֿון אַלץ, ווייס זי שוין די ערטער וואו זיי קומען — רייסט זי אָן הורבעס גראָז פֿאַר זיי. זיינען די סאַרנעס צוגעוואוינט צו איר, אַנטלויפֿן ניט פֿון איר, און זי שטייט און קוקט, און קוועלט אָן ווי זיי עסן, ווי שלאַנק, ווי חנעוודיק זיי זיינען!

שטרעקט זי אויס אַ האַנט מיט עסן... דערוועגן זיך סאַרנעס ביי איר פֿון האַנט צו נעמען, לאָזט זיך לאַסטשען איבערן גראַציעזן האַלדז, און זי איז גליקלעך־איבער־גליקלעך.

דעם וואַלדס נשמה לעבט אין איר. גאַנצע טעג וואָלט זי אָפּ־געוועזן אין וואַלד, אַרומגעבראָדיעט אין זיין טיפֿעניש; זי האָט קיין מורא ניט; ביזן שפּעטן אָוונט איז זי צייטנווייז אָפּ, זי גע־פֿינט שוין אַ תּירוץ פֿאַר זיך אַליין: איינמאָל וועט זי יאַגדעס קלייבן, איינגעמאַכץ צו פּרעגלען; נאָכאַמאָל דאַרף זי שוועמלעך זוכן, דעם טאַטן אַ יויך קאָכן.

און ווען זי גייט אַוועק אין שפּעטן אָוונט, זאָגט זי אין האַרצן:

„אַ גוטע נאַכט דיר, וואַלד, אַ גוטע נאַכט אייך, פֿייגל, אַ גוטע נאַכט אייך, סאַרנעס. כ׳וועל מאָרגן ווידער זיין".

ווינטער, אַפֿילו, ביי די געדרייטע שפּורן פֿון די חיות אויפֿן שניי, זעט זיך אויך דער שפּור פֿון אירע טריט.

פֿון גאַנצן שטעטל טראָגן קינדער צו איר אַלט ברויט, בולבע־שאָלעכץ, פֿאַרטריקנטע שטיקלעך חלה — און זי וואַרפֿט עס אין וואַלד פֿאַר די סאַרנעס און פֿאַר פֿייגל.

שטראָפֿט איר אַמאָל מיט רייד דער טאַטע:

— סאַראַ שטיפֿערקע דו ביסט, וואו ווערסטו עס פֿאַרפֿאַלן? קאָנסט נאָך פֿאַרבלאָנדזשען, קאָנסט זיך נאָך פֿאַרקילן...

קוקט זי אויפֿן טאַטן מיט אַזאַ פֿרייד, מיט אַזאַ ליבשאַפֿט אין די אויגן, אַז עס לייכטן אויף די אויגן ביים אַלטן רב.

און אַמאָל רעדט דער טאַטע אומעטיק, עפּעס וויל ער אַרויס־זאָגן איר וואָס אויפֿן האַרצן איז — פֿאַרציט ער אַ שמועס:

— הדסל, וואָס וועט זיין, אַז כ'וועל חס ושלום קראַנק ווערן, אַז כ'וועל...

שטעלט זי אָן אויף אים אַזעלכע צעשראָקענע אויגן, אַז ס'פֿאַר־קלעמט אים דאָס האַרץ און ער פֿילט, אַז ס'איז ביי איר דער מינדסטער ספֿק ניט, אַז איר טאַטע וועט לעבן אייביק, אייביק...

מורמלען די ליפּן אַ תּפֿילה צו גאָט.

.5

עס וועקט זיך דער פֿרילינגס־מאָרגן.

מיט אַ ברומעריי, מיט יונגע קולות, מיט פֿרישע ריחות און געזאַנג כאַפּט זיך אויף דער וואַלד. הערט, עס זינגט דער וואַלד. די קוקאַווקע קוקעט, דער פּיקהאָלץ קלאַפּט. זעט, די בלעטער הייבן אויף די שפּיצן צו דער זון; פֿון נאַכט־שלאָף ציען זיך אויס, גלייכן זיך אויס די גראָזן...

מיטן פֿייכטן וואַלד־שטעגל גייט שוין ר' יאָסעלע. אונטערן לאַנגן מלבוש פֿאַרוויקלט אין טלית. ער גייט אויף התבודדות.

ער ווייס, ער קען זיין שטענדיק שטעגל, וואָס פֿירט טיפֿער אין וואַלד צו אַן איינזאַמען, פֿאַרטריקנטן בוים אויף אַ פּאָליאַנע. פּאַמעלעך דערנענטערט זיך דער רב.

דאַכט זיך שטיל ווערט דער וואַלד און ערנסט.

טיף פֿאַרטראַכט, אין שטומער שוויַיגעניש שטייט דער רב ביים איינגעדאַרטן בוים, דאָס מויל פֿאַרמאַכט און דאָס האַרץ טוט תּפֿילה — אַ טיפֿע האַרציקע תּפֿילה.

דאַכט זיך, אַנטשוויגן זיינען די פֿייגל געוואָרן, דורכשוועבנ־דיקע וואָלקנס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם הערט זיך דער וואַלד צו.

און פֿון העלער הויט:

— טרו-טו-טו!...

שאַלט אַ האָרן, ס׳קייקלען זיך מעשענע קלאַנגען איבערן וואַלד, דערהערט זיך אַ ווייטער געבול פֿון הינט, אַ טאַפּטשעריי פֿון רייטער.

פּלוצלונג האָבן האַלב-שיכּורע אויגן דערזען דעם רב און אַ קול האָט שטאַרק אויסגערופֿן:

— זשידזשי, טוטאַי ו׳לעסיע! (יידן אין וואַלד).

ס׳האָט זיך דערהערט אַ געלאַף. ברעכן זיך, קנאַקן צעטריקנטע צווייגלעך אונטער שווערע טריט. איז אַרויסגעשפּרונגען אויף דער פּאַליאַנע איין הונט, אַ צווייטער, מיט געביל, מיט געפּילדער. האָבן זיך באַוויזן קעפּ פֿון פֿערד, פֿעדערן אין גרינע היט, גלאַנציקע ביקסן, פֿאַרשיכּורטע אויגן.

שטייט ר׳ יאָסעלע מיטן פּנים צום בוים, מיט תּפֿילה אין הארצן, אַנטשוויגן זיינען די פֿייגל געוואָרן, עס הערט זיך דער וואַלד צו מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

און אַ געלעכטער, אַ שיכּורער געלעכטער:

— פּאַטשיי טילקאָ! (קוק נאָר).

שטייט ר׳ יאָסעלע אַרומגערינגלט פֿון רייטער, פֿון פֿאַרובקעס, פֿון הינט, פֿון געלעכטער, שטייט מיטן פּנים צום בוים, מיט תּפֿילה אין האַרצן.

בייגט זיך איינער פֿון פֿערד, לייגט זיך אַן אַדערדיקע האַנט אויפֿן רבס אַקסל און דרייט אים אום מיטן פּנים צו רייטער, צו פֿאַרובקעס, צו הינט, צו געלעכטער.

— דו טוסט דאָ כּישוף?

קוקט ר׳ יאָסעלע רואיק און שווייגט.

— דו טוסט דאָ כּישוף? ענטפֿער! — דערהערט זיך רציחה אין קול.

— איך טו תּפֿילה צו גאָט...

— זאָג, וואָס טוסטו דאָ?

— צום יידישן גאָט — שיסט אויס אַ געלעכטער.

— וואָס ענטפֿערסטו ניט? זעסט ניט אַז מיר זיינען דעם גראַפֿס דינער?

שווייגט ר' יאָסעלע.

— ער איז זיכער אַ כּישוף־מאַכער — נעמט איינער אַרונטער דעם ביקס.

— דאָס טו ניט! — האַלט אָפּ אַ צווייטער — דאָס איז דאָך דער יידישער רבֿ.

— מען זאָגט, אַז ביי דער שׂרפֿה האָט ער טאַקע אָפּגעטאָן אַ כּישוף — רופֿט זיך אָפּ נאָך איינער.

— לאָמיר אים גאָר פֿאַרשלעפּן טיף אין וואַלד; זאָל ער בלאָנדזשען, זאָלן אים וועלף אויפֿפֿרעסן. וועלן דאָס די יידלעך אים אַרומזוכן! מיר וועלן זיי דאַ אויסשיסן ווי די האָזן...

הילכיק האָט געקלונגען דאָס געלעכטער.

## 6.

אַ פֿאַרצווייפֿלטע איז פֿאַרנאַכט־צו הדסה געקומען צולויפֿן צו מענטשן... דער טאַטע איז ניט געקומען פֿון וואַלד. — און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געפֿרעגט:

— האָט אים אימעצער געזען?

— דוכט זיך, קיינער ניט...

און מען האָט זי געוואָלט פֿרעגן: ווי אַזוי? וואו? וואָס? איז זי שוין ניט געווען. נאָר זיך אַ צאַפּל געטאָן ביים ענטפֿער, מאָדנע געקוקט און באַלד אַוועקגעלאָפֿן.

גייען יידן צום רבֿ אין שטיבל און מען רעדט און מען וואַרט. טרייסטן זיך אַנדערע:

— ער וועט נאָך קומען.

זיפֿצט איינער:

— זאָל גאָט רחמנות האָבן. זיי זיינען אַלע דאָרטן אויף „פּאָליעוואַניע", ווער ווייס זיי די רשעים...

כאַפּט זיך אַ צווייטער אָן:

— דעם רבֿ וועלן זיי ניט טשעפּען.

קומען אַריין ווייבער:

— וואו איז הדסל, וואו?
צעפירן די מאַנסבילן די הענט:
— ווער ווייס? מען האָט ניט באַוויזן זי אַ וואָרט פרעגן, איז זי שוין געווען אַוועקגעלאָפן...
— וואוהין איז זי געלאָפן?
— ווער ווייס, מסתמא זוכן...
— אין וואַלד?
— מסתמא...
ברעכן די ווייבער די הענט: ווי איז אונדז, נאָר דאָס האָט נאָך געפעלט.
פרעגט איינער אויפגערעגט:
— מענטשן, וואָס רעכנט איר צו טאָן?
ענטפערט מען: „זאָגט, וואָס זאָל מען טאָן? מען ווייס דאָך ניט וואו און וואָס?"
שטייט מען, מען שווייגט און מען וואַרט.
דוכט זיך — יעדע רגע איז אַ שעה, און די אמתע שעהן רוקן זיך, פאַרגייען...
לויפט מען אַרום פון קראָם צו קראָם, פון שטוב צו שטוב, קלייבן זיך רעדלעך אין דער נאַכט. רעדט מען האַלבע ווערטער, און אויפן זינען קומען שרעקלעכע געדאַנקען.
ווערט שפּעט און שפּעטער און מען הערט ניט און מען זעט ניט.
שעפּטשן ליפּן: זאָל גאָט רחמנות האָבן!... און יעדע רגע איז אַ שעה, און די אמתע שעהן רוקן זיך אין דער נאַכט אַריין...
לויפט מען אַרום פון שטוב צו שטוב:
— מען מוז עפּעס טאָן...
— גיין אין וואַלד זוכן?
— איצט, ביינאַכט, אַ סכנה...
— אָבער, דער רב מיטן קינד...
— נאָך אַליין געלאָפן! — פאַרברעכן די ווייבער די הענט.
און ווידער: וואָס טוט מען עפּעס?
— מיר'ן מאָרגן פרי גיין צום גראַף, זאָל זיין וואָס עס וויל...

— ער איז דאָך אויף דער פּאַליעוואַנע...

— אפשר וועט מען דעם זון טרעפן. מען זאָגט, ער איז אַ בעסערער פון דעם אַלטן גראַף...

— ער איז אויך אויף דער פּאַליעוואַניע...

— וואָס טוט מען?

שווייגט מען. און די פינצטערע רעיונות לאָזן ניט רוען, און די שעהן רוקן זיך אין דער נאַכט אַריין.

רייסן מיט אַמאָל עטלעכע איבער די שטילקייט:

— ציַנדט לאַמטערנעס! מיר'ן גיין זוכן אין וואַלד.

קומט איינער אַריין און זאָגט אָן:

— ס'אַראַ פינצטערניש! דער הימל איז מיט וואָלקנס באַדעקט: דוכט זיך, עס וועט באַלד ווערן אַ שטורעם...

— יידן, איר גייט? — רופט איינער, שוין מיט אַן אָנגעצונדענער לאַמטערנע אין האַנט.

— מיר גייען... מיר גייען...

7.

איבערן נאַכטיקן וואַלד ברעכט אויס דער שטורעם. עס פליַיצט מיט נאַסער פינצטערניש פון אויבן. מיט בייזע הענט שויבערט, פליקט דער שטורעם די צעוואַקסענע קעפּ פון די ביימער. שטומע שטאַמען, שטומע צווייגן הודזשען, ברומען, קלאָגן אויפן קול; יעדעס בלעטל פלאַטערט, ציטערט, רוישט.

גיסט זיך שטראָמענווייז די נאַסע פינצטערניש, פליַיצט — פאַרפליַיצט דעם וואַלד, און פלוצלונג...

אַ געוואַלד־רים צעשפּאַלט די פינצטערניש ווי אַ שווערע, שוואַרצע נאַסע פלאַכטע. אַ פייערדיקע שלאַנג יאָגט זיך פון הימל און באַלויכט אויף אַ רגע וועלט און וואַלד. דונערט אַ דונער, קייקלט זיך, פאַלט פון איין הימל צום צווייטן, צום הודזשענדן וואַלד אַרונטער.

און ווידער ליכטיק, ווידער אַ געוואַלד־רים אין דער פינצטערניש. ליכטיק — פינצטער; פינצטער — ליכטיק. שלענגלען זיך, קנוילן זיך פייערדיקע בליצן־שלאַנגען; שפּרינגט פון נאַכט אַרויס

דער וואַלד, העל־באַלויכטן; זעט זיך דער גוס־רעגן אין העלקייט, פֿאַלן ביימער אין בלענדנדיקער ליכטיקייט.

גייט דורכן שטורעם אַ מיידל אין וואַלד. די קליידער זייַנען נאַסע, צוגעפֿאַלן צום לייב. דאָ האַקט זי אויס אַ בליץ, דאָ פֿאַר־שלינגט זי ווידער די פֿינצטערניש. און דורך שטורעם און דונער רופֿט זי אין דער נאַכט:

— טאַ־טע! טאַ־אַ־טע!

.8

אין מיטן וואַלד אויף אַ גרינער פּאָליאַנע האָבן שלאַנקע, חנעוודיקע סאַרנעס זיך געשפּילט. ווילדע, פֿרייע זייַנען זיי אַרום־געשפּרונגען אין פֿרימאָרגן. דאָס פֿייַכטע גראָז געשטשיפּעט און געשטויסן זיך, געשטיפּט.

פֿריש־דערקוויקנד האָט נאָך דער שטורעמדיקער נאַכט אַראָפּ־געקוקט די זון. געבלענדט מיט שטראַלנדיקער פֿייַכקייט; געבליצט מיט די ריינע פּערלדיקע רעגן־טראָפּנס אויף די גראָזן און די בלעטער; געשאָסן מיט קליינע זונעלעך און זיך געוויכערט מיט שטאַרקן אַראָמאַט. שאַרפֿע פֿרישע ריחות און דינע דורכזיכטיקע שטראָמען האָבן ווי אַ ווייראַך־רויך זיך געקרייזט, געוויקלט און געצויגן זיך צום הימל.

אַ געזאַנג פֿון אומזעבאַרע פֿייגל האָט זיך געטראָגן פֿון דעם אַרומיקן צעוואַקסענעם גרינעם הימל — און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דאָס זינגט, צוויטשערט די גרינקייט אַליין, אַז דאָס זינגען די פֿאַרפֿלאָכטענע בלעטער, די פֿאַרפּלאָנטערטע צווייַגן, די באַהעפֿטע ביימער.

וואו ניט וואו שווימען אַרום פֿלינקע וועווערקעס אויף דעם כוואַליעדיקן גרינס — שפּרינגען פֿלינק אַרום, שטעלן זיך אויף די הינטערשטע פֿיסלעך, רייסן סאָסנע־שישקעס, און מיטן געשווינטן מייַלכל לושצען זיי זיי אויס און שפּייען זיי אַרונטער פֿון די ביימער.

שטשיפּען פֿרידלעך די סאַרנעס דאָס גראָז. האָט זיך איינע חנעוודיק אַוועקגעלייגט רואיק זיך וואַרעמען אויף דער זון.

קוקט די זון אַראָפּ מיט אַזאַ שפֿע, מיט אַזאַ פֿרייִלעכקייט.

פֿלוצלונג אַ שאָס.

טיף און הילכיק האָט דער וואַלד אָפּגעקרעכצט, דאָס געזאַנג האָט זיך אָפּגעהאַקט, און מיט אַמאָל איז שטיל געוואָרן. פֿלינק זיינען די וועווערקעס נעלם געוואָרן אין דעם געדיכטן גרינס.

אין אַ פּאַנישער שרעק האָבן זיך די סאַרנעס אַ וואָרף געטאָן לויפֿן. פֿון שרעק זיך אָנגעקלאַפּט אָן די ערשטע ביימער און פֿאַר־שוואונדן אין וואַלד.

אויף דער פּאַליאַנע איז שוין אַ יונגער יעגער געשטאַנען. זיין ביקס האָט זיך נאָך גערויכערט. דער פּנים אויפֿגערעגט. באַלד איז אַ צווייטער פֿון צווישן די ביימער אַרויס.

— וואָס גראַף? — האָט ער געפֿרעגט. — געטראָפֿן?

— איך פֿאַרפֿעל קיינמאָל ניט דעם ציל — האָט דער יונגער יעגער שטאָלץ געענטפֿערט.

— איך צווייפֿל ניט, אָבער איך זע עפּעס ניט... — און צוויי פּאָר שאַרפֿע אויגן האָבן גענומען אַרומטאַפּן די פּאַליאַנע.

— אָט ליגט זי! — האָט דער יונגער יעגער פֿריידיק אויס־גערופֿן און זיך געלאָזן לויפֿן צו אַ גראָען פּינטל לעבן אַ קוסט. דער צווייטער האָט אים לאַנגזאַם נאָכגעפֿאָלגט.

אָן אונטערגעשאָסענע יונגע סאַרנע איז געלעגן אויפֿן גראָז. טראָפּנווייז האָט ביי איר דאָס בלוט געטריפֿט פֿון אַ זייט און זי האָט אַלץ געמאַכט באַוועגונגען זיך אויפֿצוהייבן, זיך שטעלן אויף די פֿיס. פֿון די גרויסע תּמימותדיקע אויגן האָבן זיך שטיל געקייקלט טראָפּנס טרערן, ווי זי וואָלט געוויינט פֿון יסורים.

אַ, האַ... — האָט זיך דער יונגער יעגער אָנגעבויגן.

— זע נאָר — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום צווייטן — זי לעבט נאָך! און באַלד האָט אַ יעגער־מעסער אַ בליץ געטאָן...

דער יונגער יעגער האָט אַפֿילו ניט באַוויזן אַ געשריי טאָן. פֿייל פֿון בויגן איז די סאַרנע אויפֿגעשפּרונגען און זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַלד.

— אָה!... האָט זיך דער יעגער אַ וואָרף געטאָן נאָך איר.

— גראַף, גראַף! — האָט דער צווייטער גערופֿן — לויף ניט, אָן הינט וועסטו ניט דעריאָגן, זיי ניט היציק!

— איך לאָז ניט אַרוים... — האָט אָפּגעקלונגען אַן ענטפֿער — דער צווייטער האָט נאָר אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען און איז אויך אַריין אין וואַלד.

.9

לויפֿט איבער די געדרייטע וועגלעך די סאַרנע — און דער יונגער יעגער פֿאַרפֿאָלגט זי. אָט פֿאַרלאָזן זי די כּוחות און אָט לויפֿט זי ווידער — ניט איינמאָל האָט ער שוין אויפֿגעהויבן די ביקס, אָבער, מיט פֿאַרדרוס לאָזט ער זי ווידער אַרונטער. אָט איז זי און אָט פֿאַרשווינדט זי ווידער. נאָר אַ בלוטיקער סליאַד ציט זיך, פֿאָלגט נאָך זיכערער, אַז דאָס רויב וועט פֿון זיין האַנט ניט אַרוים.

לויפֿט איבער די געדרייטע וואַלד-וועגלעך די סאַרנע, שניידט זיך צווישן די ביימער, שווינדלט פֿון דער ווייט, און דער יונגער יע-גער פֿאַרפֿאָלגט און פֿאַרפֿאָלגט. קנאַקן צווייגלעך אונטער די הויכע שטיוול; פֿאַרטשעפּעט דער גרינער יעגער-הוט די אַרונטערגעהאַנ-גענע צווייגן; טוט זיך אַ שאָט פֿון בלעטער און נאָדלען דער נאָך ביי-נאַכטיקער רעגן, מאַכט נאַס די זאַכן, באַנעצט דעם צעהיצטן פּנים. אָבער דעם יעגער אַרט ניט, ער שפּירט ניט, ער פֿילט ניט: ער האָט קיין צייט ניט צו טראַכטן אַפֿילו. לויפֿן נאָר דורך ביי אים געדאַנקען-פֿאַרלאַנגען:

„וואָלט זי אויף אַ ליידיק פּלאַץ אַרוים!"
„וואָלט זי זיך נאָר פֿאַרן ביקס אַנטפּלעקט!"
„אַזוי נאָענט און גאָר ניט!"
„אין גאַנצן אַ פֿופֿציק טריט!"
„בלוטיקט און לויפֿט!"
„וואָלט זי אויף דער פּאָליאַנע צו רעכטס אַרוים!"
„אָט — האָב איך זי!"

אָבער געליימט איז געבליבן דער יונגער יעגער מיט דער אויפֿ-געהויבענער ביקס אין האַנט. ער זעט די סאַרנע איז צוגעלאָפֿן צו אַ יונג מיידל אין מיטן דער פּאָליאַנע, צוגעפֿאַלן צו איר און זיך צוגעטוליעט. דער מיידלס האַנט כאַפּט אַרום דער סאַרנעס האַלדז, פֿאַרשטעלט זי אינגאַנצן און אַליין קוקט זי אויף אים מיט גרויסע, גרויסע אויגן.

.10

נידעריק נעמט אַרונטער דעם הוט דער יעגער, נייגט זיך און רעדט:

— זאָג מיר, ביסטו אַ פֿייע פֿון וואַלד? כ'וועל גיין מיט דיר. ס'שווייגט דאָס מיידל.

— זאָג מיר, ביסטו פֿון וואַלד דער כּישופֿמאַכערינס טאָכטער? פֿיר מיך אין אייער שטיבל, מעג געשען וואָס עס וויל.

ס'שווייגט דאָס מיידל.

— ביסטו אַ פּאַסטושקע, לאָז מיך קושן דעם שטויב פֿון דיינע טריט.

קוקן די אויגן גרויס, שטום ביי דער מיידל. בייגט זיך נאָך נידעריקער דער יעגער:

— זאָג מיר, ביסטו אַ בלאָנדזשענדע בעטלערין, קום אין די גראַפֿישע פּאַלאַצן פֿון מיין פֿאָטער, דאָרט וועסטו געפֿינען גאָלד און קרישטאָל, זילבער און מירמלשטיין.

קוקן די אויגן גרויס-גרויס ביי דער מיידל, שאָקלט זי שטום מיטן קאָפּ: „ניין".

בייגט זיך נאָך טיפֿער דער יונגער יעגער, רעדט מיט צער:

— ווילסט ניט? גוט. כ'וועל גיין מיט דיר. כ'וועל זיין דער אָרעמסטער, כ'וועל אַ טאָרבע אָנטאָן; אויף די שטיינערנע טרעפּ פֿון די קלויסטערס וועל איך די האַנט אויסשטרעקן.

קוקן די אויגן גרויס-גרויס, שפּאַרן אַרויס טרערן פֿון די ווינקלען.

טרעט צו נעענטער דער יעגער:

— אין דיינע אויגן זע איך טרערן. דיינע קליידער זיינען נאַס און צום לייב צוגעפּאַלן; דיינע שיך זיינען צעריסן און די פֿינגער צעבלוטיקט. זאָג מיר, ווער דו ביסט, וואָס טוסטו אַליין אין וואַלד?

קוקן די אויגן גרויס-גרויס, פֿינקלען דורך טרערן, און פֿון אַ פֿאַרקלעמט האַרץ רייסט זיך אַרויס:

— „מיין טאַטע האָט פֿאַרבלאָנדזשעט..."

— — — — — — — — — —

טראָגן זיך ווייט און ברייט מעשענע סיגנאַלן, וועקן דעם וואַלד, קייקלען זיך איבער די קעפּ פון דיביימער און גיבן איבער פון בוים צו בוים: מען זוכט דעם רב, מען זוכט דעם רב!

— — — — — — — — — — —

.11

אין די נעכט, ווען קיינער זעט ניט, קומט אַלץ אָפּטער דעם גראַפס זון אין רב׳ס שטיבל.

— אַלטער, גוטער רב! — פרעגט ער אומעטיק — וואָס וועט זיין דער סוף? זע, דורך ליבשאַפט צו הדסהן האָב איך זיך באַקענט מיט דער תורה. איך האָב דעם אמתן גאָט דערקענט און בין שוין אַ ייד אין הארצן, פאַרוואָס ווילסטו מיך ניט מגייר זיין?

עס זיפצט דער אַלטער רב.

— אַלטער, גוטער רב! — רעדט ווייטער דער יונגער גראַף — איך בין פול מיט יסורים, איך בין דאָך אַ ייד, אַן אמתער ייד אין הארצן. כ׳האָב דאָך שוין לאַנג געקאָנט זי מיט גוואַלד אַוועקנעמען. הערסטו — מיט געוואַלד! מ׳וואָלט אייך אַלעמען פאַרטיליקט און איר וואָלט איך געהאַט, ס׳איז אין מיין מאַכט געווען...

אומרואיק זיפצט אָפּ דער אַלטער רב:

— וואָס רעדסטו, קינד? יידן שטייען דאָך אין קאָן.

— ניין, שרעק זיך ניט פאַר יידן — בייגט דער יונגער גראַף דעם קאָפּ. — פאַרגיב מיר מיינע רייד. איך בין משוגע פאַר יסורים. זיי מיך מגייר. קיינער וועט ניט וויסן... נאָך וואָס זאָלסטו מיך פייניקן? האָסט דאָך מיט מיר אַליין תורה געלערנט און כ׳האָב שוין גאָטס וואָרט דערקענט.

שטייט הדסה ביי דער זייט, די אויגן קוקן גרויס — דער שטומער געבעט אין קוק, און די ליפּן לאַשטשען און בעטן, בעטן און לאַשטשען:

— „טאַטע, זיי אים מגייר!"

„זיי אים מגייר!"

זיפצט נאָר איינס דער רב:

— יידן שטייען אין קאָן... מ׳טאָר ניט, מ׳טאָר ניט.

— אַלטער רב! וועסט מיך קיינמאָל ניט מגייר זיין?
זיפצט דער רב:
— מיין קינד! נאָך ניט די צייט, נאָך ניט די צייט!...
— אַלטער רב! דו וועסט מיך מוזן, וועסט מיך מוזן מגייר זיין.

.12

איינמאָל פרעגט דער אַלטער גראַף זיין זון:
— זע, דיין פּנים האָט זיך פאַרענדערט, דיינע אויגן בלאָנדזשען אַרום, וואָס איז מיט דיר?
עס שווייגט דער זון.
— דו שווייגסט? — רעדט דער פאָטער — האָסטו צו מיר קיין צוטרוי ניט? איך בין שטרענג, אָבער צו דיר בין איך דאָך שטענדיק אַ פאָטער. נאָך דיין מוטערס טויט האָב איך אַ צווייטע ניט גענומען — האָסט עס ניט פאַרשטאַנען?
— פאָטער, ליבער!...
— וואַרט, פון דיינע אויגן בליקט אַ פאַרבאַהאַלטענער ווייטיק אַרויס, אַלע דערציילן מיר, אַז דו גייסט אַרום משונה־צעקרענקט; האָסט אַלץ פאַרלאָזן און אָפּגעלאָזט: דיין רייט־פערד שטייט אין שטאַל ווילד פון אומגעדולד, דיין יאַגד־הונט, לויפט אַליין אַרום אויף געיעג, דיין ביקס ראָסט אויפן וואַנט, וואָס איז מיט דיר?
— גאָרניט, פאָטער.
צופט זיך די גרויע וואָנצען דער אַלטער גראַף. די קאַלטע רי־רעוודיקע אויגן קוקן פון דער זייט אויף דער זון.
שמייכלט דער אַלטער גראַף פאָטערלעך:
— אין דיינע יאָרן בין איך אויך אַזוי געווען. ביסט גאָר גע־ראָטן אין מיר. מיין בלוט, אונדזער פאַמיליען־בלוט... זאָג שוין, נו, זאָג, וועלכע יונגע גרעפין האָט עס דיין האַרץ געפאַנגען?
עס שווייגט דער זון.
ערנסטער ווערט דער אַלטער גראַף. עס האָבן די דינע פאַר־קוועטשטע ליפּן אַ ציטער געטאָן:
— כ'פאַרשטיי, דיר איז שווער דיין סוד פאַר מיר אַרויסצו־רעדן. וואָלט די מוטער געלעבט, וואָלסטו איר שוין דערציילט...

ביינט דעם קאָפּ דער אַלטער גראַף:

— איך האָב גערעכנט, כ׳וועל דיר קאָנען אַלץ זיין. כ׳זע, אַז ניט. דו מיידסט מיך גאָר אוים פֿאַר דער לעצטער צייט... האָסטו מיר וואָס צו זאָגן?

עס שווייגט דער זון.

שמייכלט דער אַלטער גראַף פֿאָטערלעך:

— עך, נאַרישע יוגנט! שעמסט זיך? לאָז זיין! נאָר איין זאַך וויל איך דיר זאָגן...

פֿאַרשוואונדן איז דער שמייכל. די קאַלטע גראָע אויגן זיינען שאַרף געוואָרן און קוקן דעם זון אין דער נשמה אַריין:

— איין זאַך וויל איך זאָלסט מיר צוזאָגן. דו ווייסט, אַז אויף אונדזער פֿאַמיליען־יחוס איז נאָך קיין פֿלעק ניט געפֿאַלן. קיינער פֿון אונדזער פֿאַמיליע האָט זיך נאָך ניט מתחתן געווען אונטער אונדזער ווירדע. אַזאַ וויל איך זי איבערגעבן בירושה... פֿאַרשטייסט דאָך, וואָס איך וויל. גיב מיר דיין וואָרט!

עס שווייגט דער זון.

אומרואיק ווערט דער אַלטער גראַף און שטרענג:

— כ׳פֿאַרשטיי דיך ניט, פֿאַרוואָס דו שווייגסט, צי דו האָסט מיך ניט פֿאַרשטאַנען?

שמייכלט געצוואונגען דער אַלטער גראַף, דאָך ציטערן אומרואיק די הענט אויפֿן ראַנד פֿון טיש.

— פֿאַרשטייסט? ס׳איז ניט איינמאָל פֿאָרגעקומען, ווען אימעצער פֿון אונדזער פֿאַמיליע האָט זיך פֿאַרנאַרט... מען פֿלעגט אָבער יענעם גלייך אויסניכטערן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט... איינעם האָט אַפֿילו זיין אייגענער פֿאָטער דערשאָסן ביי זיך אין קאַבינעט. זאָגסט מיר צו?

עס שווייגט דער זון.

הייבט זיך אויף שווער אין זיין גאַנצער הייך דער אַלטער גראַף, ווערן פֿאַרשטאַרט די אויגן, קרעמפּן זיך אַלע צען פֿינגער אין אַ פֿויסט, שטיקט זיך זיין קול:

— כ׳קען דיך, דו וועסט קיין ליגן ניט זאָגן; פֿאַרוואָס שווייגסטו?

— פֿרעג ניט, פֿאָטער!

— איך פֿרעג.

— פֿאָטער, כ׳וועל דיר זאָגן, כ׳וויל אָן איינזאַם לעבן. דער וואַלד איז גרויס. כ׳וועל אַהין אַוועק.

דערשטוינט קוקט דער גראַף און מורמלט:

— איז דיר מיין פּאַלאַץ מיאוס געוואָרן, וואָס דו ווילסט אים מיטן וואַלד פֿאַרבייטן?

— יאָ, פֿאָטער.

— גוט. ווער אַ מאָנאַך. אַלע קלויסטערס וועלן זיין פֿאַר דיר אָפֿן. וואָס איז עס פֿאַר אַ געדאַנק אין וואַלד?

עס שווייגט דער זון.

— פֿאָטער, כ׳קאָן קיין מאָנאַך ניט ווערן.

— פֿאַרוואָס שווייגסטו? ענטפֿער!

— אָן איינזאַם לעבן, ווי דו ווילסט, קאָן מען נאָר אין אַ קלויסטער... וואָס, דו טרייבסט שפּאַס פֿון מיר?

— פֿאָטער, איך טרייב ניט קיין שפּאַס פֿון אייך. כ׳וועל אייך זאָגן: כ׳האָב אונדזער אמונה פֿאַרלאָזן. איך גלויב ניט מער אין איר.

קאָנוואולסיוו כאַפּט דער אַלטער גראַף דעם צלם פֿון טיש:

— אויף די קני! קוש! אפֿשר וועט דיר גאָט מוחל זיין.

— פֿאָטער! — בעט זיך דער זון — כ׳קאָן אים ניט קושן.

— שווייג! דו לעסטערסט גאָט! אויף די קני פֿאַרן הייליקן קרייץ!

— פֿאָטער, כ׳וועל עס ניט טאָן!

ווילד האָט זיך דער אַלטער גראַף אַ וואָרף געטאָן אויפֿן זון, אים גענומען בייגן צו דער ערד:

— איז דאָס אמת, איז דאָס אמת?!... זיינען די קלאַנגען אמת? כ׳האָב ניט געגלויבט, ניט געקאָנט גלויבן. — כ׳וועל דיר דעם קרייץ אין מויל אַריינשטופּן, בוק זיך.

— פֿאָטער, וואָס טוט איר?

— בוק זיך!

מיט אַ טויבן קלאַנג איז דער בראָנזענער צלם געפֿאַלן צו דער ערד און זיך צעשאָטן אין שטיקלעך. מיט אַ קרעכץ איז דער אַלטער גראַף געפֿאַלן אין זיין גאַנצער הייך.

.13

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ שטייט פֿאַרן רב דער יונגער גראַף. זיצט הדסה ביי דער זייט און קוקט מיט גרויסע, גרויסע אויגן אויפֿן טאַטן.

קנייטשט זיך טיפֿער דער פֿאַרטראַכטער שטערן ביים אַלטן גרייז־גרויען רב, זיפֿצט ער ביטער:

— קינדער, וואָס וועט איצט זיין?...

— רבי — רעדט דער יונגער גראַף — איצט איז שוין אַלץ פֿאַרפֿאַלן... איך בין דאָך שוין אַ ייד. מיין פֿאָטער וויים שוין אַלץ; כ׳האָב געוואוסט, אַז דער סוף וועט זיין אַזאַ. איצט מוז איך לויפֿן פֿון מיין פֿאָטערס צאָרן, ניט צוליב מיר, צוליב אייך...

ווי אַן איבערגעשראָקענע סאַרנע האָט זיך הדסה אַ צאַפּל געטאָן אויף איר אָרט.

— קינדער, קינדער... — האָט זיך ביטער צעזיפֿצט דער רב.

שטייט אויך הדסה פֿון אָרט און קוקט אויפֿן טאַטן מיט גרויסע, גרויסע אויגן.

— טאַטע, איך וועל גיין מיט אים...

— רבי, גוטער רבי! — בעט דער יונגער גראַף היים — זעסט דאָך, ס׳איז פֿאַרפֿאַלן, כ׳קאָן אָן איר ניט לעבן. איך... מיר מוזן אַוועק, מיר טאָרן ניט בלייבן דאָ. די גרעסטע סכנה פֿאַר אַלע יידן. מיר מוזן אַוועק, ער וועט הדסהן פֿאַרפייניקן. רבי, זיי מסדר אונדזערע קדושין און בענטש אונדז, בענטש אונדז אפֿשר אויפֿן גאַנצן לעבן...

זיצט ר׳ יאָסעלע אַ פֿאַרטראַכטער, אָנגעשפּאַרט מיטביידע עלנבויגנס אָן טיש, כאַפּט פּלוצלונג מיט ווייטיק אַריין דעם גרויען קאָפּ צווישן ביידע הענט:

— קינדער, קינדער מיינע!...

— רבי, גוטער רבי — ציטערט אויף דער יונגער גראַף — זיי זיך ניט מיאש. מען וועט אונדז ניט געפֿינען. אין געדיכטסטן אָרט פֿון וואַלד האָב איך שוין אַ שטיבעלע געבויט, אַ וואַלד-שטיבעלע. קיינער קאָן אונדז דאָרט ניט געפֿינען. דער וואַלד וועט היטן דעם סוד. מיר וועלן דאָרט זיין ביז די מהומה וועט אַריבער. אַהין וועל איך אַוועקפֿירן הדסהן — קיינער וועט ניט וויסן און קיינער וועט ניט געפֿינען דעם וועג צו אונדז.

זיצט ר' יאָסעלע מיט ביידע עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אָן טיש דעם גרייזן קאָפּ אין דער יאַרמעלקע אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט, זיצט טיף פֿאַרטראַכט, הערט, דוכט זיך, גאָרניט, זעט גאָר־ניט, קוקט אַריבערן תּלמיד און קינד, ערגעץ אין דער וויַיט אַריין.

שטייט שטום מיט אַ געבויגענעם קאָפּ דער יונגער גראַף. זיצט שטיל הדסה אויף איר אָרט און קוקט מיט גרויסע אויגן אויפֿן טאַטן.

און פּלוצלונג הייבט זיך ר' יאָסעלע פּאַמעלעך אויף:

— קינדער, קומט נעענטער צו מיר... געבענטשט זאָל זיין גאָטס ווילן!

עס שטרעקט אויס ר' יאָסעלע די הענט איבער זייערע קעפּ. דאָס מויל איז פֿאַרשלאָסן, נאָר די ליפּן ציטערן און דאָס האַרץ רעדט און וויינט.

— — — — — — — — — —

אין טיפֿער נאַכט, מיט אומבאַמערקטע וואַלד-שטעגלעך פֿירט צום וואַלד-שטיבל דער יונגער גראַף זיין כּלה פֿון דער חופּה. אַרום פֿאַרשטעלט זיי דער וואַלד; קיינער זעט ניט, קיינער הערט ניט; נאָר מיט שטילן גערויש בעט זיך אויס דאָס גראָז אונטער זייערע פֿיס, גלי-ווערעם לייכטן זיי צו, און טריט ביי טריט באַגלייט זיי אַ סאַרנע.

.14

וועלכע שאָטנס גנבענען זיך דאָס צווישן די אַנטשוויגענעביימער אין וואַלד? וואָס זיינען דאָס פֿאַר אַ האַלבע, אָפּגעהאַקטע ווערטער פּלוצלונג אין דער נאַכט-שטילקייט? איז דאָס אויף געיעג דער אַלטער גראַף אַרויס? פֿאַרוואָס שאַלט ניט דער יעגער-האָרן

און עס בילן ניט קיין הינט? פֿאַרוואָס גנבענען זיך איינגעבויגן פֿאַרובקעס מיט בייזע פֿייערלעך אין די אויגן?

פֿאַראויס גייט דער אַלטער גראַף; נאָך פֿינצטערער פֿון נאַכט און אומדערבאַרעמדיקער פֿון טויט. ער שטייט שוין ביי דעם וואַלד־שטיבל און זיין פֿויסט קלאַפּט אין טיר.

— — — — — — — — — — —

### 15.

דער אַלטער גראַף איז פּלוצלונג אין רבס פֿאַריתומטע שטיבל געקומען. די שטאָלצע פֿיגור געבויגן, מיט יסורים איינגעקריצט אין פּנים.

הכנעהדיק איז ער צו צום רב. א היפּשע ווײַלע געקוקט, באַ־טראַכט אים און אָנגעהויבן:

— אַלטער רב! איך ווייס, אַז יענע נאַכט, די אייגענע נאַכט, וואָס האָט מיין נשמה און מיין רו אַוועקגעריבט, האָט אויך ביי דיר אָפּגענומען די אברים און דעם לשון. כ'האָב אָן דיר שרעקלעך נקמה גענומען, ווען מען האָט דיר באַוויזן די צעפּייניקטע קערפּערס פֿון דיין טאָכטער און פֿון מיין זון... אויף מיין באַפֿעל האָט מען עס געטאָן, אָבער נאָר דיינע אויגן זע איך, אַז נאָר דיין קערפּער האָט געליטן, דיין נשמה איז גאַנץ געבליבן.

„אַלטער יידישער רב! מיר שטייען שוין ביידע אויפֿן שוועל פֿון טויט. בין איך געקומען צו דיר זיך מתודה זיין, ווייל קיינער קאָן מיר ניט העלפֿן. איך בין שוין אויסגעוועזן אַלע קלויסטערס און מאָנאַסטירן, אַפֿילו ביים פּויפּסט אַליין בין איך געוועזן...

„זעסט, מיינע הענט ציטערן, פּונקט ווי דיינע, ווען איך דערמאָן זיך יענער נאַכט... אַלטער רב, וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי אָנגע־שטרענגט אויף מיר? ווייסטו, אַז זיי קומען צו מיר נאַכט אין נאַכט, געפּייניקטע, פֿאַרבלוטיקטע?... וואָלטן זיי מיך כאָטש געשטיקט, געוואָרגן און דערוואָרגן... קומען זיי אומשולדיקע, אַנטפּלעקן נאָר זייערע וואונדן, טראָגן זיי צו פֿאַר מיינע אויגן און גיבן מיר זיי קושן. עס בלוטיקן נאָך די וואונדן, און איך קוש די וואונדן און זויג דאָס בלוט. איך שלינג און ווערג זיך, איך שריי און

קיינער נעמט זיי ניט אַוועק פֿון מיר, קיינער העלפֿט מיר ניט...
און אַז איך כאַפּ זיך אויף, פֿיל איך שטענדיק דעם טעם פֿון זייער בלוט אין מויל, זעסט?...

„גאָט אַלמאַכטיקער! איך זע — דיינע ליפּן הייבן אָן צו שטאַמלען, דיין גאַנצער פּנים שיינט. זאָג מיר, העלף מיר, כ'וועל אַלץ טאָן, אַלטער רבי!...״

.16

אויף מאָרגן איז אין שטעטל געווען אַ פֿריידיקע אויפֿרעגונג. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דער רב האָט פּלוצלונג צוריק באַקומען דעם לשון, און בסוד האָט מען דערציילט, אַז דער רשע, דער אַלטער גראַף אַליין איז ביי אים געווען, און דאָ איז דער וואונדער געשען...

דערנאָך האָט דער רב געשיקט נאָך די יידן מתעסקים און לומדים פֿון שטעטל, עפּעס מיט זיי גערעדט, געטענהט און גלייך איז געוואָרן אַ שמחה, אַ יום־טוב איז שטעטל.

מען וועט בויען אַ שול. דער גראַף דערלאָזט שוין. ער וועט נאָך געבן זיינע געהילץ!

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען יידן אויף פֿורן אין וואַלד געפֿאָרן. מען האָט הויכע שטאַרקע סאָסנעס געהאַקט און אין זאַמדיקן טאָל פֿון שטעטל געפֿירט. אַזוי האָט דער רב געהייסן: „ניט אויף אַ באַרג זאָל מען בויען, נאָר אין אַ טיפֿעניש, און פֿון דער טיפֿעניש זאָלן יידן תּפֿילה טאָן, ווי עס שטייט געשריבן: „ממעמקים קראתיך ה׳״.

פֿון דער גאַנצער געגנט זיינען אָנגעקומען יידן מוליאַרעס, שטיינהעקער און געוואָלט לייגן אַ פֿונדאַמענט פֿון שטיינער; האָט דער רב, ר׳ יאָסעלע, געזאָגט, מען דאַרף ניט קיין שטיינערנעם פֿונדאַמענט, מען זאָל בויען גלייך אויפֿן זאַמד... ס'מאַכט ניט אויס, די שול וועט שטיין. נאָר איין־איינציקן שטיין אַ גרויסן, אַ פֿאַרמיאוסטן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט, מען ווייס ניט פֿון ווען, מען ווייס ניט פֿון וואַנען, אין דעם זאַמדיקן טאָל, האָט ער געהייסן ברענגען צו דעם אָרט, או עס וועט זיין דער אַריינגאַנג, און ער

זאָל ליגן פֿאַר אַן עדות פֿאַר דורות, אַז כּל־זמן דער שטיין וועט ליגן, זאָל די שול שטיין.

און פֿון דער גאַנצער געגנט זיינען געקומען יידן טשעסליאַרעס, טאַקערס, יידן אויסשניצער צו בויען און באַפּוצן די שול.

מיט שמחה און געזאַנג האָט מען אויפֿגעבויט די שול.

גלייך ווי די שול איז אויפֿגעבויט געוואָרן, נאָך פֿאַר חנוכּת־הבית, האָט ר׳ יאָסעלע געהייסן נעמען און אַפּצוימען אויפֿן שול־הויף אין עטלעכע טריט פֿון דער שול, נאָענט צו דער מזרח־וואַנט, אַ קליינעם בית־עלמינדל און אויסגראָבן צוויי קברים — האָרט איינס לעבן אַנדערן.

ווען דער בית־עלמינדל מיט די אָפֿענע קברים איז גרייט געווען, האָט ר׳ יאָסעלע געזאָגט צו די פֿאַרוואונדערטע יידן:

— איצט פֿאָרט אין וואַלד צו דעם וואַלד־שטיבל אויפֿן באַרג. דאָרט ליגן געהרגעטע אַ יידישע חתן־כּלה פֿון אונטער דער חופּה. ברענגט זיי צו קבר־ישראל...

דאָס גאַנצע שטעטל, קינד און קייט, איז אַרויס צו דער לוויה, אָפּגעוואַרט ביים עק שטעטל און באַגלייט דעם יונגן גראַף מיט הדסהן צו זייער אייביקער רו אויפֿן קליינעם בית־עלמינדל.

ווען מען האָט ביידן אין די קברים אַראָפּגעלאָזט, האָט דער אַלטער רב זיך איבערגעבויגן איבער די קברים און אַ געשריי ווי אַ קרעכץ האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן:

„קינדער, קינדער מיינע!...״

באַלד האָט ער זיך אויסגעגלייכט, אויפֿגעהויבן די הענט צום הימל און שטיל אויסגערופֿן: „געבענטשט זאָל זיין גאָטס ווילן!״ אַ פֿאַל געטאָן און איז נפֿטר געוואָרן.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

אָבער די שול שטייט נאָך ביז היינט.

שוין הונדערטער יאָרן אַלט, אַ הילצערנע, דערהייבט זי זיך פֿון דער טיפֿעניש, פֿון מיטן זאַמדיקן טאָל איבער אַלע דעכער פֿון שטעטל.

אַ געצאַצקעטע, אַ געשניצטע טורעמט זי זיך הויך אין הימל. דער שפּיציקער דאַך, מיט טורעמלעך, מיט שטיבעלעך, מיט מגן־דוד־פֿענצטערלעך.

אין די אַלטע, גרויע, אַש־קאָלירטע ווענט זיינען דורכגעבויערט עפֿענונגען, דורך וואַנען פֿייגעלעך פֿליען פֿראַנק און פֿריי אריין און אַרויס און נעמען מיט די קינדערשע תּפֿילות אין הימל אַריין.

פֿאַרהאַקט איז דאָס וואַלד־שטיבל אויפֿן באַרג און ווילד פֿאַר־וואַקסן איז דער קליינער בית־עלמינדל.

נאָר אין דער אַלטער שול, אין אַ ווינקל, אין אַ גרויסער היל־צערנער לאַמטערנע ברענט אַ נר־תּמיד, נאָכן אַלטן רב, נאָך זיין טאַכטער הדסה און דעם יונגן גראַף.

און ביים אַריינגאַנג אין שול ליגט דער גרויסער שטיין, אויף וועלכן מיר, קינדער, שפּילן זיך אין „באַרג סיני״.

פֿאַר אַן עדות און פֿאַר אַ שומר ליגט דער שטיין, אַז כּל־זמן דער שטיין וועט ליגן, וועט די שול שטיין.

# משיחס קרוין

ש. ניגערן

### 1.

טראַכט ער ווידער, שלאָגט זיך מיט דער דעה: זאָל ער דער־ציילן זיין סוד פֿאַרן בלינדן יהודה, וועמען קיינער גלויבט ניט, אַז אין מיטן העלן טאָג האָבן אים, יהודהן, מלאכים אַוועקגענומען אין הימל און נאָכדעם אים געבראַכט אַ בלינדן צוריק?

ער גלויבט אָבער דעם בלינדן יהודה, מיטן גאַנצן האַרצן גלויבט ער; אַ בלינדער, און קוקט מיט אָפֿענע ליכטיקע אויגן, ווי אַ זעעוודיקער.

און דער באַגער צו דערציילן דעם בלינדן יהודהן לאָזט אים ניט רוען, ווען ער כאַפּט זיך, אַז ער האַלט זיך גרויס. ער ווייס, אַז מיט אַזאַ הייליקן סוד — טאָר מען זיך ניט גרויס האַלטן... אָבער אָפּט דוכט אים, אַז ער איז אַ ייִנגל פֿון עלף יאָר, נאָר אַ גרויסער, אַ גרויסער, אַן אויסגעוואַקסענער, וואָס קוקט מיט גאווה אַרום.

און דערשרעקט זיך דעריבער, מיט אַזאַ הייליקן סוד אין האַרצן דאַרף מען זיין דער פּשוטסטער, דער קלענסטער און מען טאָר זיך ניט גרויס־האַלטן.

אים דוכט זיך, אַז ער טוט אַלץ צו זיין פֿרומער, בעסער און שטילער. די מאַמע אַפֿילו איז שוין צוליב דעם אומרואיק. ניט ווילנדיק האָט ער שוין געהערט אירס אַ שמועס מיטן טאַטן.

טענהט די מאַמע:

— געוועען אַזאַ שטיפֿער, פֿלעגט איבערקערן די שטוב, די גאַס, געהאַט צרות פֿון חדר, און איצט ווערט ער אַלץ שטילער, פֿאַר־טראַכטער...

און דער טאַטע:

— נו, איז דיר שלעכט? איז דאָך בעסער, ער ווערט עלטער, ווערט ער „סטאַטעטשנער"...

— גאָט איז מיט דיר, אַן עלף יאָריק קינד איז ביי דיר עלטער מיטן קינד איז עפּעס...

און אים אליין פּרעגט זי אָפּטער:

— יאָסעלע, פאַרוואָס שפּילסטו זיך ניט? דיר טוט עפּעס וויי? געוויס זאָגט ער איר: ניין. ער קען דאָך איר זיין סוד ניט אַנטפּלעקן, ער טאָר עס גאָרניט.

אָבער דאָך כאַפּט ער זיך, אַז ער האַלט זיך גרויס און הויבט אָן צווייפלען, צי האָט ער ניט אײַנגאַנצן אַ טעות?

אָבער קיין טעות קאָן עס ניט זיין, ער האָט דאָך פאָרט עס געהערט אין אַלטן בית המדרש אין די שבתדיקע ווינטערדיקע פאַרטאָגן פון ר׳ אלי־דיינס מויל.

אמת, ר׳ אלי־דיין ווייס גאָר אַליין ניט, וואָס פאַר אַ גרויסן סוד ער האָט אים ניט ווילנדיק אַנטפּלעקט, אָבער איז דאָס אַליין ניט אַ ראיה, אַז עס איז אים אַזוי באַשערט?...

און אים דוכט, אַז ער איז ניט קיין עלף־יעריק יינגל, נאָר אַ גרויסער, אַן אויסגעוואַקסענער און קוקט מיט גאוה אַרום.

און ער כאַפּט זיך ווידער ביים געדאַנק און ווידער קומט דער באַגער צו פרעגן דעם בלינדן יהודה, וואָס קוקט מיט ליכטיקע, אָפענע אויגן — ווי ער וואָלט געזען!

יהודהן וועט ער דערציילן, ווי עס איז געווען. און געווען איז עס אַזוי:

.2

ער ווייס ניט פאַרוואָס, עפּעס האָט אים דאָס הארץ געזאָגט, ער זאָל צושטיין צום טאַטן, אַז ער זאָל אים אַמאָל לאָזן שבת צום „ערשטן דאַוונען", ער וויל זיין ביי דעם ערשטן דאַוונען.

האָט אים דער טאַטע אָפּגערעדט:

— וואו וועסטו דאַרטן גיין צווישן בעלי־עגלות און שוסטער? עס פּאַסט גאָרניט! — איז ער אָבער פאָרט צוגעשטאַנען ביז דער טאַטע האָט אים צוגעזאָגט, אַז מאָרגן פרי וועט ער אים לאָזן גיין — ער זאָל אָבער אויפשטיין...

יענעם פרייטיק נאַכט האָט ער שוין גוט ניט געשלאָפן, אַלץ געוואַרט אויפן מאָרגן, און ווען ער איז איינגעשלאָפן, האָט ער

דערזען לעבן זיך שטיין אַן אַלטן, וואָס גלעט אים איבערן קאָפּ און זאָגט:

— דו טוסט גוט, מיין קינד.

געקומען איז בית-מדרש ווען ר׳ אלי-דיין דרשנט נאָך פֿון באַגינען אָן פֿאַרן דאַוונען, האָט ער צום אָנהייב געמיינט, אַז אַלע קוקן אויף אים, ווי עס קומט עפּעס ר׳ נחומס יינגל צום ערשטן מנין?

ער האָט אָבער גלייך דערזען, אַז מען זיצט. מען שטייט ווי געליימטע, און אַלע קוקן צום בעלעמער, וואו עס שטייט ר׳ אלי-דיין און דרשנט.

און דערזען האָט ער עפּעס גאָר אַן אַנדער ר׳ אלי, ניט וועלכן ער קען פֿון גאַס.

דאָס פּנים ווילד-באַוואַקסן און נאָך ווילדערע גרויסע שוואַרצע אויגן און דאָס מויל זיינס אין פֿלאַם-פֿייער.

און ער דערציילט וואונדערלעכע זאַכן, ווי די צדיקים וועלן באַלוינט ווערן, און די רשעים וועלן באַשטראָפֿט ווערן און ער שטעלט פֿאַר דעם גן-עדן און דעם גהינום.

האָט ער געהערט, געהערט און זיך אויפֿגעכאַפּט ווי פֿון שלאָף.

זעט ער, ר׳ אלי האָט שוין געענדיקט און געפֿינט זיך צווישן פּראָסטע, פּשוטע מענטשן, אַלץ שוסטער, שניידער, בעלי-עגלות, וואָס שטייען ווי ער און שלינגען די וואונדערלעכע רייד פֿון ר׳ אלי דעם דיין. און די גאַנצע פֿרעמדקייט איז פֿון אים אַוועק און ער האָט זיך דערפֿילט ווי ער וואָלט זיך געפֿונען צווישן די שטוביקע.

פֿון דענסטמאָל אָן, האָט אים שוין קיינער ניט געקאָנט אָפּהאַלטן, אַז ער זאָל די שבתדיקע פֿאַרטאָגן ניט לויפֿן שבת איין, שבת אוים, הערן די וואונדערלעכע רייד פֿון ר׳ אלין.

און איינמאָל איז עס געשען:

יענעם פֿרייטיק ביינאַכט איז דער גרייזער אַלטער ווידער אים געקומען צו חלום, ווידער אים געגלעט איבערן קאָפּ און אים געזאָגט:

— דו טוסט גוט, מיין קינד.

און ר׳ אלי האָט אין דעם באַגינען דערציילט פֿון משיח־צייטן, פֿון תּחית המתים, פֿון משיחן דעם געזאַלבטן פֿון גאָט.

און ער האָט גערעדט:

„קיינער ווייסט ניט ווען משיח וועט געבוירן ווערן. משיח אַליין וועט ניט וויסן, אַז ער איז משיח, אַ קינד ווי אַלע קינדער — נאָר געבוירן וועט ער ווערן מיטן איין־איינציקן סימן: אַ שפּאַן פֿון שטערן וועט ער האָבן אַ פֿאַרטיפֿונג אין קאָפּ, וואו די משיח־קרוין זאָל זיך אַריינפּאַסן".

און אומגעריכט איז עס געשען:

ער, יאָסעלע, האָט אַנגערירט מיט די פֿינגער זיין קאָפּ און האָט דערפֿילט די פֿאַרטיפֿונג. מיט האַריץ־קלאַפּעניש האָט ער אָפּגע־מאָסטן: ריכטיק אַ שפּאַן פֿון אַ שטערן...

.3

אין אַלטן בית־מדרש, אַ פֿרייטיק־צו־נאַכט ביי דער שיין פֿון ברענענדיקע ליכט, האָט אים דער בלינדער יהודה געהערט און געקוקט מיט די אָפֿענע אויגן.

און דער בלינדער יהודה האָט אים געזאָגט:

— הער אוים, יינגעלע, וואָס איך וועל דיר דערציילן:

— האָסט דאָך געהערט, אַז איך בין געווען אַ יואוועליר, בין איך אַזוי אין מיטן העלן טאָג געזעסן ביי מיין וואַרשטאַטל צוגע־רוקט צום פֿענצטער און געהאַלטן אין איינפּאַסן אַ דימענט אין אַ פֿינגערל.

די זון האָט געשיינט אין פֿענצטער אַריין. פּלוצלונג, איך וויים ניט פֿאַרוואָס, האָב איך אויפֿגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף דער זון.

איך זע, די זון איז עפּעס ניט ווי אַלע מאָל, זי שיינט גאָר אַ גאָלדיק־גרינע, אַן אויסערגעוויינלעכע, און פֿון איר ציט זיך אַ פּאַס ליכט גלייך צו מיר און אַלץ אַרום מיר ווערט גאָלדיק־גרין, ווי איך וואָלט פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון אַ גאָלדיק־גרינעם וואַסער.

קוק איך אויף דער זון און וואונדער זיך אויף דער ניט־געזע־ענער ליכטיקייט, דערזע איך, אז פֿון דער זון רוקט זיך אַרויס אַ האַנט, און טייטלט אויף מיר מיטן פֿינגער.

איך האָב זיך גאָרניט דערשראָקן. פֿאַרקערט — ס׳איז מיר געוואָרן גוט אויפֿן הארצן. איך האָב גלייך דערזען און דערפֿילט, אַז דאָס איז ניט קיין בייזע האַנט. דער פֿינגער, וואָס האָט אָנגע־צייגט אויף מיר, איז געווען ווי אַ שטראַל און די גאַנצע האַנט האָט זיך געלויכטן און געשיינט ווי אַ פּנים מיט פֿיל גוטסקייט.

און באַלד האָב איך דערהערט אַ קול, ווי אויסגעשפּילט אויף אַ פֿידל:

יהודה...

און אין דער רגע באַווייזט זיך אין הימל אַ פֿייערדיקער רייט־וואָגן, געשפּאַנט מיט פֿייערדיקע פֿערד. איך זע דער רייטוואָגן לאָזט זיך אַרונטער פֿון הימל, שוועבט, שוועבט אַלץ נעענטער צו דער ערד. אין האַרץ האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן. איך פֿיל דער רייט־וואָגן שוועבט צו מיר, לאָזט זיך אַראָפּ צו מיר, און איך הער שוין טאַקע דעם שטילן גערויש פֿון די רעדער אין דער לופֿטן לעבן מיין פֿענצטער...

איך קוק, דאָס פֿענצטער איז שוין קיין פֿענצטער ניט, נאָר אַ טיר פֿון אַ פּאַלאַץ. דער אונטערשטער טייל פֿון מאַרמאָרנע טרעפּ אויסגעזעצט אין מאָזאאיק פֿון איידלשטיינער און צוויי ליכ־טיקע מלאכים הייבן זיך אויף אויף די טרעפּ, גייען אַריין אין דער טיר, בוקן זיך פֿאַר מיר און פֿירן אַרונטער צום פֿייערדיקן רייטוואָגן.

איך בין זיך מודה, אין האַרצן איז מיר געוואָרן קיל — אַ מענטש ווי איך, אין אַ פֿייערדיקן רייטוואָגן...

האָט דאָס פֿריערדיקע קול גערופֿן:

— שרעק זיך ניט, יהודה!

איז מיר אויפֿן האַרצן געוואָרן פֿריילעך און פֿול מיט בטחון.

די צוויי ליכטיקע מלאכים האָבן מיך געכאַפּט אונטער די אָרעמס, אַריינגעזעצט אין רייטוואָגן און אַוועקגעשוועבט.

זע איך, פֿון ביידע זייטן הילט מיך איין די גאָלדיק-גרינע ליכ־טיקייט, און איך טראַכט ביי זיך אין האַרצן: וואו פֿליט מען מיט מיר?

און באַלד דערהער איך דאָס פֿריערדיקע קול:

— מען פֿירט דיך אין הימל צו ווייזן וואָס עס וועט געשען אויף דער ערד.

.4

אַז משיח האָט באַדאַרפֿט קומען, האָט זיך דער ערשטער באַ־וויזן אליהו הנביא אין זיין האַריקן מאַנטל מיט אָנגעגורטע לענדן, און ער האָט געבלאָזן אין זיין גרויסן שופֿר און זיין שאַל האָט מען געהערט אין אַלע עקן וועלט.

דערהערט דאָס שאַלן, האָבן אַלע פֿעלקער זיך אויפֿגעהויבן, ווייבער און קינדער, אַלט און יונג, און געגאַנגען זיך פֿאַרזאַמלען אויף איין פּלאַץ.

און אויף דער יבשה איז גאָר אַזאַ פּלאַץ ניט געווען, וואָס זאָל קאָנען פֿאַרזאַמלען אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

האָט דער ים געזאָגט: פֿאַרזאַמלט זיך אויף מיין אויבער־פֿלאַך! און אַזוי איז עס געשען: מען איז געשטאַנען אויפֿן ים ווי אויף דער יבשה.

און דאָ איז אליהו הנביא אַרויסגעטראָטן אין זיין האַריקן מאַנטל פֿאַר די פֿעלקער פֿון דער וועלט און גערופֿן:

— מענטשן-קינדער, פֿרייט זיך, גאָט האָט אייך אַלעמען פֿאַר־זאַמלט אונטער זיין פֿליגל, און ער שיקט צו אייך דעם געזאַלבטן פֿון גאָט, ער זאָל געוועלטיקן איבער אייך מיט חכמה און גנאָד, אַז איר זאָלט אייביק גליקלעך זיין! מענטשן-קינדער, גאָטס אויערן זיינען אָפֿן פֿאַר אייך און זיין האַרץ איז פֿול מיט רחמנות. בעט, טוט תּפֿילה צו אים און איר וועט געהאָלפֿן ווערן.

זיינען פֿון דער גרויסער מחנה מענטשן אַרויסגעטראָטן יונגע קינדער און זיך געווענדט צום הימל:

— ווי קאָנען מיר זיין גליקלעך, אַז מיר זיינען יתומים, אַז מיר ווייסן ניט די ליבשאַפֿט פֿון טאַטע-מאַמע, דער טויט האָט זיי ביי אונדז אַוועקגענומען?...

זיינען אַרויסגעטראָטן דערוואַקסענע און פֿרויען און האָבן פֿאַרבראָכן די הענט פֿאַרן הימל:

— ווי קאָנען מיר זיין גליקלעך, אַז אונדזערע אומשולדיקע קינדער האָט דער מלאך־המות געשאָכטן אָן רחמנות?...

און ס'זיינען אַרויסגעטראָטן חתנים און יונגעלייט און האָבן מיט פּיין געררופֿן צום הימל:

— ווי קאָנען מיר זיין גליקלעך, אַז דער טויט האָט פֿון אונדז אוועקגערויבט אונדזערע געליבטע און טרייע?

און דאָ זיינען אַרויסגעטראָטן כּלות און יונגע אלמנות און גערופֿן צום הימל:

— ווי קאָנען מיר זיין גליקלעך, אַז אונדזערע הערצער פֿאַרגייען פֿון בענקשאַפֿט נאָך די אוועקגעריסענע פֿון אונדז?

און דאָ זיינען אַרויס מענטשן און האָבן אַרויסגעטראָגן זייערע קאַליקעס און קראַנקע. און די קאַליקעס און די קראַנקע האָבן געשטרעקט צום הימל זייערע שוואַכע און צעקריפּלטע גלידער און גערופֿן:

— העלף!

און אַרום האָבן אַלע מענטשן שטום געבעטן מיט אויפֿגעהויבענע הענט צום הימל:

— העלף!

און באַלד איז אַרויסגעטראָטן אַ פֿרוי — אַ פֿאַרזעעניש און געפֿרעגט ביים הימל:

— ווי קאָן איך זיין גליקלעך? די נשמה איז ביי מיר שיין, ווי פֿון דער שענסטער יונגפֿרוי אויף דער וועלט, האָסטו זי אָבער אָנגעקליידט מיט אַ גוף אַ מיאוסן און איך בין אַ קללה צווישן מענטשן, מענטשן פֿאַרטרייבן מיך פֿון זיך. אין מיין וויסטן לעבן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געפֿילט אויף זיך אַ בליק פֿון ליבשאַפֿט; פֿאַרוואָס האָסטו מיך פֿאַרשאָלטן?

---

און פּלוצלונג האָט מען דערזען ווי עס דערנעענטערט זיך צו דער פֿאַרקריפּלטער פֿרוי און שטעלט זיך ביי איר זייט אַ יונגפֿרוי פֿון הימלשער שיינקייט — און רופֿט צו אליהון:

— ווייסטו, אז איך בין די אייביקע שיינקייט פֿון דער וועלט — אייביק וויל איך זיך באַהעפֿטן מיט די מענטשן־קינדער, פֿאַרוואָס לאָזט מען מיך ניט?

און דאָ האָט מען דערזען אַ צווייטע שיינע יונגפֿרוי, און זי זאָגט צו אליהון:

— איך בין די אייביקע יוגנט פֿון דער וועלט, איך וויל זיך שטענדיק באַהעפֿטן מיט די מענטשן־קינדער. דער טויט פֿאַרטרייבט מיך פֿון זיי און אָן מיר וועלקן זיי און שטאַרבן.

און אין שטומער שווייגעניש זיינען אַרויסגעטראָטן זקנים און זקנות און מיט געבעט געקוקט אויפֿן הימל.

האָט זיך דערהערט אליהוס קול:

— האָפֿט און גלויבט — משיח קומט!

און ווי ער האָט דאָס נאָר אויסגערופֿן האָט זיך דערהערט אַ קול פֿון הימל:

— מענטשן־קינדער, איר וועט געהאָלפֿן ווערן!

און אַ געשריי פֿון פֿרייד האָט זיך אויפֿגעהויבן צווישן די מענטשן און האָט זיך צעשפּרייט איבערן ים און איבער דער יבשה.

און דאָ איז אליהו הנביא אַליין אַרויסגעטראָטן, האָט אויפֿגעהויבן די הענט אין דער הייך און געבעטן:

— האַר פֿון דער וועלט, דערמאָן זיך אָן די וואָס האָבן געלעבט אין פּיין און זיינען פֿאַרגאַנגען אין יסורים פֿון טויט; דערמאָן זיך אָן די, וואָס האָבן זיך מוסר נפֿש געווען פֿאַר דיר; דערמאָן זיך אָן די פֿאַרגאַנגענע דורות, וואָס האָבן דערטראָגן דיין נאָמען ביז היינטיקע צייטן און אַליין פֿאַרשוואונדן ווי אַ שאָטן — — —

און אַלע האָבן אויסגעשטרעקט מיט געבעט די הענט צום הימל:

— העלף, העלף!

און דאָס קול פֿון הימל האָט גערופֿן:

— מענטשן־קינדער, איר וועט געהאָלפֿן ווערן!

עס האָט גענומען דונערן אין די הימלען, די ערד האָט גענומען ציטערן. און אַ געשריי האָט זיך געהערט — אַ פֿירכטערלעכער געשריי; פֿון דעם גרעסטן שטערן ביזן קלענסטן זעמדעלע

האָט געשריען. עס איז געווען אַ געשריי פֿון פֿרייד און ווייטיק. און אַ טוי — אַ שוואַרצער טוי האָט זיך פֿון אַלץ אָפּגעטיילט, זיך אויפֿגעהויבן צום הימל און דאָרט זיך צונויפֿגעזאַמלט און געבליבן הענגען אין אַ שוואַרצן וואָלקן.

מיט אַמאָל האָט דער שוואַרצער וואָלקן געקראָגן אַ פֿייער־דיקען אָפּשיין, און אַ שוואַרץ פֿאַרזעעניש מיט טויזנטער אויגן האָט זיך איבערן וואָלקן באַוויזן, געשוועבט איבערן ים און אומ־רואיק געפֿלאַטערט, געקרייזט און זיך געשליידערט ווי אַ גרויסע שוואַרצע פֿלעדער־מויז.

און ווידער האָט זיך אַ פֿרייד־געשריי אויפֿגעהויבן צום הימל. די גאַנצע מחנה מענטשן האָט געשריען. אַלץ וואָס לעבט האָט געיובלט; אַפֿילו שטומע פֿעלזן האָבן זיך אויף דער טריקעניש צעשריען פֿון פֿרייד, און מוראַדיק איז געווען דאָס געשריי:

— גאָט, אַלמעכטיקער, פֿאַרלענדט דעם טויט אויף אייביק!

און דאָס קול פֿון הימל האָט גערופֿן:

— מענטשן־קינדער, און אַלץ וואָס לעבט און האָט אַ קיום! איך האָב אָפּגעטיילט דעם סם פֿון טויט און דעם מלאך המות גיי איך אומברענגען, און איר וועט געהאָלפֿן ווערן!

און אַ שרעקלעכער שטורם האָט זיך אָנגעהויבן אין די הימ־לען, און אַלע האָבן דערזען, ווי דער שטורם הייבט אָן טראָגן דעם שוואַרצן וואָלקן, ווי דער מלאך־המות פֿלאַטערט אַרום ווי אַ גרויסע שוואַרצע פֿלעדער־מויז, פֿאַלט אַריין אין שוואַרצן וואָלקן פֿון סם, שווימט אַרויף און טרינקט זיך ווידער. און די פֿײַערדיקע אויגן בליצן אויף און לעשן זיך, בליצן אויף און לעשן זיך.

און פּלוצלונג האָט זיך דער ים געשפּאָלטן. עס האָט זיך גע־עפֿנט אַן אָפּגרונט און דער שטורם האָט דעם שוואַרצן וואָלקן מיטן מלאך־המות אַהין פֿאַרטראָגן אויף אייביק עולמות.

און מיט אַמאָל איז שטיל געוואָרן, מאָדנע שטיל. און אַלע זעען ווי אויף דער יבשה הייבן זיך אָן עפֿענען קברים און מענטשן גע־הילט אין ווייסן שטייגן אַרויס ווי אַ נעפּל און בלייבן אויף די קברים.

און עס הייבן אָן מלחמה־פֿעלדער פֿאַרבייצוציען. קומט צו אַ פֿעלד און בלייבט שטיין. שאַלט אליהוס שופֿר:

— שטייט אויף איר קריגער!

און די פֿאַרזאַמלטע פֿעלקער זעען די אויבערפֿלאַך פֿון פֿעלד הייבט זיך אָן קנייטשן, פֿאַלדעווען, ווי אַ גרויסע איבערגעוואָרפֿענע דעק, אונטער וועלכער אויפֿכאַפּנדיקע, אויפֿשטייענדיקע נעמען זיך רירן.

און די ערדישע אויבערפֿלאַך דעקט זיך טאַקע אָפּ, וויקלט זיך אָפּ ווי אַ קאָלדרע און בלייבט ליגן אַ צונויפֿגעקנייטשטע צופֿוסנס.

מחנות, גאַנצע מחנות סאָלדאַטן, כאַפּן זיך אויף פֿון אייביקן שלאָף, הייבן זיך אויף און בלייבן שטיין.

און באַלד זעט מען מיט שטוינונג, ווי אונטער דער ערשטער אָפּגעדעקטער פֿלאַך הייבט זיך אָן באַוועגן נאָך אַ פֿלאַך, און אַנדערע קריגער פֿון עלטערע צייטן קומען אַרויס. און די פֿעלדער האַלטן אין איין פֿאַרבייציען, אין איין בלייבן שטיין און אין איין זיך אויסליידיקן.

און אַלע קוקן און זעען: פֿון די טיפֿענישן פֿון ים שטייגן אַרויף פֿון אייביק־אָן דערטרונקענע שיפֿן מיט די מאַטראָזן אויף זיי און וואו מען וואַרפֿט אַ בליק קומען אַרויס אַלץ טויטע און טויטע.

און אַזוי זיינען געשטאַנעןביידע מחנות איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, די לעבעדיקע און די אויפֿגעשטאַנענע.

און די לעבעדיקע זיינען געשטאַנען פֿאַרגאַפֿט און פֿאַרוואונדערט און אַלץ מער טויטע זיינען אויפֿגעשטיגן פֿון די קברים, און אַז די לעבעדיקע האָבן דערזען אַזוי פֿיל תּכריכים־מחנות, האָבן זיי זיך גענומען שרעקן אין האַרצן און זיינען פֿאַר מורא געפֿאַלן אויף די קני.

און דאָ האָט דאָס קול גערופֿן:

— מענטשן־קינדער, שרעקט אייך ניט, איר זייט איצט אַלע לעבעדיק, באַהעפֿט אייך!

און מיט אַמאָל איז דער ווייסער תּכריכים־נעבל פֿאַרשוואונדן און ביידע מחנות האָבן זיך געלאָזן איינע צו דער אַנדערער און נאָך אַ שטאַרקערע פֿרייד איז געוואָרן: עלטערן האָבן דערקענט זייערע קינדער, קינדער — עלטערן, אלמנות — זייערע מאַנען, כּלות — זייערע חתנים, ברידער — זייערע שוועסטער. מע האָט

זיך געהאַלדזט, געקושט, געוויינט, און די שמחה איז געווען גרויס, וואָס מע קאָן עס מיט קיין ווערטער ניט אַרויסגעבן.

און דאָ איז אַרויסגעטראָטן די יוגנט און געבעטן ביי גאָט:

— לאָז מיר זיך באַהעפֿטן מיט די מענטשן אויף אייביק!

און דאָס קול האָט געזאָגט:

— באַהעפֿט זיך!

און אַלע זיינען געוואָרן יונג.

און דאָ איז אַרויס די שיינקייט און געבעטן ביי גאָט:

— לאָז מיך באַהעפֿטן מיט די מענטשן אויף אייביק!

און אַלע זיינען געוואָרן שיין.

אין דער רגע האָבן זיך באַוויזן פֿיר ווייסע מלאכים און אין אַ גאָלדן-וויגעלע האָבן זיי געטראָגן דאָס נאָך-ניט-געבוירן קינד, וואָס האָט געהאַט גרויסע אויגן פֿון אַן אינד, און די מלאכים האָבן אַוועקגעשטעלט דאָס וויגעלע און האָבן געקניט פֿאַר אים.

און דאָ איז צוגעטראָטן די אייביקע-יוגשאַפֿט, זיך איבערגע-בויגן איבערן וויגעלע און געקושט דאָס ניט-געבוירענע קינד, אַז עס זאָל אייביק זיין יונג.

און עס איז צוגעטראָטן די אייביקע שיינקייט און זיך איבער-געבויגן איבערן וויגעלע און געקושט דאָס ניט-געבוירן קינד, אַז עס זאָל אייביק זיין שיין.

און דאָס קול האָט גערופֿן:

— אַזוי וועט עס זיין!

און פֿון די צוגעקומענע האָבן זיך די מענטשן מחנות געמוזט אויסשפּרייטן און האָבן פֿאַרפֿולט די אויבערפֿלאַך פֿון ים און האָבן פֿאַרפֿולט די אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד.

און ווען אַלע לעבעדיקע האָבן דערזען, אַז די וועלט איז פֿול — איז ווידער אַ שרעק זיי באַפֿאַלן.

האָט דאָס קול גערופֿן:

— שרעקט אייך ניט, זעט די שטערן אין הימל, זיי זיינען מער פֿון דעם שטויב פֿון דער ערד, און איך וועל באַזעצן מיט אייך אַלע שטערן אין הימל, און ליכט-וועגן וועלן זיך שפּרייטן פֿון איין שטערן צום צווייטן, און איר וועט זיך טראָגן פֿון איין וועלט צו דער

אנדערער אי פּייערדיקע רייטוואַגנס איבער די אויסגעפּשרייטע וועגן פֿון ליכט.

און ביזן הימל האָט זיך געשטאַרקט דאָס פֿריידיקע געשריי, און אַלע מענטשן האָבן גערופֿן:

— לאָמיר דאַנקען און לויבן דעם שליח פֿון גאָט, לאָמיר קרוינען דעם שוין־געזאַלבטן פֿון גאָט! וואו איז משיח?

און אליהו הנביא אין זיין אַרומגעגאַרטלטן האָריקן מאַנטל איז אַרויסגעטראָטן פֿאַראויס און האָט גערופֿן:

— משיח איז צווישן אייך, הערט זיך צו צו זיינע רייד און רייסט אויף אייביק אַרויס דאָס שלעכטס פֿון אייער האַרץ!

און שטיל איז געוואָרן אין די הימלען, שטיל אויף דער ערד. אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט אַרום און געזוכט משיחן, און אַלע ליפּן האָבן געפֿרעגט אויף משיחן...

פּלוצלונג האָט יעדער איינער דערפֿילט ווי די שטים פֿון משיחן רעדט צו זיין האַרצן, רעדט מיט גוטסקייט, שטיל און באַשיידן.

און די שטים פֿון משיחן האָט גערעדט צו יעדן איינעמס האַרץ און אים געזאָגט:

— דו ביסט גוט!

און דאָס גוטע וואָרט האָט אַרויסגעריסן דאָס בייז פֿון האַרצן און אַראָפּגעשווענקט דאָס שלעכטס פֿון דער ערד.

און די אַלע מענטשן פֿון די אַלע פֿעלקער האָבן פֿאַרנומען די שטים פֿון משיחן, און זיין שטים האָט זיך באַזעצט ביי זיי אין האַרצן.

און די מענטשן, ניט זעענדיק משיחן, און הערענדיק זיין קול אַזוי נאָענט, האָבן זיך געוואונדערט און האָבן געקוקט מיט יראת הכבוד איינער אויפֿן אַנדערן און יעדער האָט געטראַכט ביי זיך: צי איז דער אַנדערער ניט משיח?

און אַ ליכטיקייט האָט אויפֿגעשיינט אין הימל, קילע בליצן האָבן זיך צעשטראַלט אין רעגנבויגן. שטראַלן פֿון אַלערליי קאָלירן האָבן זיך צעשפּרייט איבערן הימל און געפֿלאַטערט און זיך אויסגעמישט אין אַ וואונדערלעך ליכט.

און אין הימל, האָבן אַלע דערזען: הענגט אַ קרוין! אויסגע־זעצט מיט די טייערסטע דימענטן און מיט די טייערסטע איידל־שטיינער. און אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז משיחס קרוין. און אַלע האָבן געקוקט און געוואַרט אויף וועמענס קאָפּ זי וועט זיך אַרונטערלאָזן.

און דאָס קול פֿון הימל האָט גערופֿן:

— משיח, דו געזאַלבטער פֿון גאָט, טו אָן די קרוין אויף דיין קאָפּ! דו ביסט אַן עניו, ווייסט אַליין ניט ווער דו ביסט, פֿון גע־בוירן־טאָג אָן איז שוין די קרוין צוגעפּאַסט צו דיר, זוך אָפּ די פֿאַר־טיפֿונג אין דיין געקרוינטן קאָפּ!

און וואונדער! אַלע מענטשן האָבן מיט די פֿינגער באַרירט איינער ביים אַנדערן די קעפּ און געפֿונען די פֿאַרטיפֿונג.

און ווידער האָבן די מענטשן געקוקט מיט גרויס ערפֿורכט איינער אויפֿן אַנדערן — געזען די פֿאַרטיפֿונג איינער ביים אַנדערן און ניט געוואוסט ווער משיח איז, און געקלערט צי דער אַנדערער איז ניט משיח?

און פּלוצלונג האָבן אַלע דערזען ווי משיחס קרוין ווערט הע־לער, ליכטיקער, גרעסער, וואַקסט, שפּרייט זיך אויס ווי דער גאַנצער הימל און דעקט צו אַלעמענס קעפּ.

און דאָ האָט אַ געוואַלדיק ליכט מיר אַ שיין געטאָן אין די אויגן. איך האָב דערפֿילט, אַז איך געפֿין זיך צוריק ביי מיין וואַר־שטאַט, נאָר בלינד, אין גאַנצן אַ בלינדער, אָבער געבענטשט זאָלן זיין מיינע בלינדע אויגן, וואָס האָבן זוכה געווען צו זען.

---

און יאָסל האָט באַלד אויף מאָרגן, ביים שבתדיקן דאַווענען, אַרויסגערופֿן אַ חבר פֿון שול, אים אַוועקגעפֿירט אָן אַ זייט.

— נעם אַראָפּ דאָס היטל!

— כ׳וויל עפּעס זען ביי דיר אויפֿן קאָפּ.

— וועסטו מיר גאָרניט אָפּטאָן?

— אָסור!

— קוק!

אָפּגעמאָסטן אַ שפּאַן פֿון שטערן און געפֿונען אַ פֿאַרטיפֿונג.

# דאָס אייביקע לעבן

.1

### אויפֿן מאַרק פֿון כּאָנאַן

גאַנצע זיבעציק יאָר האָט די מוטער לאַאָ-טצען געטראָגן אונ־טערן האַרצן, און ווער ער איז געבוירן געוואָרן איז ער שוין געווען גרייז-גראָ פֿון יאָרן און פֿון חכמה...

ער איז געווען ניט נאָר דאָס וואונדער פֿון זיין געבורט-שטאָט כּאָנאַן, נאָר פֿון גאַנצן לאַנד. ער האָט פֿאַרשטאַנען אַלע לשונות, אַפֿילו פֿון חיות און פֿייגל, פֿון ווינט און פֿון שטערן, און ער האָט געשמט פֿאַר „דעם חכם פֿון כּאָנאַן".

פֿון גאַנצן לאַנד האָט מען זיך געצויגן צו אים. ס'איז ניט אַוועק דער טאָג, ווען ריקשאָוס זאָלן ניט צוטראָגן, צופֿירן אַלץ נייע און נייע מענטשן. פֿון דער ווייטסטער ווייטקייט האָבן זיך קאַראַוואַנען דורך דעם מדבר געצויגן, ווער נאָך זיין קלוג וואָרט, און ווער אויס־צודריקן זיין דרך-ארץ פֿאַרן גרויסן לאַאָ-טצע.

אַזוי האָט געלעבט לאַאָ-טצע אין כּבוד און אין רום, נאָר ווען זיין לאַנגער צאָפּ אויפֿן שפּיץ פֿונם פֿאַרמעטענעם שאַרבן איז שוין אין גאַנצן ווייס געוואָרן, און זיין הויכער, דאַרער קערפּער האָט זיך אַלץ מער געבויגן אונטערן לאַסט פֿון יאָרן און אַליין זיך געצויגן צו דער ערד, האָט ער אַלץ און אַלעמען פֿאַרלאָזן און איז פֿאַר־שוואונדן הינטער די גרענעצן פֿון כּאָנאַן אין מדבר אַריין.

ווען די כּאָנאַנער האָבן זיך געכאַפּט, אַז לאַאָ-טצע איז ניטאָ, האָט קיינער ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען, דאָך האָט מען איבערגעגעבן פֿון מויל צו מויל:

„דער אַלטער איז זיכער אַוועק אין מדבר — שטאַרבן..."

באַלד האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַ קאַראַוואַן, וואָס האָט זיך געצויגן דורכן מדבר, האָט איינמאָל אַרום האַלבער נאַכט דערזען אַ מאָדנע געשטאַלט אין מדבר, אין גאַנצן ענלעך צו לאַאָ־טצען.

מיט אַ פֿאַררִיסענעם קאָפּ צום נאַכטיקן אויסגעשטערנטן הימל, איז דאָס געשטאַלט געשטאַנען, און דעם קאַראַוואַן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי הערן דייטלעך, ווי דאָס מאָדנע געשטאַלט פֿון לאַאָ־טצען שרייט צום הימל נאָכאַנאַנד:

„אָן אייביק לעבן!״

מען האָט דערציילט, אַז אין שטומער שרעק האָט דער קאַראַוואַן געצויגן פֿאַרביי. די קעמלען האָבן די ערשטע דערשפּירט די זעאונג, האָבן זיך דערשראָקן און געוואָלט זיך אויסקניען. די מענטשן זיינען פֿאַרביי ווי געליימטע, און ווען זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט אומצוקוקן זיך, איז שוין אַלץ פֿאַרשוואונדן. אָט נאָר־וואָס געזען מיט די אויגן, און ניטאָ.

---

יאָרן זיינען געקומען און יאָרן זיינען פֿאַרגעסן געוואָרן, אָבער דער נאָמען לאַאָ־טצע האָט אַלץ געלעבט צווישן די כאַנאַנער.

ס׳איז אָנגעקומען אַ שוואַרץ מגפֿה־יאָר. דער טויט האָט זיך געיאָגט נאָך די מענטשלעכע טריט און טויזנטער לעבנס פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. אַ פּחד איז אַלעמען באַפֿאַלן. מענטשן האָבן אַפֿילו געהאַנדלט און געוואַנדלט, געטאָן זייערע קליינע אַלטעגלעכע נויטווענדיקייטן, אָבער די מורא איז געווען אָנגעשריבן אויף די פּנימער, די אַנגסט האָט אַרויסגעקוקט דורך די אויגן. פֿלעגט ווער זיין צווישן מענטשן, פֿלעגט ער זיך מיט שרעק אָפּזונדערן. איז מען געבליבן אַליין, פֿלעגט מען לויפֿן פֿון אַנגסט וואו מענטשן זיינען, נאָר ניט צו פֿאַרבלייבן אַליין מיט די אייגענע געדאַנקען.

און אַזוי איז דער מאַרק פֿון כאַנאַן געווען שטענדיק פֿול מיט מענטשן — צעשראָקענע, סודותדיקע.

און פּלוצלונג, אין מיטן העלן טאָג, האָט זיך אויפֿן מאַרק באַוויזן לאַאָ־טצע.



...און פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אויפֿן מאַרק לאַאָ־טצע...

(ז׳ 260)

מיט אַ קאָפּ העכער פֿון אַלעמען, אַן אויסגעגלייכטער, מיט טראַנטעס אויפֿן ברוין־דאַרן לייב, דער ווייסער צאָפּ צעשויבערט, אין האַנט אַ שטעקן מיט אַן אויסגעברענטן דראַקאָן, האָט לאָאָ־טצע זיך געלאָזן געשניטן דורך דער פֿאַרוואונדערטער מאַסע כינעזער און איז געבליבן שטיין אַן אומבאַוועגלעכער אין מיטן מאַרק.

דער המון אַרום אים האָט אָנגעהויבן וואַקסן. ס'איז געוואָרן אַ בלינדער געלויף צום מיטן מאַרק. אַפֿילו די סוחרים האָבן ווי בגנבה אָנגעהויבן צונויפֿבינדן זייערע טיכער סחורה פֿון דער ערד און זיך געלאָזן צו לאָאָ־טצע.

אַ משוגענער, וואָס פֿלעגט אַרומבלאָנדזשען שטענדיק איבערן מאַרק און פֿון צייט צו צייט צופֿאַלן צו דער ערד און פֿאַרצווייפֿלט קלאַפּן אין איר מיט די פֿויסטן, האָט זיך צוגעזעצט צו לאָאָ־טצעס פֿים און הינטיש צו אים אַרויפֿגעקוקט.

לאָאָ־טצע האָט אים אָנגערירט מיטן שטעקן, און דער משוגע־נער האָט זיך געשווינט אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, געבראַכט צו־שלעפּן אַ שטיין און אַוועקגעלייגט פֿאַר לאָאָ־טצעס פֿים.

לאָאָ־טצע איז אַרויף אויפֿן שטיין און לאַנג און שטום געקוקט אין דער וועלט אַריין.

און וואָס לענגער ער איז געשטאַנען און געקוקט איבער די קעפּ, אַלץ אומרואיקער איז געוואָרן דער המון. דער משוגענער האָט מיט די פֿויסטן גענומען פֿאַרצווייפֿלט קלאַפּן אָן דער ערד און געמאַכט אַ יללה.

לאָאָ־טצע האָט אויפֿגעהויבן דעם שטעקן מיטן דראַקאָן אין דער הייך...

און פֿון מויל צו מויל, פֿון אויער צו אויער איז אַדורך אַ מורמל: „עפּעס וועט געשען", און אויג צו אויג האָט גערעדט און גע־צוואונגען איינע די אַנדערע צו בלייבן שטיין און וואַרטן אויפֿן מאָדנעם גרייז.

לאָאָ־טצע האָט נאָך העכער אויפֿגעהויבן דעם דראַקאָן איבער זיין קאָפּ. דער גאַנצער ים מענטשן האָט זיך אַ וויג געטאָן.

— איך בין לאָאָ־טצע... — האָט ער אויסגערופֿן און דערזען ווי מיילער עפֿענען זיך און ווי אויגן בלייבן אומבאַוועגלעך.

— שטערבלעכע! — האָט לאַאָ־טצע באַלד ווייטער גערופֿן. — פֿון מדבר בין איך צו אייך געקומען מיט אַ האַרץ פֿול פֿרייד. אין אַ גרויסער שליחות האָב איך זיך אומגעקערט צו אייך. אין אָט דעם שוואַרצן מגפֿה־יאָר האָב איך אַ בשורה פֿאַר אייך, פֿון וועלכער אייער בלוט וועט נעמען רוישן, ווי אָנגעטרונקען פֿון וויין.

צווישן דעם ים מענטשן איז געוואָרן שטילער פֿון שטיל.

— הערט, שטערבלעכע! אין מדבר האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט דער גרויסער אַלמעכטיקער גאָט — דער גאָט פֿון אַלע געטער: שאַנג־טי, און ער האָט מיך געשיקט ברענגען אייך די בשורה פֿון אַן אייביקן לעבן...

„וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס זאָגט ער?" — האָט דער גאַנצער ים מענטשן זיך אַ וויג געטאָן נאָך דער ערשטער רגע פֿון טויטער דערשטוינונג.

לאַאָ־טצע האָט ווי געלייענט די געדאַנקען פֿון די מענטשן און זיין קול האָט געהילכט איבערן גאַנצן מאַרק:

— אַן אייביק לעבן:

„הערט, הערט..." — האָט אויג צו אויג גערעדט אין המון, כאָטש די ליפּן האָבן געשוויגן און דער אָטעם האָט אָפּגעהאַקט.

און לאַאָ־טצע האָט צעפּלאַקערט די הערצער:

— שטערבלעכע! איר קאָנט לעבן אייביק, איר דאַרפֿט זיך נאָר צוהערן צו די רייד פֿון גרויסן שאַנג־טי!

דער שטומער ים מענטשן האָט זיך שוין איצט צעגאָסן אין אַ מורמל:

— „וואָס זאָגט ער?"

„שטילער!"

„לאָזט הערן!"

„וואָס האָט ער געזאָגט?"

— איך שווער אייך — האָט אין גרעסטן עקסטאַז גערופֿן לאַאָ־טצע, געטרייסלט מיטן משונהדיקן דראַקאָן אין דער הייך, און, דוכט זיך, באַקערט די לעצטע צווייפֿלער, — הערט זיך נאָר צו צו די רייד פֿון גרויסן שאַנג־טי און איר האָט זיך געוואונען אַן אייביקן לעבן.

„איז דאָס אמת?" — האָט זיך דער עולם גערעגט.

„אוים מגפות!" — האָט איינער אין ווילדער פרייד געשריען.

— „געבענטשט זאָל זיין לאָאָ-טצע!"

„אוים טויט!" — האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט. — „געבענטשט זאָל זיין לאָאָ-טצע!"

— מסתמא ווייס ער וואָס ער רעדט" — האָבן אַפילו די צווייפלער געטענהט צווישן זיך.

צווישן המון האָבן זיך פּלוצלונג דערהערט אויסרופן:

„לאָזט אים דורך! לאָזט אים דורך!"

דורכן המון האָט זיך דורכגעשטופּט אַ יונגער כינעזער מיט אַן איבערגעדעקטער משא אויף די הענט. ער האָט די משא זאָרג-פול אַרונטערגעלאָזט פאַר לאָאָ-טצעס פיס און זי אָפּגעדעקט.

מיט שרעק האָט דער עולם זיך גענומען שטופּן הינטער זיך...

פאַר לאָאָ-טצעס פיס איז געלעגן דער קערפּער פון אַ יונגער כינעזערין, אין אירע אויסגעהעפּטע זיידענע הויזן, אין די אויסגע-צאַצקעטע שיכלעך, מיט אַ פאַרפּוצשער פריזור און ברעמען-אויגן.

— גרויסער לאָאָ-טצע! — האָט דער יונגער כינעזער מיט די הענט אויפן האַרצן זיך טיף פאַרנייגט — זעסט, זי איז געווען די שענסטע פון כאַנאַן. דער טויט האָט זי ביי מיר אַוועקגענומען... זעסט איצט, אונטער דער באַפּוצונג, איר מיאוס, טויט פּנים, די שרעקלעכע, פאַרגלייזטע אויגן... די פאַרשטשירעטע ציין?... דאָס האָט דער טויט געטאָן!

— גרויסער לאָאָ-טצע! אָן איר, ווי וועל איך לעבן? כ'הער דו רעדסט פון אַן אייביקן לעבן! העלף מיר! מאַך זי לעבעדיק און איך וועל דער טרייסטער דינער פון שאַנג-טי.

„הערט, הערט!" איז דער עולם צוגעטראָטן נעענטער אין דערוואַרטונג.

לאָאָ-טצע האָט געקוקט דאָ אויפן יונגען כינעזער, דאָ אויפן טויטן קערפּער פון דעם מיידל ביי זיינע פיס. ער האָט שאַרף דער-פילט די דערוואַרטונג פון המון און זיך אַרומגעקוקט.

„הערט, קוקט!" און באַלד האָט מען איבערגעגעבן: „איר האָט געהערט ווי ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זי לעבעדיק מאַכן?"

און נאָך ווייטער: „ער זאָגט, אַז ער וועט זיי אַלע לעבעדיק מאַכן. ווען מען וועט אים נאָר ברענגען, וועט ער לעבעדיק מאַכן. לאָאָ-טצע וויים דעם סוד פֿון טויט און לעבן. שאַנג-טי האָט אים געשיקט צו אַנטפּלעקן אים״...

„אוים טויט! געבענטשט זאָל זיין לאָאָ-טצע! — האָט ווידער אָפּגעקלונגען דאָס פֿריידיקע געשריי.

„קוקט! קוקט! ער גייט זי מאַכן לעבעדיק!״ — האָט דער עולם אויפֿגעצאַפּלט און זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דער הויכער, אומבאַוועגלעכער פֿיגור פֿון לאָאָ-טצע אויפֿן שטיין.

מיט קומער האָט לאָאָ-טצע געקוקט אויפֿן עולם, ווי ער וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, און איבער די קעפּ פֿון המון האָט זיך דערהערט זיין שאַרף קול:

— הערט מיך אוים, איר מענטשן פֿון כאַנאַן. ניט פֿאַר אייערע גופֿים האָב איך געבראַכט די בשורה פֿון אַן אייביקן לעבן, נאָר פֿאַר אייערע נשמות! הערט זיך צו און פֿאָלגט אוים די רייד פֿון אַלמעכטיקן שאַנג-טי, און איר וועט זיך געווינען אַן אייביקן לעבן...

„וואָס זאָגט ער? וואָס האָט ער געזאָגט?״ האָט דער המון זיך צעוויגט. „ער וועט זי לעבעדיק מאַכן?...״

„שווייג, עפּעס אַנדערש...״

„מע שרייט: שווייגט, לאָזט הערן!״

„ער רעדט פֿאַלש, ער איז פֿאַלש!״ האָט זיך געטראָגן אַ בייזער מורמל.

„וואָס? שווייג! ער וויל נאָך עפּעס ריידן...״

„קוקט, דער משוגענער רייסט עפּעס פֿון אונטער זיינע פֿיס...״

דער המון האָט שוין איצט געברויזט ווי אַ שטורעמדיק וואַסער, רעדלעך מענטשן ווי קעסל-גריבער זיינען געוואָרן און זיך צעשוואומען.

איין סוחר האָט גערופֿן דעם אַנדערן: „געמיינט טאַקע עפּעס...״

„מיר האָבן געזאָגט...״ האָבן די צווייפֿלער גערעדט און נאָך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

## .2

## אין מדבר

די אויפגייענדיקע זון האָט געטראָפן לאָאָ־טצען אין דער ווים־טעניש פון טאַקלאַ־מאַקאַן.

פאַרשטויבט, איינגעהויקערט, האָט לאָאָ־טצע אַרויסגע־שטאַרצט פון זאַמדיקן שטח, ווי אַ שטיק פונעם שטיין, אויף וועלכן ער איז געזעסן.

אומבאַוועגלעך, מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, די הענט אויפן האַרצן, האָט לאָאָ־טצע אויסגעזען ווי אַ טויטער מדבר־גוף, וואָס אַ זאַמד־שטורעם האָט פאַרשאָטן און ווידער אַנטפּלעקט פאַר דער שיין פון דער זון.

פון אים האָט זיך אויסגעצויגן אַ צעקרימטער שאָטן אין בלוי־לעכן פרימאָרגן, זיך צעלייגט אויפן וויסטן זאַמד, ווי אַ שוואַרצע משונהדיקע חיה, און עפּעס געוואַכט ביי דער זייט און אָפּגע־וואַרט...

שעהן זיינען געלאָפן — פאַרלאָפן. די זון האָט שוין לאַנג צעשמאָלצן די פרימאָרגנדיקע מדבר־שאָטנס און בריאיק אָנגעגליט די שטיינער און דאָס זאַמד. לאָאָ־טצע איז אַלץ געזעסן אויסגעטאָן פון דער וועלט, געקוקט מיטן האַלב אָפענעם בליק אין מדבר אַריין און געזען פאַר זיך נאָר דעם מאַרק פון כאַנאַן, דעם אויפגערעגטן המון, דער יונגער טויטער ביי זיינע פים; אין די אויערן האָט נאָך אַלץ געריסן די יללה פון משוגענעם.

געקומען איז ער צו שאַנג־טי דערציילן ווי זינדיק, ווי שלעכט די מענטשן זיינען... ער איז אַוועק פון כאַנאַן מיט אַ שנאה, מיט אַ געפיל פון נקמה; זיי האָבן אין אים גאָטס וואָרט געלעסטערט, זיין הייליקע שליחות אויסגעלאַכט און פאַרשפּאָט.

און ער איז געגאַנגען צו שאַנג־טי בעטן, אַז ער זאָל זיי שטראָפן; ער זאָל אין פולער מאָס אויסגיסן זיין צאָרן אויף זיי... ער זאָל זיי באַווייזן זיין אַלמעכטיקן אָרעם...

אָבער וואָס מער ער האָט זיך דערנעענטערט צום מדבר, אַלץ מער אין זיין כעס שטילער געוואָרן. אים האָט עפּעס אַ גרויסע

אומרואיקייט באהערשט, און איצט פילט ער נאָר א צער, אזא טיפן פיינלעכן צער.

עס ווייס אז דער אלמעכטיקער שאנג-טי ווארט, ער קוקט אראפ צו אים... אבער עס עפענען זיך אים די ליפן ניט, די צונג איז צוגעפאלן צום גומען, אין הארצן איז פוסט, ס'האט אויסגע־ברענט דאָס פייער פון האס און מער איז גאָר ניט געבליבן, נאָר אן אומרואיקייט, א גרויסע אומרואיקייט...

לאַא-טצע האט פלוצלונג ברייט צעעפנט די אויגן און דערזען אז דער שאטן זיינער האט זיך גענומען איינשרומפן, קלענער ווערן, ביז ער איז געבליבן כמעט אן אומבאמערקטער פלעק.

לאַא-טצע האט אין זיך דערפילט א קאלטן ציטער, ווי זיין גאנצע עלטער וואלט זיך מיט אמאל באוויזן אין אים באהערשט. גלייך האט אים פייערדיק דורכגעבליצט א געדאנק:

„דאָס איז מיין סוף..."

און א פארבלענדטער און צעמישטער איז ער געבליבן. ער האט פארמאכט די אויגן און דערפילט אז יעדעס טיילכל פון זיין אלטן קערפער ציט זיך איין, שרומפט זיך איין פון שרעק; ווי יעדעס קעמערל אין אים עפנט א מויל און שרייט: „איך וויל לעבן!" און מיט טויזנטער קולות שרייט עס ארום פון אים: „איך וויל לעבן, אייביק לעבן!" און דורשטיק עפענען זיך מיילעכלעך און זוכן בלינד, און ווילן זיך צוזויגן צום לעבן...

„זינדיקער וואָס איך בין", האט זיך לאַא-טצע געכאפט מיט וויטיק. די זינד פון כאנאן האט מיך אויך פארשלעפט. זייער מורא פארן טויט האט מיך אויך פארסמט. איך, וואָס האב נאך אין מיין מוטערס טראכט געלעבט אזוי לאנג; איך, וואָס לעב אזוי לאנג מיט שאנג-טים גענאד, שרעק זיך אויך פארן טויט צוגלייך מיט זיי... זינדיקער וואָס איך בין!"

הילפלאָז האט ער זיך ארומגעקוקט. איז זיין בליק געפאלן אויפן זאמד, האט זיך אים אויסגעדוכט, אז דאָס זאמד שיט זיך איבער אין א שטילן מורמל: דו וועסט זיך צעשיטן אין שטויב... האט ער אפגעדרייט דעם קאפ און דערזען זיין שאטן, האט אים

אויסגעדוכט, אַז זיין שאָטן פּאָכעט, ווינקט צו אים: דו וועסט פאַרשווינדן ווי אַ שאָטן...

און ער מיט זיין גאַנצער חכמה האָט זיך דערפילט אַזוי קליין, נישטיק, ווי אַ יאַשטשערקע, וואָס ווערט צעטראָטן אין דער מדבר אונטערן טראָט פון קעמל.

---

מיט פאַרלייגטע הענט אויפן הארצן האָט זיך לאַ-טצע אויפגעהויבן און זיך געבוקט צום קלאָרן מדבר-הימל, פאַרן לויטערן געצעלט פון שאַנג-טי.

— גרויסער שאַנג-טי! — האָט ער זיך געווענדט מיט געבעט.

— די מענטשן הערן מיך ניט, דער טויט שטערט זיי צו פאַרשטיין דיין גרויסקייט און דיין אייביקייט...

נאָר רואיק האָט אַראָפּגעקוקט דער הימל און אין וויסטער שטילקייט איז געלעגן דער מדבר.

— דו שווייגסט, גרויסער שאַנג-טי, אָבער די מענטשן האָבן זיך ניט געוואָלט צוהערן צו די רייד, מיט וועלכע דו האָסט מיך געשיקט צו זיי. דיין אייביק לעבן פאַרשטייען זיי ניט... גרויסער שאַנג-טי! — האָט לאַאָ-טצע זיך געבעטן. — די מענטשן דורשטן נאָך אַן אמת אייביק לעבן! דו אַליין האָסט דאָס איינגעוועבט אין זייער לעבנס-געוועב. זיי ווילן לעבן אייביק, אייביק. דער פאַרלאַנג איז בלינד און שטאַרקער פון אַלע זייערע געדאַנקען; ער איז שטאַרקער פון אַלע זייערע געפילן; ער איז שטאַרקער פון זייער ווילן... גרויסער שאַנג-טי! כ׳האָב דאָס דערפילט, ווען כ׳האָב גערעדט צו די מענטשן פון כאַנאַן, ווען כ׳האָב נאָר דערמאָנט וועגן אַן אייביק לעבן. כ׳האָב דערהערט די זודיקע שטים פון זייער בלוט, די גאַנצע בענקעניש און צאַפּלעניש נאָך אַן אייביק לעבן... גרויסער שאַנג-טי! ווען עס איז ווען וועלן דאָך מענטשן לעבן אייביק. ניט אומזיסט האָסטו מיט דעם באַגער דורכגעזאַפּט זייער גוף און אָנגעפילט די נשמה... דערנענטער דעם סוד, אַנטפּלעק דעם קוואַל פון אייביקן לעבן, און אייביק וועלן מענטשן לויבן און בענטשן דיין נאָמען!...

נאָר רואיק האָט אראָפּגעקוקט דער הימל און אין וויסטער שטילקייט איז געלעגן דער מדבר...

---

ס'איז געווען טאָג און ס'איז געוואָרן נאכט. האָט לאָא־טצע ווי צום ערשטן מאָל דערזען די שטערן, זיך פאַרקוקט און זיי געפרעגט:

— שטערן, אפשר ווייסט איר וועגן קוואַל פון אייביקן לעבן?

און די שטערן האָבן צוריק ערנסט שטרענג געשימערט:

— מיר ווייסן ניט!

ס'איז געווען נאכט און ס'איז געוואָרן טאָג. האָט לאָא־טצע ווי צום ערשטן מאָל דערזען די זון און זיך געווענדט:

— זון, אפשר ווייסטו וועגן קוואַל פון אייביקן לעבן?

און די זון האָט ווי שטענדיק געשמייכלט צו לאָא־טצע:

— אויב איך בין דאָס ניט, ווייס איך ניט.

איז אָנגעלאָפן אַ ווינט און געהויבן דאָס זאמד פונם מדבר. האָט לאָא־טצע זיך צו אים געווענדט:

— ווינט! דו פליסט אומעטום, ווייסטו וועגן קוואַל פון אייביקן לעבן?

האָט זיך דער ווינט אַרומגעדרייט אַרום לאָא־טצע און געסודעט אויפן אויער:

— גרויסער לאָא־טצע! אַליין ווייס איך ניט, נאָר יאָרן לאַנג צוריק, ווען איך בין נאָך אַ יונג ווינטל געווען, האָב איך זיך אין מיטן נאכט אין אַ געדיכטן וואַלד פאַרקליבן און שטיל זיך געצויגן דורך די צווייגן און געגריסט זיך מיט זיי. פּלוצלונג האָב איך דערהערט ווי צוויי „אייביקע פייגל" פירן אַ שמועס. איך בין נייגעריק געוואָרן, וואָס די אייביקע פייגל רעדן צווישן זיך, האָב איך פאַרהאַלטן דעם אָטעם און זיך איינגעהערט.

איין פויגל האָט געזאָגט: „ס'ווערט מיר שוין נייע טויזנט יאָר, איך דאַרף שוין ווידער פליען זיך אָנטרינקען פונם קוואַל פון אייביקן לעבן".

„און איך קום איצט פֿון דאָרטן...״ האָט דער צווייטער פֿויגל געענטפֿערט. „ווייסט, אַז דער קוואַל האָט זיך איבערגעטראָגן אויפֿן וועג...״

פֿאַר גרוים פֿרייד, וואָס איך וועל זיך דערוויסן וואו דער קוואַל פֿון אייביקן לעבן איז, האָב איך געמאַכט אַ גרויס געריוש, ווייל דער צווייטער פֿויגל האָט גלייך אָפּגעהאַקט:

„דוכט זיך אימעצער רוישט צווישן די צווייגן...״ ביידע האָבן זיך צוגעהערט און געגלאָצט זייערע בליציקע אויגן אין דער פֿינצ־טערניש. — געוויס אַ מענטש...״

און פּלוצלונג האָבן ביידע פֿייגל אַ לאַך געטאָן מיט אַ מאָדנעם ווילדן געלעכטער:

„דער מענטש״, לאַכט איין פֿויגל, „וואָס יאָגט זיך אַזוי נאָך אים, ווייס גאָרניט ווי נאָענט ער איז פֿון קוואַל פֿונם אייביקן לעבן, ווען עס געפֿינט זיך איינער צווישן זיי, וואָס זאָל נאָר זוכן — זוכן, געפֿינט ער אים, דעם קוואַל...״

לאַכט דער צווייטער פֿויגל: „צום גליק איז ניטאָ אַזאַ מענטש, ווייל דער מענטש איז פֿאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, שטענדיק מיט עפּעס אַנדערש...״

גלייך זיינען זיי פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דער נאַכט אַריין.

באַלד האָט שוין דער ווינט גערעדט פֿון דער ווייטן.

— געדענק, לאַאָ־טצע, אַז דו וועסט אים געפֿינען, פֿאַרגעס ניט אָן מיר...

לאַאָ־טצע האָט זיך אויפֿגעהויבן אין זייער גאַנצער הייך, מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט ער זיך געווענדט צום הימל:

— גרויסער שאַנג־טי, זאָל איך גיין זוכן דעם קוואַל פֿון לעבן?

נאָר רואיק האָט אַראָפּגעקוקט דער הימל, און אין ווינטער שטילקייט איז געלעגן דער מדבר...

## .3
## FATA MORGANA

פֿון די העכסטע בערג פֿון טינג־נאַן צום טאָל פֿון די געלע שטורמישע וואַסערן האָט לאַאָ־טצע געווידערט, און ווידער צו די

העכסטע שפּיצן זיך געהויבן, און אַלץ געזוכט דעם קוואַל פֿון אייביקן לעבן.

אויפֿן רוקן פֿון אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן קעמל, וואָס ער האָט צו־געוואוינט צו זיך, האָט ער טעג און נעכט געוואַנדערט אין דער מדבר. ער האָט זיך אָפּגעשלאָגן פֿון קאַראַוואַנען־וועגן, אין די וויסטסטע ווינקלען איז ער פֿאַרקראָכן און אַלץ ניט געפֿונען דעם קוואַל פֿון אייביקן לעבן...

די מדבר־זון און די הייסע ווינטן האָבן אים פֿאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעטריקנטן סקעלעט, אין וועלכן ס׳האָט נאָר איין פֿאַרלאַנג געגליט: געפֿינען דעם קוואַל, און איין געדאַנק: די רייד פֿון ווינט — „זוכן — זוכן..."

ס׳זיינען אַוועק חדשים, יאָרן. ניט איין מאָל איז אים שוין אויסגעקומען, מיטן הייליקן דראַקאָן אין האַנט, פֿאַרטרייבן פֿון זיך דעם טויט. אָבער די גאַנצע צייט האָט זיך צו אים שאַנג־טי ניט באַוויזן, האָט אים אַפֿילו קיין צייכן ניט געצייגט. ווער וויים ווי לאַנג נאָך דער הייליקער כּוח וועט רוען אויפֿן דראַקאָן? דענסט־מאָל איז אַ סוף... און דעם קוואַל האָט ער נאָך אַלץ ניט געפֿונען.

און איינמאָל, ווען דאָס וואַסער איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פֿון די לאָגלען, די טייטלען — פֿון זאַק, איז ער אַ מידער אַראָפּ פֿון קעמל און זיך צוגעזעצט אויף אַ ווײַלע. לאַאָ־טצע האָט זיך פֿאַר־קוקט אויפֿן נאַכטיקן הימל — אפֿשר וועט ער דערזען עפּעס אַ צייכן פֿון שאַנג־טי, און פּלוצלונג האָט ער דערפֿילט אויף זיך אַ שטאַרן אַנגעשטרענגטן בליק.

ער כאַפּט זיך: ער זעט זיין קעמל קוקט אויף אים אַזוי מאָדנע, אַזוי פֿאַרשטענדלעך... ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן.

איז לאַאָ־טצע צו אים צו און אים אָנגערירט מיטן שטעקן. דער קעמל האָט זיך גלייך אויסגעקניט פֿאַר זיינע פֿיס, אַז ער זאָל זיך זעצן.

לאַאָ־טצע האָט געטראַכט אַ ווײַלע און זיך געזעצט אויפֿן קעמל. דער קעמל האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַוועק אין וועג.

באַלד האָט לאַאָ־טצע דערפֿילט, אַז אַ טויטע מידקייט באַ־הערשט אים. ער האָט זיך מאָדנע אויסגעקרימט אין זיין, עפּעס אַלע

אברים האָבן זיך ווי פֿונאַנדערגעבונדן, די אויגן האָבן זיך אים פֿון זיך אַליין פֿאַרמאַכט, און מאַכטלאָז האָט זיך דער קאָפּ מיטן ווייסן צאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אַהינטער...

אויפֿגעכאַפּט האָט ער זיך ביי אַ מאָדנער שיין, ס'איז ניט געווען טאָג און ס'איז ניט געווען נאַכט, ניט קיין זון־שיין און ניט קיין לבֿנה־שיין, נאָר אַ געל־טונקעלע שיין האָט געהערשט, ווי אַ פֿינצטערע זאַך וואָלט די זון פֿאַרשטעלט. ער זעט, דער קעמל שטייט פֿאַר אַ שייד־וועג מיט אַן אומגעדרייטן קאָפּ צו אים און וואַרט אויף זיין אויפֿכאַפּן זיך.

לאָאָ־טצע קוקט זיך אַרום. ער זעט: לינקס, ביי איין זייט האָריזאָנט אַ בערגיקע קייט, וואָס שטעכט דורך מיט די שפּיצן דעם הימל. רעכטס, אַ פֿלאַכער וויסטער מדבר, און צוויי וועגן פֿאַרנעמען זיך, איינער רעכטס און דער צווייטער לינקס.

קוקט ער זיך אַרום וואו ער איז און ער דערזעט אַן אויפֿשריפֿט אויסגעהאַקט אין אַ שטיין:

„דער וועג רעכטס פֿירט צום טויט,

דער וועג לינקס פֿירט צום לעבן".

לאָאָ־טצע האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויפֿן רוקן פֿונם קעמל און, ווי וויט זיין אויג האָט געכאַפּט, האָט ער געזען רעכטס אַ וויסטע פֿלאַך, אויף וועלכער עס האָט זיך אויסגעדרייט, ווי אַ שלאַנג, דער וועג פֿון טויט.

דער וועג אויף לינקס, זעט ער, שניידט זיך אַריין אין בערגיקן פּאַס, ציט זיך איבער שפּיצן, ווערט פֿאַרפֿאַלן אין טאָלן און דער־גרייכט, דוכט אים, די אַנדערע זייט פֿון באַרג־פּאַס. פֿון ביידע זייטן וועג הייבן זיך די בערג ווי שטיינערנע ווענט. ערגעץ אין דער וויטקייט אויפֿן האָריזאָנט לייכט דורכן שניט אין באַרג־פּאַס דער לויטערער הימל און צויבערט און ציט...

לאַנג איז לאָאָ־טצע געשטאַנען און באַטראַכט ביידע וועגן און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געלייענט דעם אויסגעהאַקטן אויפֿשריפֿט. ער האָט אַ טרייב געטאָן דעם קעמל מיטן שטעקן און זיך פֿאַר־נומען אויפֿן וועג לינקס.

לאַנגזאַם און צופרידן איז לאַאָ-טצע געריטן איבערן „וועג פֿון לעבן". באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, ווי אַ סאַמעטענע סטענגע האָט זיך געצויגן דער וועג און ער האָט געזשאַלעוועט יעדן טריט. פּלוצלונג האָט דער קעמל אָנגעהויבן אומרואיק צו באַוועגן מיט די אויערן, מיט אַ קרעכץ ציען די לופּט און צעשראָקן קוקן אויף די זייטן.

לאַאָ-טצע האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז דער באַרג-פּאַס צו רעכטס האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרשווינדן. באַלד האָט ער זיך אויסגעגלייכט מיטן וויסטן מדבר, און דער וועג פֿון טויט האָט זיך פֿון רעכטס פֿאַרנומען אויף לינקס און לויפֿט שוין צוגלייך מיטן וועג פֿון לעבן, אַזוי נאָענט מיטן האַנט צו דערגרייכן...

לאַאָ-טצען איז אַ קעלט אַדורך. ער גייט און דער טויט-וועג דערנענטערט זיך, ער קאָן שוין זען איצט צעשאָטענע ביינער ביי די זייטן פֿון טויטן וועג; ער שפּירט, דוכט אים, דעם ריח פֿון נבלה...

און באַלד נאָך אַ שאַרפֿערער בייג פֿון טויט-וועג, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אין גאַנצן דורכצושניידן דעם וועג פֿון לעבן.

דער קעמל האָט זיך אַלץ אָפֿטער אָנגעהויבן וואַרפֿן אָן אַ זייט און זיך צופרעסן צו דער שטיינערנער וואַנט. לאַאָ-טצע איז אַראָפּ פֿון קעמל און גענומען אים אונטער צוים.

נאָר אַ שטיקל וועג זיינען זיי אָפּ, און לאַאָ-טצע האָט מיט שרעק דערזען, אַז אין דער ווייטקייט גייט דער וועג פֿון טויט אַרויף אויפֿן וועג פֿון לעבן און גיסן זיך צוזאַמען, און ער קאָן שוין ניט זען וואו דער וועג פֿון לעבן איז און וואו דער וועג פֿון טויט.

לאַאָ-טצע האָט פּרובירט טאָן נאָך אַ פּאָר טריט. דער קעמל האָט זיך אָבער פֿאַרעקשנט און זיך ניט געוואָלט רירן פֿון אָרט.

לאַאָ-טצע האָט פּרובירט מאַכן נאָך אַ פּאָר טריט. דער קעמל מוז זיך אומקערן צוריק. ער האָט געוואָלט אויסקירעווען דעם קעמל. און פּלוצלונג האָט ער מיט שטוינונג דערזען, אַז דער וועג לויפֿט, ציט זיך פֿון זיך אַליין, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. און אַלץ אויף דעם וועג באַוועגט זיך און ציט זיך אין דער זעלבער ריכטונג.

ער זעט אַפּילו די שטיינער ביי די זייטן שאַרן זיך, קייקלען זיך אין דער זעלבער ריכטונג, באַרג אַרויף, מיטן גרעסטן אימפּעט, ווי זיי וואָלטן זיך געגליטשט באַרג אַראָפּ... און ער אַליין און זיין פֿאַרעקשנטער קעמל טראָגן זיך גיך־גיך אַרויף צום הימל צו...

ביי דער עכסטער הייך האָט זיך דער וועג איבערגעבויגן, זיך אָפּגעריסן, און ווי אַ וואַסער־פֿאַל פֿאַרשווינדט ער אין אָפּגרונט. ביי לאָאָ־טצען האָט זיך דער קעמל אַרויסגעגליטשט פֿון האַנט. עפּעס האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן מאָרדע. ביים סאַמען ראַנד פֿון אָפּגרונט האָט ער זיך פֿאַרעקשנט איינגעשפּאַרט מיט די צעשפּרייטע הינטערשטע פֿיס. די אויסגעשטאַרצטע אויגן האָבן מיט טויט־שרעק און מיט האַס געקוקט אויף אים, און געדוכט האָט לאָאָ־טצען, אַז זיי שילטן אים...

נאָר אַ רגע האָט ער אַזוי געזען זיין קעמל. ער האָט דערהערט אַן אויסגעצויגענעם קרעכץ, אַ טויט־קרעכץ... און באַלד האָט זיך דער קעמל אַ גליטש געטאָן מיט די איינגעשפּאַרטע הינטערשטע פֿיס און איז פֿאַרשוואונדן אין אָפּגרונט.

און דאָ שטייט שוין לאָאָ־טצע ביים סאַמען אָפּגרונט. אַנגסטן באַפֿאַלן אים. ער שפּאַרט זיך נאָר איין מיט זיין שטעקן, מיט זיין גאַנצן כּוח שפּאַרט ער זיך איין, און דער וועג גליטשט זיך אונטער זיינע פֿיס, גליטשט זיך און פֿאַלט אין אָפּגרונט אַריין...

לאָאָ־טצע האָט דערזען אַ מאָדנע געשטאַלט שוועבט איבערן אָפּגרונט: האַלב מענטש, האַלב דראַקאָן, און די געשטאַלט וויקלט זיך און שרייט:

„איך בין דער טויט, לאָאָ־טצע!"

— איך בין צו דיר ניט געגאַנגען... — האָט לאָאָ־טצע געצאַפּלט.

„דו ביסט געגאַנגען צו מיר... נאָך איידער דו ביסט געבוירן געוואָרן, ביסטו געגאַנגען צו מיר מיט די טריט פֿון דיינע על־טערן... זעסט, ס׳פֿליען דאָ איבערן אָפּגרונט אַזעלכע שיינע קאָ־לירטע זומער־פֿייגעלעך, דאָס פֿליען זיי צו מיר; דו מיינסט: ס׳שפּראָצט אַ גרעזל אונטער דער זון, — דאָס ציט ער זיך צו מיר. לאָאָ־טצע, דו קומסט, דו לויפֿסט אויך צו מיר!..."

און מיט אַמאָל איז פֿון לאַאָ־טצעס אויגן אַלץ פֿאַרשוואונדן. ער זעט נאָר, דער וויסטער מדבר ציט זיך אין דער ווייטקייט. די זון ברענט איבערן קאָפּ דורך אַ מאָדנעם שוואַרץ־געלן וואָלקן; לעבן אים ליגט נאָר דער טויטער קעמל, פֿאַרזונקען אין זאַמד, און אין די אויערן קלינגט נאָך: „דו קומסט, דו לויפֿסט צו מיר...״

לאַאָ־טצע האָט פֿון זיך אַראָפּגעטרייסלט דאָס זאַמד און זיך געלאָזן ווייטער אין וועג.

---

דער מדבר האָט נאָך אין גאַנצן גאָלדיק־זאַמדיק געשטראַלט. אָבער ווייט אין הימל האָט דער געלער וואָלקן אַלץ מער זיך פֿאַרשפּרייט. באַלד האָט דער ווינט זיך אָנגעהויבן שפּילן מיטן זאַמד, אים געפֿורעמט און געזייט. כוואַליעס־ווייז, ווי אַ וואַסער, האָט ער אים געטריבן, דעם זאַמדיקן ים.

אַ דורשטיקער, אַ צעגליטער האָט דאָס זאַמד זיך באַוועגט, געצויגן און געזוכט, און אויסגעזויגן יעדע פֿייכקייט.

ס׳האָט געזויגן די לופֿט, גענישטערט איבער דער ערד און זיך איבערגעשאָטן מיטן געברויש פֿון אויסגעטריקנטע ביינער.

מיט פֿאַרטריקנטע, דורשטיקע ליפּן האָט זיך לאַאָ־טצע געצויגן דורכן זאַמד. דאָס זאַמד האָט אויסגעטריקנט דעם האַלדז, אויסגעזייגט דאָס לעצטע ביסל פֿייכטקייט און געגרילצט אונטער די ציין. כוואַליעס היץ האָבן זיך געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע און געטריקנט און געטריקנט...

זעט לאַאָ־טצע: די „בערג פֿון הימל״ שיינען אויפֿן האָריזאָנט אין אַלע קאָלירן פֿון רעגנבויגן, און אַזאַ פֿרישקייט ציט פֿון דאָרטן, און די בערג דערנענטערן זיך צו אים, קומען צו, קומען צו... ער דאַרף זיך נאָר אָנשטרענגען, וועט ער זיי דערגרייכן. אָט זײַנען זיי שוין אַזוי נאָענט! ער זעט שוין די גאָלדענע קרוינען פֿון די פּאַלמעס. אָט זעט ער זיי אין גאַנצן... און אונטן, צופֿוסנס, שלאָגט דער קוואַל פֿון אייביקן לעבן. ער זעט שוין אַפֿילו דעם שטיין, פֿון וואַנען ער שלאָגט... עס שנירלט זיך אַרויס אַזאַ פֿרישער, לויטערער, דערקוויקנדיקער... ער וועט צופֿאַלן צו אים נאָך אַ פּאָר טריט, נאָך אַ פּאָר טריט...

ער פֿילט די כּוחות פֿאַרלאָזן אים און ער שאַרט זיך אויף אַלע פֿיר צום קוואַל. ער קאָן שוין זען די קאָלירטע שטיינדעלעך אויפֿן גרונט, וואָס, ס׳דוכט זיך, הייבן זיך, קוועלן מיטן לויטערן וואַסער... די כּוחות פֿאַרלאָזן אים. מיטן מויל וועט ער שוין ניט דערגרייכן, כאָטש ער ציט זיך אין גאַנצן, מיטן גאַנצן קערפּער, מיט די הויפֿנס וועט ער אָנשעפּן...

לאַאָ-טצעס אויסגעטריקנטע הענט ציען זיך טרייסלענדיק צום קוואַל... די אויסגעדאַרטע פֿינגער קאַרטשען זיך אין הויפֿנס און גראַבלען קאָנוואולסיוו נאָך דער לעבעדיקער פֿייכקייט... און ער גראַבלט אָן הויפֿנס זאַמד און טראָגט עס צום מויל...

לאַאָ-טצע האָט דערפֿילט דעם טעם פֿון פֿאַרקאַכט בלוט און מיטן לעצטן אָטעם דאָס אויסגעשפּיגן

פֿאַר פֿאַרשטאַרטן בליק האָט ער נאָך צוגעטראָגן די הויפֿנס זאַמד...

און פּלוצלינג אין אַן אוממענטשלעכן קראַמף איז ער אויפֿגע־שפּרונגען, זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הייך און מיט אויפֿ־געדריקטע פֿויסטן זיך צעשריען אַנטקעגן הימל:

„שאַנג-טי, דער מענטש וועט דאָך לעבן אייביק!"

אין דער רגע איז פֿון לאַאָ-טצען געוואָרן אַ שטיין.

---

דער שטיין שטייט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין דעם מדבר, און קאַראַוואַן-רייזנדע דערציילן, אַז צו האַלבער נאַכט, ווען מע לייגט צו דאָס אויער צום שטיין, הערט מען ווי דער שטיין שרייט:

„דער מענטש וועט דאָך לעבן אייביק..."

# דאָס ייִנגל וואָס האָט געהערט סאַראַסאַטען

י. קאַמינסקין

## .1
## (ציגײַנער־װײַזן)

אין סומנעם וואלד האָבן טאטע־מאמע געוואוינט, אין געדיכטן צעוואקסענעם וואלד.

פֿאַר דער שטוב אַ פּאָליאַנע. אין מיטן פּאָליאַנע — איין איינ־ציקער בוקסן־בוים; אַ צעוואַקסענער, אַ צעצווייגטער; דער שטאַם פֿון געשפּרינקלטן מאַרמאָר, און דער געזימסטער קאָפּ שפּאַרט אונטער דעם געוועלב פֿון הימל.

איין־איינציק ייִנגעלע, שטייט זיין וויגעלע אונטערן איין־איינ־ציקן בוים אויף דער פּאָליאַנע. זיכער איז זיין מאַמע: דער רעגן וועט דורך די געדיכטע צווייגן ניט אַדורך; בריאיקע זון־שטראַלן וועלן זיך דורך זיי ניט אַדורכשטעכן. זיכער איז זי געווען.

און פֿייגל נעסטן זיך אין דעם געלאַקטן קאָפּ פֿון בוקסן־בוים, פֿאַרנעמען דעם קליינעם ייִנגעלע מיט געזאַנג, מיט צוויטשעריי, ביז ער שלאָפֿט איין.

און שלאָפֿט ער אַזוי גיך ניט איין, העלפֿט דאָס זומער־ווינטל צו. מורמלען די בלעטער, ווי אַ וואַסערל רוישט, ווי אַ וואַסערל רוישט... גרינען פֿאַר די יונגע אייגלעך די יונגע צווייגלעך, די יונגע בלעטלעך, וויגן זיך פֿאַר זיי, און פֿאַרוויגן — ביז ער שלאָפֿט איין.

זיכער איז די מאַמע, קיינער וואוינט ניט אַרום, קיינער גייט ניט אַרום. פֿון שטוב־פֿענצטער זעט זי די פּאָליאַנע, אונטערן בוים דאָס וויגעלע, אין וויגעלע איר ייִנגעלע.

.2

ציען זיך בוידן איבערן ווייטן, ברייטן וועג מיט געזאַנג, מיט קלאַנג, אין וואָלקנס שטויב. הירזשען פֿערד, גלאַנצן פּנימער — פּנימער ברוינע; ברענען אויגן — אויגן גרויסע, אויגן שוואַרצע. לאַכן ווייסע ציין, שווינדלען פֿיגורן ביי די זייטן וועג, אין וואַלד, אין פֿעלד, צווישןביימער און זאַנגען. באַרוועסע מיט שטילע טריט גייען פֿיגורן, אין קאָלירטע קליידער, מיט צעלאָזטע קעפּ, מיט באָמבלדיקע, קלינגענדיקע מטבעות־אוירינגלעך, מיט בלוט־רויטע קרעלן, מיט קאָלירטע פּאַטשערקעס אויף די ברוינע הוילע בריסט.

דאָס גייען ציגיינער.

קוקן שאַרפֿע אויגן אין אַלע זייטן. שלייכט זיך אַ שלאַנקער־קערפּער, דרייט זיך אויס, וויקלט זיך ווי אַ שלאַנג אין די קוסטעס.

אויף אַ פּאָליאַנע שטייט איין־איינציקער בוקסן־בוים, אונטערן בוקסן־בוים אַ וויגעלע, אין וויגעלע אַ ייִנגעלע.

ציט זיך אַ פֿאַרברוינטע מאָגערע האַנט מיט שיינענדיקע רינגען אויף די ביינערדיקע פֿינגער, ציט זיך צום שלאָפֿנדיקן ייִנגל, ציט זיך רואיק, שטיל, אַ קאָלירט טוך אין די פֿאַרקוועטשטע פֿינגער... עפּעס אַ כאַפּ, אַ וויקל, און ווידער רואיק שטיל.

ציען זיך בוידן איבערן ווייטן, ברייטן וועג מיט געזאַנג, מיט קלאַנג אין וואָלקנס שטויב.

.3

נאָענט האָט זיך צוגערוקט דער וואַלד צום טייך און זיך פֿאַרקוקט אין זיינע טיפֿן אויפֿן אייגענעם שאָטן. נאָענט ביים ברעג, צווישן טייך און וואַלד ברענט אַ פֿייער אין דער נאַכט.

פֿאַלט דער פֿייערדיקער אָפּשיין אויף זיצנדיקע, ניט־רירעוודיקע סילועטן אַרום און אַרום, שפּרינגט איבער קופּערנע שווייגנדיקע פּנימער, קוקט פֿאַרגאַפֿט די פֿייערדיקע אויגן אין פֿייער אַריין. אַלץ שווייגט, אַלץ איז פֿאַרכישופֿט. עס שווייגן די געפּענטעטע פֿערד אין דער ווייט, עס שווייגט דער הונט ביים זייט, עס שווייגט דער וואַלד, נאָר דאָס פֿייער שפּרינגט אונטער, לעקט, שטעקט אַרויס רויטע הונגעריקע צונגען, בייסט אײַן די צווייגן און קנאַקט, ווי מיט

ציין. שטיל, מיטן אייביקן מורמלען, שווימט דער טייך אין דער נאַכט אריין.

נאָר אָפּגערוקט פֿון אַלעמען זיצט איינע אויף אַ פּיען און זינגט...

זי האַלט אַ קינד אויפֿן שויס און זינגט און אַלע הערן איר געזאַנג.

זי זינגט, און איר געזאַנג בענקט, וויינט אין דער פֿאַרשטומ־טער זומערדיקער נאַכט, שפּרייט זיך איבערן טייך; און דער ווינט פֿאַרטראָגט עס טיף אין וואַלד — און דאָרטן ענטפֿערן אָפּ, רופֿן זיך אָפּ קולות, — עפּעס ווערט איר געוויין איבערגעקרימט פֿון אַ בייזן פֿייפֿיקן געלעכטער: זי האָט אַ קינד געהאַט, איז עס ניטאָ, אַ וואָלף האָט עס צעריסן. האָט זי אַ צווייט קינד איצט — אָבער עס איז ניט אירס. זי האָט אַ געליבטן מאַן געהאַט, איז ער אַוועק וואַנדערן און איז ניטאָ. זי בענקט אַזוי נאָך אים, בענקט, ווען וועט ער קומען? איר האַרץ גייט אויס פֿון בענקשאַפֿט און זי זינגט, זינגט. איר געזאַנג שפּרייט זיך איבערן טייך און וואַלד, און דאָרטן ענטפֿערן אָפּ, רופֿן זיך אָפּ קולות. איר געוויין ווערט איבערגע־קרימט מיט אַ בייזן, פֿייפֿיקן געלעכטער. נאָר די פֿיגורן זיצן פֿאַר־גאַפֿט, קוקן מיט גליאיקע אויגן אין פֿייער אריין און דאָס פֿייער שפּרינגט אונטער, שטעקט אַרויס רויטע הונגעריקע צונגען, בייסט איין די טרוקענע צווייגן, קנאַקט ווי מיט ציין, און זי זינגט, בענקט, וויינט אין דער פֿאַרשטומטער זומערדיקער נאַכט.

און פּלוצלונג האָט זיך אויפֿגעהויבן אין איר גאַנצער שאָטנ־דיקער הייך אַ פֿיגור, האָט זיך צעשריען ווילד, צעזונגען און אַ טופּ געטאָן מיטן פֿוס.

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן הייבן פֿיגורן — אַלטע, יונגע, פֿרויען, קינדער: ס'האָבן זיך פּייקלעך צעשאַלט מיט קאַסטאַנעטן אין טאַקט. ס'האָבן זיך גלעקלעך צעקלונגען אין אַ ווילדן, פֿריי־לעכן טאַנץ.

שפּרינגען אונטער פֿייערדיקע צונגען, טאַנצט זייער אָפּשיין... טאַנצן מאָדנע, משונהדיקע סילועטן אין דער אויפֿגעכאַפּטער זו־מערדיקער נאַכט.

דרייעוודיקער, ווילדער גייט דער טאַנץ. פֿון דער טיף פֿון וואַלד, פֿון דער טיף־ווייטקייט רופֿט זיך אָפּ דער אָפּגעקלאַפּטער הילך פֿון געשמידטע שיך.

### 4.

שפּילן זון און טייך, פֿירן אַ שטראַלן־שפּיל, רויכערט זיך אין גאַנצן דער וואַלד אונטער דער זון, ציען זיך דופּטיקע דורכזיכטיקע וואָלקנדלעך צום הימל, רופֿן זיך איבער פֿייגל צווישן דיביימער. קלינגט ערגעץ אין דער ווייט אַ גלאָק.

שטייען ווייסעביידלעך אויסגעשטעלט אויפֿן ברעג, שווימט אַ שיפֿל מיט אַ ווייסן זעגל אויפֿן טייך. שווימט, און פֿון שיפֿל שפּרייט זיך אויס אַ נעץ איבער די רואיקע צעשטראַלטע וואַסערן.

ביי די ביידלעך איז רואיק, ווי אַלץ וואָלט איינגעשלאָפֿן. אונטער אַ בוים, אין אַ קאָלירטן טוך ליגט אַ פּעקל, אין פּעקל אַ יינגל, ליגט און שלאָפֿט.

און מיט אַמאָל האָט זיך הויך איבער אים אין גרינעם הימל צעזונגען, אַ דין געזאַנג, אַ זינגענדיק פֿייפֿן האָט זיך צעצווויטשערט, צעטרעלט און זיך צעגאָסן: שטיל איז געוואָרן. אויפֿגעהערט האָבן די פֿייגל זיך איבערצורופֿן. הערן זיך די ביימער צו צום געזאַנג.

אין שלאָף עפֿנט דאָס יינגל דאָס מיילכל. דאָס געזאַנג גיסט זיך, און דאָס יינגל, דוכט זיך, זויגט דאָס געזאַנג. ער זויגט עס, און דאָס פֿייפֿנדיק געזאַנג גיסט זיך אַריין אין אָפֿענעם מיילכל, פֿון מיילכל אין העלדזל, פֿון העלדזל אין הערצל — און ער זויגט, זויגט אין שלאָף, ווי ער וואָלט פֿון דער מאַמעס זיסער ברוסט געזויגן.

פּלוצלונג עפֿנט ער די אויגן, ברייט צעעפֿנט ער זיי, קוקט אין גרינעם הימל אַריין, הערט זיך צו, שטרעקט אויס די הענטלעך מיט פֿאַרקוועטשטע פֿויסטלעך אין דער הייך, שלינגט דאָס געזאַנג מיט אַן אָפֿענעם מיילכל.

פֿון אויבן גיסט זיך דאָס פֿייפֿנדיק געזאַנג, גיסט זיך, טריפֿט אין טרעלן און דאָס יינגל שפּיצט די אויערן... ער זויגט און ס׳דורשט אים נאָך, נאָך, און ער רייסט אויף אַלץ ברייטער די אויגן, ביז דער לעצטער ברייט...

ווי פֿון שרעק האָט זיך דאָס געזאַנג מיט אַמאָל איבערגעבראָכן, זיך איבערגעריסן אין מיטן טרעל. אַ ציגיינערקע האָט זיך באַוויזן, איז צו צום יינגל, אים אויפֿגעהויבן און מיט אַ שמייכל אים פֿאַר־קוקט אין פּנימל.

פֿון העלער הויט האָט זי ווילד אַ געשריי געטאָן און זיך געלאָזן לויפֿן מיטן קינד אויפֿן האַנט.

.5

שטייט אַן אָפּגעזונדערט ברודיקביידל. אין גאַנצן שטיל, אין גאַנצן פֿאַראומערט, רויכערט זיך נאָר אינעווייניק, און אויפֿן שפּיץ שטייט אַ סאָווע, צוגעבונדן אויף אַ קייטל מיט אַן אייזערנער רינג אויפֿן פּום.

צעשריען, צעוויינט האָט זיך די סאָווע. באַלד האָט זיך דער אַריינגאַנג אָפּגעדעקט. אַ צעקנייטשט אַלט פּנים מיט אַ שאַרפֿער נאָז, האָט מיט פֿינקלדיקע אויגן זיך איינגעשפּאַרט אין דער יונגער ציגיינערקע מיטן קינד אויפֿן האַנט:

— פֿאַרוואָס אַזאַ האַסט? וואָס איז, טאָכטער?

— באָבע, באָבעשי, קוק אויפֿן קינד, זע. די אויסגעשטאַרצטע אויגן, די אָנגעשפּיצטע אויערן, דעם מאָדנעם שמייכל, וואָל גייט ניט אַראָפּ. איך האָב אים אַן אַנדערן איבערגעלאָזן אונטערן בוים און אַזאַ האָב איך אים געפֿונען.

— קום צו נעענטער, ווייז אַהער!

קוקט די אַלטע ציגיינערקע אין פּנימל אַריין, נעמט אים נעענ־טער, קוקט, באַוועגט מיט די ביינערדיקע פֿינגער איבער דעם קינדס אויגן, באַרירט די אויערן.

שאָקלט די אַלטע מיטן קאָפּ:

— פֿאַרפֿאַלן. אים האָט דער זינג־פֿויגל פֿאַרכּישופֿט.

— באָבעשי, דער זינג־פֿויגל?

— יאָ, דער זינג־פֿויגל. אימעצער האָט אין מיטן איבערגעריסן זיין געזאַנג, און דאָס קינד וועט שוין אייביק אַזוי בלייבן, בענקען נאָכן געזאַנג. זעסט די אויפֿגעריסענע אויגן, די פֿאַרשפּיצטע אוי־ערן? דאָרט איז דאָס געזאַנג פֿאַרגליווערט — ניט דערלאָזן דעם פֿויגל זיך אויסזינגען, ניט דערלאָזן דאָס קינד אויסהערן.

— באַבעשי, וואָס טוט מען? כ'האָב ליב געקראָגן דאָס קינד.

— פאַרפאַלן.

— באַבעשי, העלף!

— קיינער קאָן ניט העלפן, סיידן דער זינג־פויגל זאָל דער־זינגען פאַרן קינד זיין געזאַנג.

— באַבעשי, ווי טוט מען עס?

— פאַרפאַלן. מער ווי איין מאָל אין לעבן הערט ניט אַ מענטש דעם זינג־פויגל.

— באַבעשי, וואָס זאָל איך טאָן?

בייגט זיך די אַלטע צו צו דער יונגער, סודעט איר אין אויער:

— ס'איז אַ שטראָף; דאָס האָט דער זינג־פויגל אויסגעוויינט דער מאַמענס בענקענדיק האַרץ.

— באַבעשי?

— דאָס קינד איז פאַרפאַלן. ס'איז פאַרכישופט, וואַרף עס אונטער צוריק...

טרערן שטייען ביי דער יונגער, און מיט אַ געבויגטן קאָפּ גייט זי פוןביידל אַרויס.

.6

אויף אַ פאַליאַנע שטייט אַן איין־איינציקער בוקסן־בוים — אַ צעוואַקסענער, אַ צעצווייגטער. אונטערן בוים — אַן איבערגעקערט וויגעלע. קומט דאָס זומער־ווינטל צו, מורמלען די בלעטער, ווי אַ וואַסערל ריישט, ווי אַ וואַסערל ריישט... נאָר עס איז ניטאָ וועמען צו פאַרוויגן, וועמען צו פאַרשלעפערן. איבערגעקערט איז דאָס וויגעלע. ליגט אַ פאַרגרינטע אויף אַ זייט.

ציען זיך בוידן איבערן וויטן, ברייטן וועג מיט געזאַנג, מיט קלאַנג, אין וואָלקנס שטויב.

שלייכט זיך אַ קערפּער, דרייט זיך אויס, וויקלט זיך ווי אַ שלאַנג אין די קוסטעס.

ציט זיך אַ פאַרברוינטע מאָגערע האַנט מיט שיינענדיקע רינגען אויף די ביינערדיקע פינגער, ציט זיך, שטעלט אויף דאָס איבערגע־קערטע וויגעלע, עפּעס אַ לייג, אַ דעק צו... און ווידער רואיק, שטיל.

ציען זיך בוידן איבערן ווייטן, ברייטן וועג מיט געזאַנג, מיט קלאַנג, אין וואָלקנס שטויב.

.7

קוקט די מאַמע טאָג איין, טאָג אויס, פון פענצטער אַרויס. אויסגעוויינט די טרערן, נאָר טיפער דער טרויער, דאָס האַרץ גייט אויס אין בענקשאַפט.

קוקט זי טאָג איין, טאָג אויס, פון פענצטער אַרויס, שטייט דער איין־איינציקער, איינזאַמער בוקסן־בוים אויף דער פּאָליאַנע, ליגט אַן איבערגעקערט פאַרגרינט וויגל ביי דער זייט. און אומעטיק איז אַרום, אומעטיק.

פלוצלונג רייסן זיך די אויגן אויף, און זי לאָזט זיך ווילד לויפן פון שטוב אַרויס...

— — — — — — — — — — —

קומט די מאַמע צום אַלטן וואַלד־וועכטער מיטן קינד אויף דער האַנט.

— וואָס ווילסטו, באַלעבאַסטעשי?

— האָסטו געהערט וועגן מיין קינד?

— יאָ, כ'האָב געהערט. ביסט אַ גליקלעכע.

— ניין, אַלטער ליבער וואַלד־וועכטער, כ'האָב דאָ געבראַכט דאָס קינד, זעסט, ווי ער קוקט אויס? — די אויגן אויפגעריסן, די אויערן אָנגעשפּיצט, אַ מאָדנער שמייכל גייט ניט אַראָפּ פון פּנימל...

אַ קוק האָט געכאַפּט דער אַלטער וואַלד־וועכטער אויפן קינד.

— אים האָט דאָך דער זינג־פויגל פאַרכישופט.

כאַפּט אָן די מוטער דעם אַלטן וואַלד־וועכטער פאַרן האַנט:

— דער זינג־פויגל?

— יאָ.

פאַרברעכט די מאַמע די הענט:

— וואָס זאָל איך טאָן?

— ניטאָ קיין הילף, ער וועט שוין אייביק בענקען נאָך זיין געזאַנג.

צעוויינט זיך ביטער די מאַמע:

— וואָס זאָל ער טאָן?

ווער ווייס? פּאַרט אַפּשר אַרויס פון וואַלד, באַזעצט זיך אין שטאָט. דאָ וועט ער בענקען, בענקען זיין לעבן־לאַנג נאָכן געזאַנג פון זינג־פייגל.

.8

וואַקסט אַ קליין ייִנגעלע אין דער גרויסער שטאָט, וואַקסט די בענקשאַפט מיט אים צוזאַמען.

האָט זיך דאָס ייִנגעלע אויף יונגע פיסלעך געשטעלט, די בענקשאַפט מיט אים; האָט דאָס ייִנגעלע גיין אָנגעהויבן — די בענקשאַפט גייט מיט.

קוקט זי פון די פאַרחלומטע אייגלעך אַרויס, הערט זיך איין, הערט זיך צו מיט אָנגעשפּיצטע אויערלעך.

און די שטאָט איז פול מיט קלאַנגען, פול מיט רויש, פול מיט ליאַרעם.

קומען קלאַנגען צופליען; פליען, פאַרפליען דורך די אָפענע פענצטער צום ייִנגל צום קליינעם, דרייען זיך ווי קאָלירטע זומער־פייגעלעך פאַר די פאַרחלומטע אייגלעך, שורשען ווי זייד, שורשען צאַרט אין די אָנגעשטרענגטע אויערלעך.

זיינען די פענצטער פאַרמאַכט, קלאַפּן זיי, שורשען זיי ביי די שויבן און רופן, רופן צום קליינעם ייִנגעלע.

פאַרקלייבט זיך דאָס קליינע ייִנגעלע צום פענצטער, שטייט, קוקט, הערט זיך צו.

שטייט ער, שטייט און שטייט. קוקט די בענקשאַפט פון די אויגן, הערט זיך צו מיט אָנגעשטרענגטע אויערן.

קומט די מאַמע צו, גלעט אים איבערן קעפּל:

— וואָס שטייסטו אַזוי לאַנג ביים פענצטער, מיין ייִנגעלע?

פאַרדרייסט ער דאָס פנימל צו איר, צעעפנט ברייט די אויגן, קוקט די בענקשאַפט אויף דער מאַמען:

— מאַמע, שאַ...

— וואָס איז, מיין ייִנגעלע, הערסט עפּעס?

שאָקלט ער שטום מיטן קעפּל: ניין, ער הערט ניט! נאָר, מאַמע, שאַ...

וואַקסט אַ קליין ייִנגעלע אין דער גרויסער שטאָט, האָדעוועט זיך די בענקשאַפֿט מיט אים צוזאַמען, קוקט מיט פֿאַרבענקטע קינ־דערשע אויגן.

.9

גיט מען אַ ייִנגעלע אַ לעפֿעלע צום עסן, קלאַפּט ער און קלאַפּט מיט איר און באַקומט אַרויס אַ קלאַנג.

הערט ער זיך צו מיט אָנגעשטרענגטע אויערלעך, קוקט מיט פֿאַרחידושטע אייגלעך, קלאַפּט ער נאָך און נאָך אַמאָל, — ווידער אַ קלאַנג.

גיבן אַרויס קלאַנגען שטיינדלעך אין גאַס, שטיקלעך אייזן און גלאָז אויפֿן טראָטואַר.

קלאַנגלאָז פֿאַרגייען אָבער טעג און יאָרן; שטיל אומבאַמערקט גליטשן זיי זיך אַוועק פֿון ייִנגעלע. ווערט דאָס קליינע ייִנגעלע אַ ייִנגל, די בענקשאַפֿט קוקט אָבער פֿון די אויגן אַרויס, הערט זיך צו מיט אָנגעשטרענגטע אויערן.

און די שטאָט איז פֿול מיט רויש, פֿול מיט קלאַנגען. גייט דאָס ייִנגל, דאָס קעפּל שטענדיק אָנגעבויגן אויף אַ זייט, מיט אַן אָנגע־שטעלט אויערל, ווי ער וואָלט נאָך אַ רוף געגאַנגען.

גייט, גייט... און שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ, — הערט זיך צו... עפּעס קלאַנגען קומען, קלאַנגען פֿון דער נאָענט, קלאַנגען פֿון דער ווייט; דרייען זיך, ווי קאָלירטע זומער־פֿייגעלעך פֿאַר די אויגן, שורשען אים ליבלעך אין די אויערן; און ס׳רוט אַ שמייכל אויפֿן פּנים.

און באַלד קומען קלאַנגען אַנדערע: אַ געררויש, אַ ליאַרעם; אַ שטורעם רייסט די קאָלירטע שפּילעוודיקע זומער־פֿייגעלעך אויף פּיצלעך, נאָר צעריסענע פֿליגעלעך און קאָלירטער שטויב שווינדלט פֿאַר די אויגן, רייסט די אָנגעשטרענגטע אויערן, רוט אַ ווייטיק אויפֿן פּנים.

צונויפֿגעקאַרטשעט זיך. אויפֿן פּנים רוט אַ ווייטיק.

.10

וואַקסט דאָס ייִנגל אין אַ שטיינערנעם הויז.

ניטאָ קייןביימל אַרום, אָבער ניטאָ קיין אָפּהאַלט פֿאַרן פֿרילינג.

האָט דאָס ייִנגל פּלוצלונג איבער זיין פֿענצטער אַ צווישער דערהערט, אַן ערשטן, צאַרטן פֿרילינג־צווישער פֿון אַ פֿויגל.

רופֿט ער:

— מאַ, הער!

קוקט די מאַמע פֿון פֿענצטער אַרויס:

— דאָס זיינען שוועלבעלעך, ייִנגעלע מיינער.

און דער שוואַלב צווישערט מיט ערשטן, צאַרטן פֿרילינגס־רוף.

שטייט דאָס ייִנגעלע אין גאַנצן אָנגעשטרענגט, הערט זיך צו צום צווישערן פֿון שוואַלב.

און מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט.

הערט ער דעם צווישער ניט מער.

טרעט ער שוין דעם גאַנצן טאָג פֿון פֿענצטער ניט אָפּ.

פֿרעגט די מאַמע:

— וואָס קוקסטו, ייִנגעלע מיין?

קוקט די בענקשאַפֿט פֿון די אויגן:

— וואו איז דאָס שוועלבעלע, מאַ?

קוקט די מאַמע דורכן פֿענצטער:

— אַוועקגעפֿלויגן, ייִנגעלע מיין.

— כ׳וויל אים, מאַ...

טראַכט אַ ווײַלע די מאַמע:

— כ׳וועל דיר ברענגען נאָך אַ שענערס, ייִנגעלע מיין!

.11

צווישן נאַכט און טאָג, צווישן חלום און וואָר האָט ער עס דערהערט; דערהערט אַ רוף, די ערשטע צאַרטע פֿרילינגס־טרעלן פֿונם פֿויגל.

ליגט ער, שלאָפֿט, נאָר די בענקשאַפֿט וואַכט, הערט מיט אָנ־געשטרענגטע אויערן.

און דער פֿויגל טרילט, זינגט, פֿאַרגייט זיך אין ערשטן צאַרטן פֿרילינג־געזאַנג.

ליגט ער אָן אויפֿגעוואַכטער מיט צוגעמאַכטע אויגן; וואונדער־לעכע קאָלירטע זומער־פֿייגעלעך שורשען אַרום אים, פֿליען אַרום זיין פּנים, גלעקלעך קלינגען אין די אויערן; קלינגען דין, זילבערדיק־דין; דין, דינער, ביז עס רייסט זיך איבער, ווי אַ סטרונע אַ גע־פּלאַצטע.

ליגט ער מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, הערט זיך צו, הערט זיך איין, אָט־אָט וועט דער פֿויגל ווידער זיך צעזינגען.

זינגט ניט מער דער פֿויגל. און ער, אין אָן אויפֿגעוואַכטן חלום, ליגט און וואַרט.

זינגט ניט מער דער פֿויגל.

גייט ער אַרום אַ גאַנצן טאָג אַרום שטייגל, שטעלט זיך אויף אַ שטול, קוקט די קנעכטשאַפֿט אין די קיילעכדיקע פֿויגלשע אייג־לעך אַריין.

שפּרינגט אַרום דער פֿויגל אין דעם שטייגל, פֿלאַטערט מיט די פֿליגעלעך ביי די דראָטענע ווענטלעך, קוקט די בענקשאַפֿט דעם ייִנגל אין די פֿאַרחלומטע אייגלעך אַריין.

בענקט, זינגט דער פֿויגל אין די פֿריע פֿרימאָרגנס, פֿאַרגייט זיך אין בענקשאַפֿט.

ליגט דאָס ייִנגל אין די פֿריע פֿרימאָרגנס מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם; קאָלירטע זומער־פֿייגעלעך פֿליען אַרום, גלעקלעך קלינגען, דין, דינער, ביז עס רייסט זיך אָפּ. און ער ליגט אין אויפֿגעוואַכטן חלום און וואַרט.

זינגט ניט מער דער פֿויגל.

ליגט ער אויפֿגעוואַכטער און וואַרט.

דאגהט די מאַמע:

— פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו ניט, ייִנגעלע מיין?

— כ׳ווייס ניט, מאַ...

און באַלד:

— מאַ!...

— וואָס, יינגעלע?

— אז כ׳וועל אים געבן צוקער, וועט ער זינגען מער?

— וועמען?

— דעם פֿייגעלע.

טראַכט אַ ווײַלע די אויפֿגערודערטע מאַמע:

— קאָנסט אים געבן, אָבער ניט שלאָפֿן דאַרפֿסטו ניט, יינגעלע מײַן. דו שלאָף, שלאָף, ניט שטענדיק זינגט אַ פֿויגל.

דרייט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג דאָס יינגל אַרום שטייגל, גיט דעם פֿויגל צוקער, קוקט די בענקשאַפֿט אין די קײַלעכדיקע פֿויגלשע אייגעלעך אַרײַן.

שפּרינגט אַרום דער פֿויגל אין דעם שטייגל, פֿלאַטערט מיט די פֿליגעלעך בײַ די דראָטענע ווענטלעך, קוקט די בענקשאַפֿט דעם יינגל אין די פֿאַרחלומטע אייגעלעך אַרײַן.

בענקט, זינגט דער פֿויגל אין די פֿריע פֿרימאָרגנס, פֿאַרגייט זיך אין בענקשאַפֿט.

און איינמאָל אין פֿריען באַגינען האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבן צעשראָקן רופֿן די מאַמען:

כאַפּט זיך אויף די מאַמע:

— וואָס איז, זונעלע?

— מאַ, דאָס פֿייגעלע זינגט ניט...

— דאָס פֿייגעלע זינגט ניט? שלאָף, זונעלע, נישט שטענדיק זינגט אַ פֿייגעלע.

און ער ווערט ווידער צעשראָקן:

— מאַ, דאָס פֿייגעעל זינגט ניט...

און ער הייבט זיך פֿון בעטל:

— מאַ, דאָס פֿייגעלע, איך וויל אַ קוק טאָן.

— — — — — — — — — —

גייט אַ יינגל אין איין העמדל מיט באָרוועסע שטילע טריט אין צווייטן צימער אַרײַן.

דערהערט די מאַמע אַ שטיל קינדיש געוויין.

איז זי לעבן אים:

— וואָס איז, זונעלע?
און באַלד זיך אַ כאַפּ:
— דאָס פֿייגעלע!
ליגט דאָס פֿייגעלע צונויפֿגעקאָרטשעט אין אַ טונקעלן ווינ־קעלע פֿון שטייגל, די פֿיסלעך איינגעקרעמפּט אין די דראַטענע ווענטלעך, דאָס קעפּל פֿאַרוואָרפֿן אויף אַ זייט.
שטייט דאָס ייִנגל איינגעטוליעט דאָס קעפּל אין דער מאַמען, שטייט און וויינט. גלעט אים די מאַמע טרויעריק איבערן קעפּל, און אַן אויפֿגערעגטע טראַכט זי: ניט געטאָרט, ניט געטאָרט...

.12

גייט אַרום דאָס ייִנגעלע אַן אומעטיקער, בענקט נאָכן פֿויגל, בענקט נאָך זײַן געזאַנג.
פּרובירט ער אַליין אויספֿייפֿן דאָס קולכל פֿון דעם פֿויגל, ציט גומעלאַסט פֿון די שיכלעך און פּיקט, פּיקט, וויל אַרויסקריגן זײַן דין־דינעם געזאַנג.
פֿרעגט די מאַמע:
— וואָס טוסטו, ייִנגעלע?
— מאַ, איך וויל נאָכמאַכן דעם פֿייגעלע.
ברענגט אים די מאַמע אַ צימבעלע אַ שיינס.
— נאַ, זונעלע, דאָס קלינגט נאָך שענער ווי אַ פֿויגל.
דערפֿרייט ער זיך.
קלאַפּט עס, קלאַפּט מיטן הילצערנעם האַמערל, באַקומט אַרויס קלאַנגען, הערט זיך צו, עפּעס יאָ און עפּעס ניט. קלאַפּט ער, קלאַפּט ווידער, קאָן ניט אַרויסקריגן, וואַרפֿט ער אַוועק:
— מאַ, איך וויל ניט דעם צימבעלע, עס זינגט ניט ווי דאָס פֿייגעלע.
ברענגט אים די מאַמע אַ פֿייפֿל.
— אויף דעם וועסטו קענען, מײַן ייִנגעלע.
דערפֿרייט ער זיך. פֿייפֿט ער, פֿייפֿט. עפּעס באַקאַנטע פֿייפֿנ־דיקע טרעלן, אָבער ניטאָ די גלעקעלעך. פֿירט זיך אַרום גאַנצע טעג מיטן פֿייפֿל און מען קאָן זיי ניט אַרויסקריגן. וואַרפֿט ער אים אַוועק.

— פֿאַרוואָס האָסטו עס אוועקגעוואָרפֿן, מיין ייִנגעלע?
— עס זינגט ניט, ווי דאָס פֿייגעלע...

.13

נעמט אים די מאַמע פֿאַר אַ האַנט:
— קום, מיין ייִנגעלע!
שטייט ער מיט דער מאַמען פֿאַר אַ יונג מיידל.
קוקט ליבלעך דאָס מיידל אויף אים, לאַשטשעט אים, פֿרעגט אים:
— ווילסטו עפּעס שפּילן אויף דעם?
און מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפֿגעצאַפּלט: עס לויפֿן, לויפֿן פֿינגער איבער ווייסע שוואַרצע ביינדלעך און קלאַנגען-קלאַנגען קומען אַרוים. שענער פֿון דעם לעפֿעלע, שענער פֿון גומעלאַסט, פֿונם צימבל, פֿונם פֿייפֿעלע, אָבער וואו איז דאָס זינגען פֿון דעם פֿייגעלע?
— ווילסטו אויף דעם שפּילן?
קוקט די בענקשאַפֿט פֿון די אויגן.
— נעם פּרוביר אַליין, אָט אַזוי...
רירט זיך צו אַ דין פֿינגערל צו אַ ווייסן, קילן ביינדל, דוכט זיך אים, אַ שוואַלב האָט צאַרט אַ צוויטשער געטאָן, פּרובירט ער נאָך אַמאָל, הערט זיך צו...
— ייִנגעלע, מיינער, ווילסט אויף דעם שפּילן?
— איך ווייס ניט, מאַ.
נעמט אים די מאַמע פֿאַר אַ האַנט.
— קום, ייִנגעלע מיינער!
קוקט אויף אים אַ יונגערמאַן, פֿרעגט אים:
— ווילסטו אויף דעם שפּילן, הערסט ווי עס שפּילט?
קוקט ער ווי עס לויפֿט אַ בויגן איבער סטרונעס, צאַפּלט ער אין גאַנצן שאַ...
שענער פֿונם צימבעלע, פֿונם פֿייפֿל, פֿון די פֿריערדיקע קלאַנגען.
שאַ, דוכט זיך, דאָס פֿייגעלע האָט טויב אַ טריל געטאָן און אָפּגעהאַקט.

ציט ער זיך מיטן הענטל...
גיט אים דער יונגערמאַן די פֿידל.
— נו, טו אַ פּיק מיטן פֿינגערל.
פּיקט ער, פּיקט מיטן פֿינגערל: ניט ווי דער פֿויגל, — ווי דער גומעלאַסט.
קוקט די בענקשאַפֿט פֿון די אויגן.
— ווילסט אויף דעם שפּילן, ייִנגעלע מײַן?
— איך ווייס ניט, מאַ...

---

קוקט זיך די מאַמע טרויעריק איבער מיטן יונגנמאַן און נעמט אים פֿאַרן הענטל.

.14

קלאַנגלאָז פֿאַרגייען טעג און יאָרן. קלאַנגלאָז פֿאַרגייט אָבער ניט דער זומער, דער ווינטער; דער פֿרילינג, דער הארבסט.
פֿאַרכאַפּן אים די אומרואיקע קלאַנגען פֿון פֿרילינג, די פֿאַרטראַכטע פֿון זומער, די שטורמישע פֿון הארבסט, די בייזע פֿון ווינטער.
ווערט פֿון אַ ייִנגעלע אַ ייִנגל.
גייט אַרום אַ ייִנגל אין דער גרויסער שטאָט מיט אַן אָנגעשטעלט אויער, מיט פֿאַרחלומטע אויגן.
און די שטאָט איז פֿול מיט ליאַרעם, פֿול מיט רויש, פֿול מיט צעריסענע קולות.
קאַרטשעט ער זיך אינעווייניק, רוט אַ ווייטיק אויף זײַן פּנים.
און באַלד קומען קלאַנגען אַנדערע, פֿון דער נאָענט, פֿון ווייט, דרייען זיך ווי קאָלירטע זומער־פֿייגעלעך פֿאַר די אויגן, שפּילן, שוועבן אַרום אים, רוט אַ שמייכל אויף זײַן פּנים.

.15

זאָגט צו אים די מאַמע:
— דו ווייסט, מײַן ייִנגל, פֿון דער ווייט איז דאָ דער גרעסטער פֿידלער געקומען, מיר גייען אים הערן, ווילסט דאָך אים הערן?
קוקט די בענקשאַפֿט פֿון די אויגן...

מישט זיך העל ליכט מיט מענטשן-געטומל. זיצט אין מיטן רעש אַ קליין ייִנגל, קוקט די בענקשאַפֿט פֿון די אויגן, הערט זיך צו מיט אַנגעשטעלטע אויערן.

און מיט אַמאָל איז שטיל געוואָרן. שטייט אַ ווייס-גרויער מאַן אויפֿן עסטראַדע מיט אַ קאָפּ פֿון אַ לייב. די לאַנגע ווייסע האָר פֿאַלן אויף אַ הינטער. שטייט מיט אַ זייט, קוקט ניט אויפֿן עולם. מיט אַמאָל אַ הייב און אַ פֿיר מיטן האַנט.

זיצט אינמיטן דער שטילקייט אַ קליין ייִנגל.

פּלוצלונג האָט אים אימעצער אָנגערירט, טיף אָנגערירט; עס האָט אים עפּעס ווי אַ גלעט געטאָן איבערן סאַמע האַרצן, צאַרט אַ גלעט געטאָן. שפּילט דאָרט דער אַלטער? ניין אימעצער זינגט, און דאָס געזאַנג פֿילט אויס די וועלט. פֿון וואַנען קומט דאָס געזאַנג? פֿון די ווענט, פֿון באַלויכטענעם געוועלב, פֿון דער הייך, פֿון דער נידער.

גיסט זיך דאָס געזאַנג. מחנות-ווייז קומען אָן קאָלירטע זומער-פֿייגעלעך, שפּילן, דרייען זיך אים פֿאַר די אויגן, שורשען ווי זייד, שורשען אים צאַרט אין די אויערן.

ווער גלעט אים אַזוי צאַרט טיף איבערן סאַמען נאַקעטן האַרצן? פּיקט דאָרט אַזוי ציטעריק אויף די סטרונעס? ער וועט צומאַכן די אויגן...

און אין מיטן אַ ריס:
בראַוואָ, סאַראַסאַטע!
בראַוואָ, בראַוואָ!
בראַאַוואָ!
און ווידער אַ צאַפּל:

שטרענגען זיך די אויערן ביז ווייטיק אָן, עפֿענען זיך די אויגן ביז דער לעצטער ברייט, צעעפֿנט זיך דאָס מויל, דורשט: נאָך, נאָך!

און דאָס געזאַנג גיסט זיך, שוועבט: קומט פֿון דער הייך, פֿון דער נידער. גלעט אים צערטלעך דאָס האַרץ, פּיקט דאָרט ציטעריק אויף סטרונעס...

ער וועט בעסער צומאַכן די אויגן און ווי דורכן חלום הערט ער:

בראַוואָ, סאַראַסאַטע! סאַראַסאַטע! סאַראַסאַטע! בראַ־וואָ!

און ער פֿילט דער מאַמעס האַנט, און דער מאַמעס ציטעריק קול:

— וואָס איז דיר, מיין ייִנגל?

און דאָס געזאַנג גיסט זיך, פֿילט אוים די וועלט. צינדן זיך ליכטער ביי אים אין מוח, עפּעס האָט זיך צעגאָסן, צעטרעלט. ביי אים איבערן קאָפּ גיסט זיך דאָס געזאַנג, גיסט זיך אים אין האַלדז, פֿון האַלדז אין האַרצן. שאַ, ביימער רוישן, פֿייגל רופֿן זיך איבער...

שאַ, דער פֿויגל טרילט, זינגט און אימעצער גלעט אים טיף איבערן סאַמען האַרצן. עס פֿאַרכאַפּט אים דער אָטעם. ווער זינגט עס אַזוי? פֿאַרגייט זיך אין בענקשאַפֿט...

שטרענגען זיך די אויערן ביז ווייטיק אָן, עפֿענען זיך די אויגן געהערט האָט ער עס, געהערט... אַ פֿויגל רופֿט, רופֿט צו אים. אימעצער רופֿט אים טיפֿער, טיפֿער אין וואַלד... ער וועט פֿעסטער צומאַכן די אויגן. עפּעס קוילערט זיך איבערן פּנים? אימעצער רופֿט אים, רופֿט אים טיפֿער אין וואַלד. ער גייט... ער גייט...

און שוואַך וועקן אים קולות ווי אין חלום: סאַ־ראַ־סאַ־טע!

און ווי אַ חלום — דער דרוק פֿון דער מאַמעס ציטערדיקער האַנט; דער מאַמעס צעשראָקן קול:

— וואָס וויינסטו, מיין ייִנגל?

עפּעס שפּרייט זיך אַ וואַלד פֿאַר זיינע אויגן וואַלד, טייך; טייך, וואַלד, קלינגען פֿאַרנאַכטיקע גלאָקן, פֿייגל רופֿן זיך איבער. שאַ, איינע זינגט, פֿאַרגייט זיך אין בענקענדיקן געזאַנג. ענטפֿערט אָפּ דער וואַלד. אימעצער קרימט איר דאָרט איבער מיט אַ בייזן טייוולשן, פֿייפֿיקן געלעכטער...

ניין, די זון שטראַלט. איבער אים זינגט אַ וואונדער־פֿויגל. שטיל איז געוואָרן אַרום. אויפֿגעהערט האָבן די פֿייגל זיך איבער־צורופֿן, ס'הערן זיך די ביימער צו, און דער פֿויגל זינגט, פֿאַרגייט זיך אין אַ דין פֿייפֿנדיק געזאַנג, ס'גיסט זיך אים אין האַלדז, פֿון האַלדז אין האַרצן...

ער צעעפֿנט דאָס מויל ווי ס'וואָלט אים דער אָטעם פֿארכאפּט. און דאָס געזאַנג גיסט זיך און גיסט זיך, פֿאַרפֿלייצט אים אין גאַנצן...

ס אַ ר אַ ס אַ ט ע — בראַוואָ!

בּ־ראַ־וואָ! סאַ־ראַ־סאַ־טע!

שטייט די מאַמע אַ צעשטראַלטע פֿאַרן זעלבן יונגנמאַן, רעדט:

— מיין יינגל וועט געזונט ווערן, וועל איך אים ברענגען צו אייך. ער רייסט זיך איצט צו שפּילן, כאָטש ער איז נאָך קראַנק. איר גלויבט ניט, אָבער איר האָט ניט געוואוינט אין וואַלד, איר ווייסט ניט, ער האָט דאָך געקראָגן געלייטערטע אויגן. דאָס האָט אים סאַראַסאַטעס פֿידל דער זינג־פֿויגל זיין געזאַנג דערזונגען.



שטייט אַ ווייס־גרויער מאַן אויפֿן עסטראַדע... מיט אַ מאָל אַ הויב, אַ פֿיר מיטן האַנט... און דאָס געזאַנג פֿילט אויס די וועלט... גיסט זיך.

(ז' 292)

# דער טעמפּל פון רחמנות

## (אַ יאַפּאַנישע פֿאָלק־מעשה)

היינט שטייט אויף דעם אָרט דער טעמפּל צו דער געטין קוואַנאָן — דער געטין פֿון רחמנות, אָבער מיט הונדערטער און הונדערטער יאָרן צוריק איז אויף דעם זעלביקן אָרט געוואַקסן אַ ווערבע. ווי געוויינטלעך, איז די ווערבע געוואַקסן אויפֿן ברעג פֿון אַ טייכל.

ביים טייכל איז געלעגן אַ דערפֿל. אַרום און אַרום איז דער באָדן געווען אַ פֿעלזיקער און אַ וואולקאַנישער. די ווערבע איז געווען דער איינציקער בוים אין דער געגנט, אָבער פֿון אויסער־געוויינטלעכער גרויס. און די ווערבע האָט אַ סך גוטס געטאָן פֿייגל און מענטשן: פֿייגל האָבן געבויט און געפֿלאָכטן זייערע נעסטן אין דער גרינער געדיכטעניש און מענטשן פֿלעגן אונטער די קילע צווייגן געפֿינען אַ שאָטן און שוץ אין דער הייסער, צעגליטער, זומערדיקער זון. דורכגייער פֿלעגן זיך אָפּרוען צופֿוסנס פֿון בוים און אַפֿילו איבערנעכטיקן און ניט מורא האָבן, אַז עס וועט זיי פֿאַרנעצן אַ רעגן.

אָבער באַזונדערס האָבן די קינדער פֿון דאָרף ליב געהאַט די ווערבע. אונטערן בוים איז געווען זייער שפּיל־פּלאַץ. דאָרטן פֿלעגן כמעט שטענדיק זיין קינדער, זיך שפּילן אַרום דער ווערבע, זיך דרייען אין קאַראַהאָדן אַרום איר, זיך הוידען אויף די שטאַרקע נידעריק־אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, קלעטערן אויף זיי און זיך אויס־באַהאַלטן אין זיי, ווי די פֿייגל.

איינמאָל האָט געטראָפֿן, אַז דאָס אַלטע בריקל איבערן טייכל האָט זיך צעבראָכן און מען האָט באַדאַרפֿט בויען אַ נייעם. דאָס

דערפֿל איז געווען אַן אָרעמס, האָט מען באַשלאָסן אונטערצוהאַקן די ווערבע און פֿון דעם געהילץ בויען דאָס נייע בריקל.

אין דאָרף, ניט ווייט פֿון דער ווערבע, האָט געוואוינט אַ יונגער פּאַרמער מיטן נאָמען הייטאַראָ. ער איז געווען זייער אַ שיינער, אַ געזונטער און פֿון אַ גרויסער משפּחה. אָבער אין אַן ערד־ציטער־ניש איז זיין גאַנצע משפּחה אומגעקומען, נאָר ער אַליין איז ווי דורך אַ נס געבליבן לעבן. ער איז שוין אָבער ניט געווען דער געזונטער און דער שיינער וואָס פֿריער. ער איז אין גאַנצן צעקריפּלט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן לעבן איינזאַם און אָפּגעזונדערט אויף זיין פֿאַרם, וואָס איז געבליבן אַ ירושה. ער האָט זיך אַזוי ווי געשעמט ווייזן פֿאַר מענטשן.

ווען אַ באַאַמטער פֿון דאָרף איז געקומען צוזאַמען מיט די העקער אונטערצוהאַקן די ווערבע, האָבן זיי פּלוצלונג געטראָפֿן דעם צעקריפּלטן פּאַרמער שטיין מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, ווי ער וואָלט געוואָלט באַשיצן דעם בוים. ער האָט אָנגעהויבן בעטן, אַז מען זאָל די ווערבע ניט רירן:

— „צי דען האָבן מיר זיך דאָ אַלע ניט געשפּילט אונטערן בוים קינדווייז?" האָט ער געפֿרעגט און געבעטן. „וואָס וועלן טאָן די קינדער? וואָס וועלן טאָן די פֿייגל? וואָס וועט טאָן דער מידער וואַנדערער, אַז איר וועט אויסהאַקן דעם בוים? און זעט", האָט ער אויסגערופֿן, „אַפֿילו די גרויסע ערדציטערניש האָט דער ווערבע ניט געשאַדט. לאָזט איר, מענטשן, אויך צורו!"

הייטאַראָ האָט גערעדט מיט הארץ, זיינען די העקער און דער באַאַמטער געבליבן שטיין אומאַנטשלאָסן.

„אָבער וואו וועט מען נעמען געהילץ פֿאַרן בריקל?" האָט געפֿרעגט דער באַאַמטער.

„איך וועל אייך צושטעלן", האָט הייטאַראָ געענטפֿערט. „איך וועל צענעמען דעם צאַם אַרום מיין הויז און אָפּגעבן פֿאַרן בריקל".

הייטאַראָ האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט צענומען דעם צאַם אַרום זיין הויז. אָבער דאָס געהילץ איז געווען ווייניק, איז ער אַרומגעגאַנגען מײלן־ווייט און אַליץ געקליבן האָלץ פֿאַרן בריקל. אים, דעם צעקריפּלטן, איז דאָס ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג. ווען ער האָט

זיך אומגעקערט צו זיך אויפֿן פֿאַרם, איז ער געלעגן קראַנק און ניט געקאָנט אַרויסגיין צו דער אַרבעט אין פֿעלד.

ווען עס איז אים בעסער געוואָרן און ער האָט זיך געלאָזן גיין אין פֿעלד, איז אים אויסגעקומען ווי שטענדיק פֿאַרבייגיין די ווער־בע, האָט ער פּלוצלונג דערזען, ווי לעבן דער ווערבע שטייט אַ יונג שיין מיידל. ער האָט אויפֿגעכאַפּט איר בליק און ניט ווילנדיק זיך פֿאַרנייגט פֿאַר איר. זי האָט געענטפֿערט אויף זיין באַגריסונג מיט אַ שמייכל און אָנגעהויבן פֿריינטלעך ריידן צו אים.

זי האָט גערעדט צו אים וועגן דער ווערבע, באַוואונדערט איר שיינקייט און געפֿרעגט הייטאַראָן צי ער האָט ליב די ווערבע.

הייטאַראָ האָט געשמייכלט, האָט געזען, אַז דאָס מיידל איז אַ פֿרעמדע, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער האָט ליב די ווערבע, האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועק אין פֿעלד.

אין פֿעלד האָט ער כּמעט ניט געקאָנט אַרבעטן. דאָס מיידל איז אים ניט אַרויס פֿון געדאַנק. ווער איז זי? האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן. אין דאָרף קען ער אַלעמען. פֿון וואַנען קומט זי? צו וועמען איז זי געקומען?

ביינאַכט איז דער שלאָף אַוועק פֿון זיינע אויגן און ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער מיידל. ער האָט קוים דערלעבט עס זאָל ווערן טאָג און ער זאָל קאָנען צוריק אַרויס אין פֿעלד. ער וועט זיך אַריינטאָן אין דער אַרבעט, האָט ער געטראַכט, וועט ער פֿאַר־געסן אָן דער מיידל.

אָבער דער טאָג איז געווען ווי די פֿריערדיקע נאַכט. דאָס מיידל איז אים אַלץ ניט אַרויס פֿון זינען.

הייטאַראָ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך פֿאַרליבט אין דעם מיידל מיטן גאַנצן האַרצן, אָבער טראַכטן וועגן איר, האָט ער געוואוסט, טאָר ער ניט. ער, דער צעקריפּלטער און מיאוסער, טאָר זיך ניט פֿאַרליבן. אַ מידער און צעבראָכענער איז ער געגאַנגען פֿון פֿעלד און זיך אַלץ באַמיט פֿאַרטרייבן איר פֿון זיינע געדאַנקען: וואָרים וואָס האָט ער צו קלערן? סיי־ווי וועט ער זי מער ניט זען, זי איז דאָך אַ פֿרעמדע, זי האָט שוין געמוזט אַוועק.

אָבער ווען ער איז ווידער פֿאַרבייגעגאַנגען די ווערבע, האָט ער ווידער דערזען דאָס מיידל, ווי זי שטייט לעבן בוים, קוקט אויף אים און שמייכלט צו אים.

הייטאַראָ האָט זיך נאָך טיפֿער פֿאַרנייגט פֿאַר איר. זי איז אים אַנטקעגן געגאַנגען און געזאָגט, אַז ער זעט אויס צו זיין זייער מיד, זאָל ער זיך צוזעצן זיך אָפּרוען אונטערן בוים.

הייטאַראָ האָט זיך געפֿילט גליקלעך און איר געפֿרעגט פֿון וואַנען זי קומט. אָבער זי האָט אים אויף דער פֿראַגע ניט געענטפֿערט, האָט ער מער ניט געוואָגט איר צו פֿרעגן. ער איז געווען גליקלעך, וואָס זי זיצט מיט אים און פֿאַרברענגט.

אַזוי פֿלעגט ער זי איצט טרעפֿן אַלע טאָג, ווען ער פֿלעגט זיך אומקערן פֿון פֿעלד. מיט יעדן טאָג איז זי געוואָרן צו אים אַלץ פֿריינטלעכער און פֿריינטלעכער. איינמאָל האָט הייטאַראָ זיך אַזוי פֿאַרפּלאָנטערט אין זיינע רייד, אַז ער האָט אַרויסגערעדט, וואָס ביי אים אויפֿן האַרצן איז, אַז ער האָט זי ליב, אָבער ער ווייס, אַז עס קאָן ניט זיין, זי זאָל ווערן זיין פֿרוי.

דאָס פֿרעמדע מיידל האָט זיך זייער שטאַרק דערפֿרייט און אים געזאָגט, אַז זי האָט אים אויך ליב מיטן גאַנצן האַרצן. זי האָט נאָר געוואַרט, ער זאָל זי בעטן חתונה האָבן מיט אים. נאָר איין תּנאַי נעמט זי אויס מיט אים: ער זאָל איר קיינמאָל ניט פֿרעגן ווער זי איז און פֿון וואַנען זי שטאַמט, ווייל זי איז אַן עלנטע, האָט ניט קיין עלטערן, קיין פֿריינט און קיין אייגענע און זי וויל וועגן דעם ניט ריידן.

הייטאַראָ האָט אַ גליקלעכער צוגעשטימט. ער האָט נאָר גע־פֿרעגט מיט אַ שמייכל:

— מעג איך וויסן דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז היגאָ — האָט זי געזאָגט, — מען רופֿט מיך „היגאָ” (ווערבע).

הייטאַראָ האָט זיך אין אָנהייב געוואונדערט אויף דעם מאָדנעם צופֿאַל מיטן נאָמען, אָבער אַזוי ווי אַ סך מיידלעך רופֿן זיך מיט די נעמען פֿון בלומען, מעג זיך היגאָ רופֿן מיטן נאָמען פֿון אַ בוים און

עס האָט אים נאָך מער געפֿרייט, וואָס זי רופֿט זיך מיטן נאָמען פֿון זיין באַליבטן בוים.

הייטאַראָ האָט אין גיכן חתונה געהאַט מיט היגאָן. הייטאַראָ איז געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין יאַפּאַן, אָבער ווער האָט דען געהערט, אַז דאָס גליק פֿון אַ מענטשן זאָל געדויערן אייביק?

און עס האָט פּאַסירט, אַז דער געוועזענער קייסער טאַבאַ, וואָס האָט זיך מיטן אייגענעם ווילן אָפּגעזאָגט פֿון טראָן און געשמט פֿאַר דעם קליגסטן אין לאַנד, האָט באַשלאָסן צו בויען אין קיאָטאָ אַ גרויסן טעמפּל צו דער געטין קוואַנאָן — דער געטין פֿון רחמנות.

ווען דעם געוועזענעם קייסערס פֿאַרלאַנג איז באַקאַנט געוואָרן אין לאַנד, האָט מען אומעטום גענומען זאַמלען געהילץ פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן גרויסן טעמפּל. דאַן האָט מען אין הייטאַראָס דאָרף באַשלאָסן, אַז דאָס געהילץ פֿון דער ווערבע זאָל באַנוצט ווערן פֿאַרן דאַך פֿון דעם טעמפּל.

הייטאַראָ האָט ווידער געפּרואווט אָפּראַטעווען די ווערבע. ער האָט פֿאַרגעשלאָגן אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע געהילץ, וואָס געפֿינט זיך אויף זיין פֿאַרם, ער איז איז גרייט געווען צענעמען אַפֿילו זיינע געביידעס אויף געהילץ. זיין הויז וועט ער צענעמען, אויב מען וועט באַדאַרפֿן.

דאָס מאָל האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפֿן. די דאָרפֿס-איינ־וווינער האָבן געפֿאָדערט מען זאָל די ווערבע אויסהאַקן. זיי האָבן געוואָלט, אַז זייער ווערבע זאָל ווערן איינגעבויט אין דעם הייליקן טעמפּל פֿון רחמנות. עס וועט זיין פֿאַר זיי מזלדיק און עס וועט זיין אַ שיינער געשאַנק פֿאַרן טעמפּל.

די איינציקע זאַך, וואָס די באַאַמטע פֿון דאָרף האָבן יאָ באַ־שלאָסן צו טאָן, איז אויסצוהאַקן די ווערבע ביינאַכט, כּדי ניט ווייַ צו טאָן די קינדער פֿון דאָרף, זיי זאָלן ניט זען, ווי מען האַקט אוים זייער באַליבטן בוים.

ווען די טרויעריקע מינוט איז געקומען, איז הייטאַראָ טיף געשלאָפֿן. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט. ער האָט דערהערט, ווי דורכן שלאָף, קלעפּ פֿון העק און עפּעס אַ געוויין.

הייטאַראַ האָט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן געלעגער און דערזען, אַז זיין פֿרוי היגאַ שטייט אין איר נאַכט־קימאָנע אין מיטן שטוב אַ בלייכע און אַ ציטערנדיקע. ביי יעדן האַק אין בוים, וואָס האָט אין דער נאַכט־שטילקייט אָפּגעקלונגען, פֿלעגט זי אויפֿציטערן, ווי די העק וואָלטן איר אַליין געטראָפֿן. זי האָט געקוקט מיט גרויסע אויפֿגעריסענע אויגן, פֿול מיט טרערן.

הייטאַראַ האָט פֿון שרעק קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויס־ברענגען.

— מיין טייערער, געליבטער פֿריינט — האָט היגאַ אָנגעהויבן דווורך געוויין, — זיי ווײסן, אַז איך, היגאַ, בין די נשמה פֿון דער ווערבע, וואָס דו האָסט איינמאָל געראַטעוועט פֿון די העקער. פֿאַר דיין רחמנות האָבן אויפֿן בוים, האָב איך זיך געוויזן צו דיר אין אַ מענטשלעכן געשטאַלט, אָפּצודאַנקען דיר פֿאַר דיין גוט הארץ. איצט האַקט מען אונטער די ווערבע, ניטאָ ווער עס זאָל העלפֿן, און איך מוז אומקומען צוזאַמען מיט איר.

איבערן שטוב האָט זיך צעטראָגן דער קראַך פֿון אַנידערפֿאַלנ־דיקן בוים. היגאַ האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אַראָפּגעלאָזן זיך שטיל אויף דער ערד. הייטאַראַ איז צוגעלאָפֿן צו איר, אָבער ער האָט געפֿונען אויפֿן דיל בלויז אירע נאַכט־קליידער.

ווען דער געוועזענער קייסער טאָבאַ, דער קליגסטער מענטש אין יאַפּאַן, האָט זיך דערפֿון דערוואוסט, האָט ער געזאָגט זיינע נאָענטע, אַז אים פֿאַרדריסט וואָס ער האָט זיך גענומען בויען אַ טעמפּל צו קוואַנאָן — דער געטין פֿון רחמנות. בעסער וואָלט די ווערבע געוואַקסן. — און ער האָט געבעטן, אַז בויען זאָל מען דעם טעמפּל ניט אין קיאָטאָ, נאָר אויף דעם אָרט, וואו די ווערבע איז געשטאַנען.

און אַזוי איז אויף דעם אָרט פֿון דער ווערבע אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער גרעסטער טעמפּל אין יאַפּאַן, דער טעמפּל פֿאַר דער געטין קוואַנאָן, דער געטין פֿון רחמנות, וואו ער שטייט נאָך ביז היינטיקן טאָג.

# דאָס „גרינע" ייִנגל

אַלע ענגלישע זאַצן און רעפּליקעס אויף די זייטן 304—325 ווערן פֿאַרטײַטשט אין ייִדיש, לויטן סדר ווי זיי דערשײַנען אינעם שפּיל — אויף די זז׳ 327 — 330.

# דאָס „גרינע״ יינגל

## (אַ קינדער־שפּיל אין איין אַקט)

**פּ ע ר ז אָ נ ע ן :**

דאָס „גרינע״ אינגל
די אויפּפּאַסערקע
דזשייקי
ערשט יינגל
צווייט יינגל
אַנטאָני, איטאַליעניש יינגל
דזשימי, איריש יינגל
נאָך קינדער
פּרינציפּאַל.

די קינדער זיינען אין עלטער פון 10—12 יאָר, אַלע — שילער פון אַ פּאָבליק סקול.

**צייט : די איצטיקע.**

**אָרט : אַן אַמעריקאַנער שטאָט.**

(פרילינג. דער שפּיל־הויף פון אַ פּאָבליק־סקול אין אַ יידישן טייל פון שטאָט. אין הינטערגרונט שטייט די שול מיט איר זייטיקן אַריינגאַנג אין הויף אַריין. איבערן אַריינגאַנג אַן אויפשריפט: „פּאָבליק סקול״. אַרום מיטאָג־צייט. דער ליידיקער הויף איז אינגאַנצן פאַרגאָסן מיט זון. די פענצטער פון דער שול זיינען ברייט צעעפנט. פון צייט צו צייט שפּאַרט פון די פענצטער אַרויס אַ אינווייניק גייט אָן דער קלאַס פון מוזיק. באַלד דערהערט זיך דער געזאַנג פון אַ קינדער־כאָר. דאָ הערט ער זיך העכער, דאָ שטילער. סקול־אָרקעסטער. בלייבט שטיל דער כאָר, הייבט אָן דער אָרקעסטער, און פאַרקערט. פּלאָנטערן זיך אַריין איינער אין אַנדערן, גיסן זיך צונויף, צעגייען זיך ווידער. אינמיטן הייבט אָן נערוועז קלינגען אַ גלעקל. דער כאָר און דער אָרקעסטער רייסן אָפּ. ראַפּטום עפנט זיך די טיר פון אַריינגאַנג. ס׳פליט אַרויס אַ יינגל, טוט אָן די טוזשורקע לויפנדיק. ער וויל אַריינשפּאַרן ביידע הענט אין ביידע אַרבל מיט אַמאָל, צעשפּרייט זיי איבערן קאָפּ ווי אַ פויגל די פליגל. האַלט דאָס היטל מיט די ציין. נאָך אים לויפט אַרויס אַ מיידעלע. שלעפּט אַ „סעטשל״ ביכער.)

**ייִנגל:**

(אַרויסגעשפּרונגען אויפֿן מיטן הויף, באַגייסטערט

אַי עם דהי פֿוירסט.

**מיידל:**

(לאָזט זיך דרייען מיט דעם סעטשל ביכער)

ווי באָוטה אַר דהי פֿוירסט.

**ייִנגל:**

נאָו מעם.

**מיידל:**

(אין איין טאָן)

יעס סער.

(די טיר פֿון אַריינגאַנג גיט זיך ווידער אַן עפֿן. עס הייבט אָן פֿלייצן מיט קינדער: ייִנגלעך, מיידלעך. דער הויף ווערט פֿול. כּמעט אַלע מיידלעך טיילן זיך אָפּ און פֿאַרנעמען אַ טייל פֿון הויף. אַ טייל ייִנגלעך גרייטן זיך צו אַ „בייס־באָל" שפּיל. אַנדערע פֿאַרנעמען זיך מיט פֿאַרשיידענע שפּילן: מען לייגט צונויף אַ הורבע ביכער און מען שפּרינגט. מ'שטעלט זיך אויס אין אַ ריי און מען שפּרינגט איינער איבערן אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן, ביז עס פֿאַלט ווער און ס'ווערט אַ לעבעדיקער באַרג. טייל מיידלעך צעקעסטלען מיט קרייד דעם גרונט און טאַנצן אויס פֿיגורן. אַנדערע שפּרינגען איבער אַ שטריק. נאָך מיידלעך מאַכן אַ „וואַנט" — שטעלן זיך אויס עטלעכע אין דער ברייט, נעמען זיך אַרום ביי די טאַליעס, גייען אַלע צוזאַמען, שושקען זיך, לאַכן, זינגען, שטופּן אומישנע אַראָפּ ייִנגלעך פֿון וועג. צוויי מיידלעך שטעלן זיך גאָר אוועק אין פֿאָדערגרונט און וויגן איינע די אַנדערע אויף די פּלייצעס. ביי יעדן מאָל אויפֿהייבן, לאַכט איינע און קוויטשעט. די ייִנגלעך הייבן אָן פֿאַרנעמען פּאָזיציעס אין שפּיל.)

**ערשטע ייִנגל:**

קאָם אָן לעטס פּליי דהי גיים.

**צווייטע ייִנגל:**

דהי „קעטשער" איז נאָט היר.

**ערשט ייִנגל:**

וועער איז הי?

**צווייט ייִנגל:**

דזשייקי העם טו סטיי אין.

**קינדער:**

וואַי?

**צווייט ייִנגל:**

הי וואָס מייקינג פֿאָן אָוו דהי „גריני”.

**ערשט ייִנגל:**

וואָט דיד הי דו־?

**צווייט ייִנגל:**

הי טרו איי פּים אָוו טשאָק עט הים.

**ערשט ייִנגל:**

דזשייקי איז איי פֿול פֿאָר באַדערינג וויטה הים.

**צווייט ייִנגל:**

דזשי, דהי גריני איז סאָ פֿאָני!

(לאַכט. אַלע לאַכן מיט אים. גיט זיך פּלוצים א כאַפּ)

לוק, היר קאָמס דהי גריני!

(פֿון טיר קומט אַרויס דאָס „גרינע” ייִנגל אין באַגלייטונג פֿון א מיידעלע, אַן אויפֿפּאַסערקע. זי פֿירט אים כמעט פֿאַר א האַנט)

**אויפֿפּאַסערקע:**

(ווייזט אים אָן אַן אָפּגעזונדערט פּלאַץ)

סטיי היר.

**גרינער:**

(צו דער אויפֿפּאַסערקע)

וואָס זאָגט איר?

**אויפֿפּאַסערקע:**

(גיט זיך א קרים. ווייזט אָן מיטן האַנט, ווידערהאָלט)

סטיי היר.

**צווייט יינגל:**

(ווייזט מיטן פֿינגער)

לוק עט דהי גריני. דיד יו היר: אינסטעד „אָם" הי סעד „יום".

(לאַכט, אַלע לאַכן.)

**גרינער:**

(פֿארשטייט, אז מען לאכט פֿון אים. צו דער אויפֿפּאסערקע)

וואָס לאַכן זיי?

**אויפֿפּאַסערקע:**

(צום גרינעם)

דהי טיטשער סעד יו שודנט טאָק דזשואיש.

(אַלע לאַכן נאָך מער. צו אַלעמען)

דאָנט מייק פֿאָן אָוו הים.

**צווייט יינגל:**

(ווייזט אויף דער אויפֿפּאסערקע)

דיד יו סי האו שי העד טו טוירן דהי פיידזשעס פֿאָר הים?

דזשי, האו פֿאָני!

**ערשט יינגל:**

קאָם אָן, לעטס פליי.

**יינגלעך:**

באָט הו וויל בי דהי קעטשער?

**צווייט יינגל:**

היר איז דזשייקי!

(דזשייקי באַווייזט זיך אין אריינגאנג. דער קאָפּ אראָפּגעלאָזט, שווייגנדיק. קוקט ניט אויף קיינעם. די הענט פֿאררוקט אין די קעשענעס. מען לויפֿט צו צו אים.)

וואָטס דהי מעטער, דשייקי, ווי אַר וויי‍טינג פֿאָר יו.

**דזשייקי:**

נאָן אָוו יאָר ביזנעס.

**צווייט יינגל:**

יו אַר דיפּי.

**דזשייקי:**

(פֿאַרקוועטשט אַ פּויסט)

טייק אָף יאָר גלעסעס...

**צווייט יינגל:**

(גיט אַ מאַך מיטן האַנט צו די איבעריקע)

לעטס פליי וויטהאָוט הים.

**דזשייקי:**

(דרייט זיך אַרום אַ פֿאַרביסענער. קומט יעדערן אין וועג, שטויסט זיך אָן. טשעפּעט זיך צו יעדערן. פּלוצלונג צום גרינעם יינגל.)

ווהאַי אַר יו סטענדינג היר?

**גרינער:**

(פֿאַרשטייט ניט. אַביסל צעשראָקן)

וואָס זאָגט איר?

**דזשייקי:**

(טרעט צו נעענטער, בייז)

ווהאַי אַר יו סטענדינג היר?

**גרינער:**

(צו דער אויפּפּאַסערקע)

וואָס זאָגט ער?

**אויפּפּאַסערקע:**

(נעמט אָן דעם גרינעם פֿאַרן האַנט. צו דזשייקין)

דהי טיטשער סעד יו שודנט באָדהער הים.

**דזשייקי:**

(צו דער אויפּפּאַסערקע. רייצט זיך)

דזשעני גאַט איי פּעלאָו, דזשעני גאַט אַ פּעלאָו...

(צו די איבעריקע קינדער)

לוק! דזשעני גאַט אַ פּעלאָו...

(קינדער קומען צו און לאַכן.)

**גרינער:**

(צו דער אויפּפּאַסערקע)

ער טשעפּעט זיך מיט אייך. ער מוז זיין פֿון די ריכטיקע אַמעריקאַנער לויפֿערס...

**דזשייקי:**

(פֿלוצלונג אין יידיש)

איך וועל דיר באַלד געבן, גריני.

**אויפֿפּאַסערקע:**

(מיטן פֿריערדיקן ניגון)

דהי טיטשער סעד יו שוד נאַט טאָק טו הים דזשואיש...

**גרינער:**

(דערפֿרייט)

אוי, ער רעדט דאָך ווי איך!

**דזשייקי:**

קום, כ'וועל דיך פּאַיטן.

**גרינער:**

(נאָך אַלץ דערפֿרייט)

דו רעדסט דאָך ווי איך.

**אויפֿפּאַסערקע:**

(שמעלט זיך אין מיטן)

דהי טיטשער סעד, לעט מי קעטש יו טאָק טו הים דזשואיש!

**דזשייקי:**

(הייבט זיך ווידער אָן רייצן מיט איר)

דזשעני גאַט איי פּעלאָו. דזשעני גאַט איי פּעלאָו...

(וואַרפֿט זיך צו אים. וויל אים אָנכאַפּן. דזשייקי דרייט זיך אַרום און דרייט זיך אַריין צווישן די קינדער. זי רופֿט)

קעטש הים, קעטש הים!

**ערשט ייִנגל:**

(כאַפּט אים אַרום פֿון הינטן. האַלט אים איין. צו דער אויפֿפּאַסערקע)

אַי גאַט הים!

**דזשייקי:**

(רייסט זיך)

ליוו מי אַלאָון.

**ערשטע יינגל:**

(שושקעט אים אומבאַמערקט אין אויער).

גאָו, סער.

**דזשייקי:**

(רייצט זיך ווידער)

אַ׳ל קיל יו.

**אויפּפּאַסערקע:**

(לויפֿט צו. דזשייקי פּאַכעט מיט די הענט. זי בלייבט שטיין)

האַלד הים הענדס!

**ערשטע יינגל:**

(פֿאַרנעמט די הענט)

דאָנט בי עפֿרייד. קאַם אָן.

(די אויפּפּאַסערקע לויפֿט האַסטיק צו. אין דער זעלבער רגע לאָזט אים דער כאַפּער פֿריי.)

**דזשייקי:**

(רייצט זיך ווידער)

דזשעני גאַט איי פֿעלאָו, דזשעני גאַט איי פֿעלאָו...

**אויפּפּאַסערקע:**

(לויפֿט אים נאָך)

ווייט, אַ׳ל טעל דהי טיטשער.

**דזשייקי:**

(לאָזט זיך צום גרינעם יינגל. שרייט נאָך פֿונדערווייטנס)

איכ׳ל דיר געבן, גריני!

**גרינער:**

(פֿאַרשטייט ניט. רוקט זיך ניט אָפּ. גייט אים אנטקעגן)

פֿון וואַנען קאָנסטו רעדן ווי איך?

**דזשייקי:**

(וויל אַרויפֿפֿליען אויפֿן גרינעם. שטויסט זיך אָן דערוויל אָן צווייטן יינגל, וואָס טרעט הינטער אים מיט אַ באָל אין האַנט. יענער פֿאַלט. דזשייקי האַלט זיך ביי אַ האַנט. מיט צאָרן)

יו ביג בוב!

**צווייט ייִנגל:**

(הייבט זיך אויף. האַלט זיך פֿאַר אַ פּוּס)

גערעט אוט אָוו היר. יו'ר אָלווייס וואַילד...

**דזשייקי:**

טייק אָף יאָר גלעסעס.

**צווייט ייִנגל:**

קאַם אָן.

(נעמט אַרונטער די ברילן)

(זיי שטעלן זיך אין פּאָזיציע. ס'הייבט זיך אָן אַ „פֿאַיט". קינדער וואַרפֿן זייערע שפּילן און לויפֿן זיך צונויף. ביידע שפּרינגען אונטער ווי הענדלעך. קומען אַריין אין ברען.)

**גרינער:**

(קוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט געזוכט אימעצער זאָל זיך אַריינמישן. פֿאָלגט נאָך מיט אָנגעצונדענע אויגן נאָכן גאַנג פֿון געשלעג. ווען ער דערזעט אַז ביידע האָבן זיך איינגעקלאַמערט איינער אין אַנדערן, וואַרפֿט ער זיך אַריין אין מיטן. וויל צע־רייסן. רופֿט)

אוי, זיי ווען זיך ממיתן!

(ביי די קינדער ווערט אַ טומל, אַ געשריי. עטלעכע ייִנגלעך גיבן זיך אַ וואָרף אויף אים, שטופּן אים אָפּ.)

**צווייט ייִנגל:**

(גיט אים אַ קלאַפּ)

גערעט אוט אָוו היר!

**דזשייקי:**

(גיט אים אַ שטויס)

ניט דיינע ביזנעס, גריני!

**גרינער:**

(צעטומלט)

איר וועט זיך ממיתן, וועט איר זיך!

**אויפּפּאַסערקע:**

(פֿאַרשטעלט אים)

יו בעד באָים, דהי טיטשער סעד יו שוד נאָט טאָטש הים.

**דזשייקי:**

(מישט איר איבער)

טיטשער־פּיטשער, סעד־מעד... דזשענא גאָט איי פֿעלאָו,
דזשעני גאָט איי פֿעלאָו...

**אויפּפּאַסערקע:**

(מיט געוויין)

א'ל טעל דהי טיטשער אָן יו. (אָפּ.)

**דזשייקי:**

(טרעט צו צום גרינעם, מיט פֿאַררוקטע הענט אין די קעשענעס)

איצט וועל איך דיר וויזן...

**גרינער:**

(צעשראָקן. טרעט אָפּ)

וואָס ווילסטו פֿון מיר?

**ערשט יינגל:**

(רופֿט)

דאָנט באָדהער הים!

**גרינער:**

(פֿאַרשטעלט זיך מיטן האַנט)

וואָס ווילסטו?

**דזשייקי:**

(קוקט אים אָן, באַמערקט עפּעס אומגעריכט)

וואָס טוט דיין טאַטע?

**גרינער:**

(שווייגט)

**דזשייקי:**

(דראָענד)

וואָס טוט דיין טאַטע?

**גרינער:**

כ'האָב ניט קיין טאַטען.

**דזשייקי:**

(כאַפּט אַרויס אין אויפֿרעגונג די הענט פֿון די קעשענעס)

דו אויך האָסט ניט קיין טאַטן?

**גרינער:**

איך האָב קיין מאַמען אויך ניט.

**דזשייקי:**

וועמען האָסטו?

**גרינער:**

אַ קליין שוועסטערל.

**דזשייקי:**

ביי וועמען ביסטו?

**גרינער:**

ביי אַ פֿעטער.

**דזשייקי:**

אין וועלכן קלאַס גייט דיין שוועסטערל?

**גרינער:**

זי איז דאָ ניטאָ. זי איז אין דערהיים איבערן ים. כ'וועל ווערן אַביסל גרעסער, וועל איך זי אַריבערנעמען.

**דזשייקי:**

(פֿריינטלעך)

איך האָב אויך קיין טאַטן ניט.

**גרינער:**

(באַרואיקט)

און אַ מאַמען?

**דזשייקי:**

אַ מאַמען, יע.

**גרינער:**

עס איז גוט צו האָבן אַ מאַמען, האַ?

**דזשייקי:**

ווען זי שרייט און שלאָגט מיך, טויג ניט.

**גרינער:**

רעד ניט קיין נאַרישקייטן. ס׳איז שטענדיק גוט צו האָבן טאַטע-מאַמע.

**דזשייקי:**

(פאַרעקשנט)

אַז מען שלאָגט, טויג ניט.

(דערלאַנגט אים אַ האַנט)

לאָמיר זיין „פרענדס״.

**גרינער:**

גוט, זאָל זיין חבר.

(קינדער הייבן אויף אַ טומל און אַ געלעכטער. קולות: לוק!)

**דזשייקי:**

(צו אַלעמען)

אַי מין אים.

(דער געלעכטער ווערט נאָך שטאַרקער. אויסגעשרייען: לוק, לוק עט דהי ניו פרענדס!)

**גרינער:**

(צו דזשייקין)

וואָס לאַכן זיי?

**דזשייקי:**

זיי מיינען איך מאַך „פאַן״ פון דיר, אַז איכ׳ל דיך „פאַיטן״.

**דזשייקי:**

זיינען דאָס יידישע?

**דזשייקי:**

יידישע. זיי מיינען אַז איכ׳ל דיך שלאָגן.

גרינער:

(צו אַלעמען)

מיר'ן זיך ניט שלאָגן.

דזשייקי:

(צום גרינעם ייִנגל)

רעד ניט צו זיי. זיי פֿאַרשטייען ניט וואָס דו רעדסט.

איין ייִנגל:

(אין ייִדיש)

„נעווער מײַנד", רעד, איך פֿאַרשטיי.

אַ צווייטער:

(מיט געלעכטער)

איך רעד אויך.

אַ דריטער:

איך רעד מיט מײַן מאַמען.

אַ פֿערטער:

איך מיט מײַן טאַטן.

אַ פֿינפֿטער:

איך מיט מײַן באָבען.

אַ זעקסטער:

איך מיט מײַן זיידן.

אַלע צוזאַמען:

מיר פֿאַרשטייען.

(לאַכן.)

גרינער:

(באַגײַסטערט צו דזשייקין)

זע נאָר, זיי ריידן דאָך אַלע ווי מיר.

דזשייקי:

(בייז)

גלויב זיי ניט, דאָס מאַכן זיי „פֿאַן" פֿון דיר.

**גרינער :**

(פֿארוואונדערט)

זיי ריידן דאָך . . .

(אַלע שרייען ווידער : מ י ר  ק ע נ ע ן !)

**צווייט יינגל :**

(שטופּט אונטער אַנטאָניך, דעם איטאַליענער)

טעל הים יו אַר עי דזשו, סעי : „איך" !

**אַנטאָני :**

(לויפֿט צו לאַכנדיק צום גרינעם יינגל)

איק !

**גרינער :**

(צו אַנטאָנין)

אַז דו ביסט אַ יידישער, האָב איך נאָך פֿריער געזען.

**צווייט יינגל :**

(שטופּט אונטער דזשימין דעם איירישן)

דו לאַיק אַנטאָני.

**דזשימי :**

(לויפֿט צו, שטעלט אויס די ברוסט, שרייט :)

איק !

**גרינער :**

(שמייכלט צו דזשייקין)

דאָס מוז זיין אַ שייגעץ. ער האָט זומערשפּרינקלעך אויפֿן פּנים.

**דזשייקי :**

(צו אַלעמען)

וואָס מאַכט איר „פֿאַן" פֿון אים ? אַי בעט הי איז סמאַרטער דען יו !

**אַלע :**

(מיט געלעכטער)

אַ, גאַ אָן !

**צווייט ייִנגל:**

אַ'ל בעט הי איזנט...

**דזשייקי:**

(פֿאַרעקשנט)

אָלל ראַיט.

**צווייט ייִנגל:**

לעט מי עסק הים סאַמטהינג.

**דזשייקי:**

נישט דו, אַן אַנדערער זאָל פֿרעגן.

**ערשט ייִנגל:**

איך קאָן ריידן ווי ער, איכ'ל זיין דער טיטשער, מיסטער מעקאַרטי.

(מאַכט דערביי אַ מינע וואָס דאַרף פֿאַרשטעלן דעם לערער מעקאַרטי.)

**אַ מיידל**

(ווייזט אויפֿן גרינעם ייִנגל)

הים טיטשער איז מים מעסבעט, לעט איי גוירל עסק הים!

**ערשט ייִנגל:**

(ווייזט אָן אויפֿן גרינעם)

איך קאָן ריידן ווי ער. אַ'ל בי דהי פּרינסיפּאַל, מר. דזשאַנסאָן...

(מאַכט אַ פּאָזע, וואָס דאַרף פֿאַרשטעלן דעם פּרינסיפּאַל דזשאַנסאָן.

קינדער לאַכן, געשרייען: ל ע ט  ה י ם  ע ס ק,  ה י  א י ז  אָ ל  ר אַ י ט.)

**ערשט ייִנגל:**

(מיט אַ וואַזשנער מינע. רופֿט אויס)

קלעס, אַטענשאַן!

(די קינדער צעזעצן זיך מיט געלעכטער. פּלומרשט ווי אין קלאַס. אין מיטן בלייבן נאָר דאָס ערשטע ייִנגל, דאָס גרינע ייִנגל, דזשייקי און דאָס צווייט ייִנגל.)

ערשט יינגל:

(מאַכט מיטן האַנט. רופט)

קיפ קווייעט, לעט נאָיז!

(די קינדער הערן אויף לאַכן. פון צייט צו צייט שפריצט נאָך ווער אוים אין אַ געלעכטער. באַלד ווערט שטיל.)

ערשט יינגל:

(פאַרטראַכט זיך. ווענדט זיך צום גרינעם)

ווער איז דזשאָרדזש וואַשינגטאָן?

צווייט יינגל:

(שפרינגט אויף. שרייט)

יו דאָנט נאָו האָו טו עסק.

(אין שלעכטן יידיש)

דאָס גרינג. אַלץ ווייס. פרעג שווער. דהי קעפּיטאַל פון פרענס.

ערשט יינגל:

סיילענס, איך בין פּרינסיפּאַל.

(צום גרינעם)

וועלכע שטאָט איז די גרעסטע ביי די פּראָנצוויזן?

גרינער:

פּאַריזש.

קינדער:

(שיסן אוים אין אַ געלעכטער)

ליסן, ליסן! דיד יו היר? „פּאַריזש", נאַט פּעריז, דזשי, דהאַטס פאָני!

אַנטאָני:

(שפרינגט אויף)

דהאַטס נאַטהינג. דהאַטס דהי ווי דהיי טאָק.

ערשט יינגל:

סיילענס! לעט מי עסק!

(צום גרינעם יינגל)

ווער איז געווען (פּאַרטראַכט זיך) לינקאָלן?

**גרינער:**

אייבּרעהעם לינקאָלן איז געווען אייערם אַ פּרעזידענט.

**דזשייקי:**

(שפּרינגט אונטער פון פרייד)

אָ'ל בעט, אי וואַן.

**צווייט יינגל:**

(שפּרינגט אויף)

דהאָטס נאָטהינג, דאָס גרינג, פרעג שווער, פּיל פּרעזידענטס געווען?

**דזשייקי:**

(אביסל צעשראָקן. כאַפּט זיך ארוים. צום גרינעם יינגל)

ער פרעגט דיך צי לינקאָלן איז געווען דער זעכצענטער פּרע־זידענט.

**קינדער:**

(שפּרינגען אויף)

דהאָטס נאָט פעיר! מיר פאַרשטייען. ווילסט אונדז „פולן". זאָל ער זאָגן אליין.

**דזשייקי:**

אנעסט, איך האָב ניט געמיינט, איר האָט אים שוין אַזוי פּיל געפרעגט. לאָזט אים אייך פרעגן. ער איז איינער, איר זענט „אַ ביג קראָוד".

**ערשט יינגל:**

אָלל ראַיט. זאָל ער פרעגן און יעדער איינער קאָן ענטפערן.

**גרינער:**

אָלל ראַיט.

(זעצן זיך איין.)

**דזשייקי:**

(צום גרינעם יינגל)

גיב זיי אַ פרעג, אַז זיי זאָלן קריגן אַ „סי".

גרינער:

(טרעט ארויס)

דער וויפּלטער קעניג איז געווען אחאָב?

(רופן אוים)

קינדער:

הו?

צווייט יינגל:

דהער איז נאָט סאָטש אָן אינגליש וואָירד.

דזשייקי:

נעווער מאַינד, ס'איז אָלל־ראַיט, דו ווייסט ניט.

קינדער:

(שרייען)

קעניג? ווי דאָנט לאַיק קינגס. עסק סאָמטהינג עלס.

דזשייקי:

נעווער מאַינד, איר ווייסט ניט.

ערשט יינגל:

(צום גרינעם)

פֿרעג אָן אנדער זאַך, זיי פֿאַרשטייען ניט וואָס דו פֿרעגסט.

גרינער:

(פֿאַרטראַכט זיך א ווײַלע)

פֿאַר וועלכן קעניג איז געווען אליהו הנביא?

קינדער:

(פֿאַרוואונדערט)

וואָס? האָ?

צווייט יינגל:

האָו דו יו ספּעל איט?

קינדער:

(אויסרופֿן)

ווהאָט איז הי?

**צווייט ייִנגל:**

(פֿאַר אַלעמען)

ווי דאַנט סטאַדי דעט.

**דזשייקי:**

(מיט נצחון)

מאַכט ניט קיין מאַנקי־ביזנעס. איך האָב אייך געזאָגט איר וועט ניט וויסן.

**גרינער:**

(פֿאַרשטייט ניט דעם טומל. חזרט איבער העכער)

אליהו הנביא!

**קינדער:**

ווי דאַנט סטאַדי דהעט!

(עטלעכע אין ייִדיש)

מיר דאָס ניט געלערנט!

**דזשייקי:**

(דערפֿרייט, צום גרינעם)

זעסט, זיי ווייסן קדחת.

**צווייט ייִנגל:**

לעט הים, דערצייל אונדז ליטל. מיר דערמאָנען.

**ערשט ייִנגל:**

(צום גרינעם)

ער זאָגט דערצייל עפּעס, וועט מען זיך דערמאָנען.

**גרינער:**

איר געדענקט ניט אליהון? איך קאָן אייך דערציילן.

**קינדער:**

דערצייל! מיר פֿאַרשטייען!

**גרינער:**

אליהו הנביא איז געווען אין ארץ־ישראל. ער פֿלעגט ריידן שטראָף־רייד צום ייִדישן קעניג און קעניגין, ווען זיי האָבן געטאָן

שלעכטס. דער קעניג מיט דער קעניגין האָבן אליהון געוואָלט אומ־ברענגען. איז ער אַוועק צווישן פֿעלזן לעבן ברעג פֿון אַ טייך. די פֿעלזן זיינען געווען ווּסטע. האָט ער ניט געהאַט וואָס צו עסן. פֿלעגן אים קראָען ברענגען עסן אַלע אינדערפֿרי און אַלע פֿאַרנאַכט.

**קינדער:**

(פֿאַרוואונדערט)

קראָען?

**גרינער:**

ניט נאָר קראָען; איינמאָל, ווען אליהו איז אַנטלאָפֿן פֿון דער קעניגין און זיך געדאַרפֿט ראַטעווען פֿון טויט, האָט ער אַ טאָג צייט אַרומגעוואַנדערט אין ווּסטעניש. ביינאַכט האָט ער זיך צו־געזעצט אונטער אַ פּאַלמע און האָט אויף זיך געוואונטשן דעם טויט און שוין בעסער געוואָלט שטאַרבן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער פּאַלמע און איז איינגעשלאָפֿן. איז אַראָפּגעקומען אַ מלאך, האָט אים אויפֿגעוועקט און געזאָגט...

**אַ מיידל:**

וואָס איז אַ מאַלעך?

**אַלע:**

(בייז)

קיפּ קווייעט!

**גרינער:**

האָט דער מלאך געזאָגט: שטיי אויף און עס! האָט אליהו אַ קוק געטאָן. ערשט ביי אים צוקאָפּנס ליגט אַ געבאַקטער קוכן און עס שטייט אַ קרוג וואַסער. האָט אליהו געגעסן, געטרונקען, האָט זיך ווידער געלייגט און איז ווידער איינגעשלאָפֿן. האָט זיך דער מלאך אַ צווייט מאָל אומגעקערט, האָט אים ווייטער אויפֿ־געוועקט און געזאָגט: שטיי אויף און עס, ווייל לאַנג איז דיין וועג. איז ער אויפֿגעשטאַנען, האָט געגעסן, געטרונקען, און מיטן נייעם כּוח איז ער געגאַנגען פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט ביז ער איז אָנגעקומען צו אַ באַרג. דאָרט איז ער אַריין אין אַ הייל, וואו ער האָט גענעכטיקט.

**איינער:**

(צו אַנטאָנין און דזשימין, וואָס קוקן נייגעריק ווי אַלע הערן זיך איין)

הי טעלם עי וואָנדערפֿול סטאָרי.

**קינדער:**

(צו דעם איינעם)

אָ, שאַט אַפּ!

(צום גרינעם יינגל)

דערצייל ווייטער.

**גרינער:**

(באַגייסטערט זיך)

איך וועל אייך דערציילן נאָך שענערס. ס'איז געווען אַ טרי־קעניש אין לאַנד און ס'איז ניט געווען וואָס צו עסן. אליהו איז אַוועק אין דער שטאָט צרפֿת. ווען ער איז אָנגעקומען צום טויער פֿון שטאָט, האָט ער באַגעגנט אַן אָרעמע פֿרוי, אַן אַלמנה, וואָס האָט געקליבן שפּענדלעך. האָט איר אליהו געבעטן, זי זאָל אים אָנשעפּן אַביסל וואַסער צו טרינקען. איז זי געגאַנגען נעמען. האָט אליהו איר נאָכגעשריען: נעם אויך אַ שטיקל ברויט פֿאַר מיר. האָט זיך די אָרעמע פֿרוי געשוואָרן, אַז זי האָט מער ניט ווי אַביסל מעל און אַ קרוג און אַביסל ביימל אין אַ קריגעלע און אַ פּאָר שפּענדלעך. כ'וועל קומען אַהיים, האָט זי געזאָגט, וועל איך פֿון דעם ביסל מעל און דעם טראָפּן ביימל אויסבאַקן עפּעס פֿאַר מיר און פֿאַר מיין יינגעלע, און אַז מיר וועלן דאָס אויפֿעסן, וועלן מיר דערנאָך אויסגיין פֿון הונגער.

**קינדער:**

(רירן זיך)

ליסן, הערט...

**גרינער:**

(אין טאָן)

האָט אליהו געזאָגט: שרעק זיך ניט. גיי און טו, ווי דו זאָגסט. נאָר פֿריער מאַך פֿאַר מיר אַ קליין קוכנדל, און פֿאַר דיר און דיין

ייִנגעלע דערנאָך. איז די פֿרוי געגאַנגען און האָט געטאָן ווי אליהו האָט געזאָגט. האָט זי און איר הויזגעזינט געגעסן פֿון דעם הייפֿל מעל און דעם ביסל בוימל די גאַנצע צייט פֿון דער טריקעניש, ווייל וויפֿיל זי האָט ניט גענומען איז ניט אויסגעגאַנגען דאָס מעל פֿון קרוג און דער בוימל פֿון קריגל.

**קינדער:**

הערט! הערט!

**גרינער:**

(מיט ברען)

אָבער הערט נאָך ווייטער. ביי דער אָרעמער פֿרוי איז קראַנק געוואָרן איר ייִנגעלע. קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. האָט אליהו אָרויפֿגענומען דעם געשטאָרבענעם ייִנגעלע צו זיך אויפֿן אויבער־שטיבל, אים אָוועקגעלייגט ביי זיך אויפֿן געלעגער און לעבעדיק געמאַכט...

**צווייט ייִנגל:**

יו קענט מאַכן לעבעדיק.

**דזשייקי:**

מען קען, מען קען, דערציייל!

**ערשט ייִנגל:**

דערציייל:

**גרינער:**

געוויס קען מען. און אַז משיח וועט קומען, וועלן אַלע טויטע ניט לעבעדיק ווערן?

**קינדער:**

ווער איז משיח?

**גרינער:**

(באַגרייפֿט ניט)

וואָס פֿרעגט איר?

**קינדער:**

ווער איז משיח?

**גרינער:**

(שמייכלט, גלויבט אַלץ ניט. קוקט אויף דזשייקין)

זיי מאַכן חוזק?

**דזשייקי:**

נאָו.

**ערשט יינגל:**

איך האָב געהערט מיין מאַמען זאָגן אַמאָל משיח, משיח, אָבער איך ווייס ניט.

**דזשייקי:**

זעסט.

**גרינער:**

משיח איז...

**קינדער:**

דערציייל פֿריער מיט אליהון!

**גרינער:**

אליהו איז אַרויף אויפֿן הימל. פֿריער האָט ער געמאַכט אלישען פֿאַר אַ נביא. זיינען זיי ביידע געגאַנגען אין וועג, און ס'איז געקו־מען די צייט ווען אליהו האָט באַדאַרפֿט אַרויף אויפֿן הימל. האָט אליהו געהייסן אלישען ער זאָל אַוועקגיין. אלישע האָט אים אָבער ניט געוואָלט פֿאַרלאָזן און וואו ער איז געגאַנגען, איז אלישע אים נאָכגעגאַנגען. זיינען זיי געקומען צום ירדן. האָט אליהו אויפֿגע־וויקלט זיין מאַנטל און אַ קלאַפּ געטאָן איבערן וואַסער. האָבן זיך די וואַסערן געשפּאָלטן און זיי זיינען ביידע אַריבער אין דער טריקעניש.

**ערשט יינגל:**

דאַט'ס וואָנדערפֿול!

**גרינער:**

(זעצט פאָר)

ווי זיי גייען אַזוי אַריבער, זאָגט אליהו צו אלישען: זאָג, וואָס דו פאַרלאַנגסט איידער מען נעמט מיך אַוועק פון דיר. און ווי זיי גייען אַזוי און ריידן ביידע, לאָזט זיך מיט שטורעם אַרונטער פון הימל אַ פייערדיקער רייטוואָגן מיט פייעדריקע פערד. דער רייט־וואָגן האָט זיי ביידע צעשיידט. אליהון האָט מען אַריינגעכאַפּט אין רייטוואָגן און ער איז מיט שטורם אַרויף אויפן הימל. נאָר אליהום מאַנטל איז געבליבן ביי אלישען. מער האָט ער אליהון ניט געזען.

**קינדער:**

דאַט׳ס וואָנדערפול!

**דזשייקי:**

(באַגייסטערט)

אַרויף אויפן הימל און ניטאָ!

**גרינער:**

אליהו איז דאָ. אליהו איז שטענדיק דאָ. אַפילו פסח צום סדר קומט ער. מען גיסט פאַר אים אָן אַ כּוס. נאָר מען זעט אים ניט. דערפאַר אין משיחס צייטן, וועלן אים אַלע זען. ער וועט קומען אָנזאָגן, אַז משיח קומט. ער וועט בלאָזן אין אַ „שופר", און זיין שאַלן וועט מען הערן אין אַלע פיר עקן וועלט.

**קינדער:**

ווער איז משיח?

**גרינער:**

מען ווייסט ניט ווער ער איז, נאָר אַז ער וועט קומען, וועלן אַלע לעבעדיק ווערן, — מיין טאַטע־מאַמע...

(ווייזט אויף דזשייקין)

זיין טאַטע. מער וועט מען שוין ניט שטאַרבן. מען וועט לעבן אייביק. יעדער איינער וועט האָבן וואָס ער וויל נאָר. אומעטום

וועט זיין שלום, ניט ווי ביי אונדז איז געווען. אַפילו אַ לעמפּערט וועט וואוינען מיט אַ ציגעלע און וועט עם ניט פֿאַרצוקן...

**צווייט יינגל:**

(רופֿט פּלוצלונג אויס)

דהי פּרינסיפּאל איז קאַמינג!

**קינדער:**

(שפּרינגען אויף, קוקן זיך אום. ס'באַווייזט זיך דער פּרינסיפּאַל. נאָך אים די אויפֿפּאַסערקע. דער פּרינסיפּאַל לייגט ניט קיין אויפֿמערקזאַמקייט אויף די קינדער און גייט פֿאַרביי אין גאַס אַריין. מען באַרואיקט זיך. צום גרינעם)

דערצייל ווייטער!

**גרינער:**

(הייבט ווידער אָן)

אַז משיח וועט קומען...

(נערוועז הייבט אָן קלינגען דאָס גלעקל. די קינדער הייבן זיך אָן צו באַוועגן.)

**אויפֿפּאַסערקע:**

(לויפֿט צו צום גרינעם יינגל, גיט אים אַ שלעפּ פֿאַרן האַנט)

קאַם אָן, דהי טיטשער סעד לעט מי קעטש יו טאַק דזשואיש...

**ערשט יינגל און דזשייקי:**

(רופֿן)

טשיר הים!

(אַ גרופּע יינגלעך גיבן זיך אַ שטעל אויס אין אַ ראָד, די קעפּ צוגעבויגן איינס צום אַנדערן און מען „טשירט" אים אויפֿן אַמעריקאַנעם שטייגער. דאָס גלעקל קלינגט, קלינגט...)

**פֿאַרהאַנג**

## פאַרטייטשונגען פֿון ענגלישע זאַצן און פּאַראַגראַפֿן

(ענגלישע רעפּליקעס אין יידיש)

**זייט 304**

יינגל: **איך בין דער ערשטער.**

מיידל: **מיר ביידע זיינען די ערשטע.**

יינגל: **ניין, מאַדאַם.**

מיידל: **יע, הער.**

ערשטע יינגל: **לאָמיר אָנגיין מיטן שפּיל.**

צווייט יינגל: **דער „כאַפּער" איז ניטאָ.**

**זייט 305**

ערשטע יינגל: **וואו איז ער?**

צוויי יינגל: **דזשאַקי דאַרף בלייבן אינעווייניק.**

קינדער: **פֿאַרוואָס?**

צווייט יינגל: **ער האָט געמאַכט שפּאַס פֿון דעם „גרינעם".**

ערשטע יינגל: **וואָס האָט ער געטאָן?**

צווייט יינגל: **ער האָט געוואָרפֿן אויף אים אַ שטיק קרייט.**

ערשטע יינגל: **דזשייקי איז אַ נאַר, וואָס ער האָט מיט אים צו טאָן.**

צווייט יינגל: **דער „גרינער" איז אַזוי קאָמיש! קוק, אָט קומט דער „גרינער"!**

אויפֿפּאַסערקע: **שטיי דאָ.**

**זייט 306**

צווייט יינגל: **קוק אויפֿן „גרינעם". האָסטו געהערט: אַנשטאָט צו זאָגן „אָס" (אונדז) זאָגט ער „יוס".**

אויפֿפּאַסערקע: **די לערערקע האָט געזאָגט:, אַז דו זאָלסט ניט ריידן קיין יידיש. מאַכט ניט קיין שפּאַס מיט אים.**

צווייט יינגל: **האָסטו געזען ווי זי קערט איבער די זייטן פֿאַר אים? אַך, ווי קאָמיש.**

ערשטע יינגל: **לאָמיר אָנגיין מיטן שפּיל.**

יינגלעך: **אָבער ווער וועט זיין דער „כאַפּער"?**

צווייט יינגל: אָט איז דזשייקי! וואָס איז די סיבה דזשייקי? מיר וואַרטן דאָך אויף דיר.
דזשייקי: ניט אייער עסק.
צווייט יינגל: דו ביסט נאַריש.

**זייט 307**

דזשייקי: נעם אַראָפּ דיינע ברילן...
צווייט יינגל: זאָל מען שפּילן אָן אים.
דזשייקי: וואָס שטייסטו דאָ?
אויפּפּאַסערקע: די לערערקע האָט געזאָגט דו זאָלסט אים לאָזן צורו.
דזשייקי: דזשעני האָט געקראָגן אַ בחור... קוק! דזשעני האָט געקראָגן אַ בחור...

**זייט 308**

אויפּפּאַסערקע: די לערערקע האָט געזאָגט איר זאָלט ניט ריידן צו אים יידיש.
אויפּפּאַסערקע: די לערערקע האָט געזאָגט, זאָל איך אייך נאָר כאַפּן ריידנדיק יידיש!
דזשייקי: דזשעני האָט געקראָגן אַ בחור... כאַפּ אים, כאַפּ אים!
ערשט יינגל: אָט האָב איך אים.
דזשייקי: לאָז מיך צורו

**זייט 309**

ערשט יינגל: ניין, הער.
דזשייקי: איך וועל דיך שלאָגן.
אויפּפּאַסערקע: האַלט זיינע הענט!
ערשט יינגל: האָב קיין מורא ניט, לאָז אים ניט אָפּ.
דזשייקי: דזשעני האָט געקראָגן אַ בחור...
אויפּפּאַסערקע: וואַרט, איך וועל זאָגן דער לערערקע.
דזשייקי: דו גרויסער גלאָמפּ!

**זייט 310**

צווייט יינגל: טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, ביסט שטענדיק ווילד...
דזשייקי: נעם אַראָפּ דיינע ברילן.

צווייט יינגל: לאָמיר אָנגיין.
צווייט יינגל: אַוועק פֿון דאַנען.

**זייט 311**

אויפֿפּאַסערקע: **איר זייט שלעכטע יינגלעך, די לערערקע האָט געזאָגט איר זאָלט אים ניט טשעפּען.**

דזשייקי: **לערערקע־שמערערקע, געזאָגט־געמאָגט... דזשעני האָט געקראָגן אַ בחור...**

אויפֿפּאַסערקע: **איך וועל וועגן דיר דערציילן דער לערערקע.**

ערשט יינגל: **לאָז אים צורו!**

**זייט 313**

דזשייקי: **איך מיין עס.**

דזשייקי: **קוק אויף די נייע פֿריינד.**

**זייט 315**

צווייט יינגל: **זאָג אים אַז דו ביסט אַ ייד. זאָג: „איך"!**

צווייט יינגל: **טו ווי אַנטאָני.**

דזשייקי: **וואָס מאַכט איר שפּאַס פֿון אים? איך וועט זיך מיט אייך, ער איז קליגער פֿון אייך!**

אַלע: **גיי ווייטער!**

**זייט 316**

צוויי יינגל: **איך וועט זיך ער איז ניט (קליגער)...**

צווייט יינגל: **איך וועל אים עפּעס פֿרעגן.**

אַ מיידל: **זיין לערערקע איז מיס מעסבעט. זאָל אַ מיידל אים פֿרעגן!**

ערשט יינגל: **איך וועל זיין דער שול־פּאַרוואַלטער, מר. דזשאַנסאָן...**

**...געשרייען: „זאָל ער פֿרעגן. ער איז אָלרייט (גוט).**

ערשט יינגל: **קלאַס, אַכטונג!**

**זייט 317**

ערשט יינגל: **זיי שטיל, ווייניקער טומל!**

צווייט יינגל: **דו ווייסט ניט ווי צו פֿרעגן... די הויפּטשטאָט פֿון פֿראַנקרייך?**

ערשט יינגל: **שטיל, איך בין דער שול־פּאַרוואַלטער.**

קינדער: **הערט, הערט! האָט איר געהערט? „פּאַריזש", ניט פּעריז, אַך, דאָס איז קאָמיש!**

אַנטאָני: **דאָס איז גאָרניט. אַזוי ריידן זיי.**

ערשט יינגל: **שווייגט! לאָזט מיך פֿרעגן!**

**זייט 318**

דזשייקי: **איך וועט זיך, איך האָב געוואונען.**

צווייט יינגל: **דאָס איז גאָרניט...**

קינדער: **דאָס איז ניט יושרדיק!... ווילסט אונדז אָפּנאַרן.**

דזשייקי: **אויף מיין ערנוואָרט... איר זייט אַ גרויסע „כאַפּטע".**

**זייט 319**

צווייט יינגל: **ניטאָ אַזאַ ענגליש וואָרט.**

דזשייקי: **ס'מאַכט ניט אויס, ס'איז גוט, דו ווייסט ניט.**

קינדער: **קעניג? מיר האָבן ניט ליב קעניגן. פרעג עפּעס אַנדערש.**

צווייט יינגל: **ווי לייגסטו (שרייבסטו) עס אויס?**

קינדער: **וואָס איז דאָס?**

**זייט 320**

צווייט יינגל: **מיר לערנען דאָס ניט.**

דזשייקי: **מאַך ניט קיין שטיק...**

צווייט יינגל: **זאָל ער אונדז דערציילן אַביסל...**

**זייט 321**

אַ מיידל: **וואָס איז אַ מלאך?**

אַלע: **זייט שטיל!**

**זייט 322**

איינער: **ער דערציילט אַ וואונדערבאַרע מעשה.**

קינדער: **פאַרמאַך דיין מויל!**

**זייט 324**

ערשט יינגל: **דאָס איז וואונדערבאַר!**

**זייט 326**

צווייט יינגל: **דער פּרינסיפּאַל (שול־פאַרוואַלטער) גייט!**

אויפפּאַסערקע: **קום, די לערערקע האָט געזאָגט, זאָל איך אים נאָר כאַפּן ריידנדיק יידיש...**

ערשט יינגל און דזשייקי: **הוראַ פאַר אים!**

## ווערטער פּאַרטייטש

**א.**

אַאיר — אַ מין וואַסער־גראָז.

אָוועראָל — אויבערהויזן וואָס מען טראָגט ביי דער אַרבעט.

אייז־קרים — אייז־קרעם, זיסע געפרוירנס.

איינגעגאַדזשעט — האָט זיך צוגעוואוינט.

אינטוירן — אַ דאָקטאָר וואָס וואוינט אין אַ שפּיטאָל.

איסט סאַיד — מיזרח־זייט, טייל פון שטאָט וואו ס׳וואוינען מערסטנס אָרעמע מענטשן.

אָפּפּולען — אָפּשטויבן.

**ב.**

באָב — ווען מיידלעך שערן זיך אָפּ די האָר ווי יינגלעך.

באַטאַליע — קאַמפּן, מלחמות.

באַמפּער — שוץ־אייזן אין פראָנט פון אויטאָמאָביל.

באַס — אויטאָבוס.

באַרקע — אַקסל.

בופּפּערס — מעטאַל־שטאַנג ביים ענד פון אויטאָ, אויפצונעמען אַ קלאַפּ ביים צוזאַמענשטויס מיט אַן אַנדער אויטאָ.

בילדינג — געביידע.

בעיבי — אַ קליין קינד, אַן עופהלע.

ברעיקס — מיט וואָס מ׳האַמעוועט אַן אויטאָמאָביל, אַ טאָרמאָז.

**ג.**

גאַלקע — אַ פויגל פון טיפּ קראָען.

געטשאַטעוועט — נאָכגעשפּירט, געהיט.

גענג — אַ חברה, אַ כאַפּטע.

גרייז — אַן אַלטער, פיין אויסזעענדער גרויער מאַן.

**ד.**

דאַון־טאַון — אונטערשטער טייל פון שטאָט, וואו די מערסטע געשעפטס־געביידעס געפינען זיך.

דאַים — אַמעריקאַנער מטבע, 10־סענט שטיק.

דידקעס — אַלטע רוסישע קופּערנע מטבעות, דריי קאָפּיקעס.

דיטשקעס — ווילדע פעלד פירות.
דזשעניטאַרין — הויז־וועכטערין.
דרייגודס — שניט־ און גאַלאַנטעריי־סחורות.
דרייווער — טרייבער פון אויטאָ, שאָפער.

**ה.**

התבודדות — ווען מ׳זונדערט זיך אָפּ און פאַרטיפט זיך אין געטלעכע געדאַנקען.

**וו.**

וויגאָן — אַ פאַשע־פעלד פאַר די בהמות ניט ווייט פון די הייזער.
וועלאָ — וועלאָסיפעד, בייסיקל.
וועמפעריטשע — פאַרפירערישע, באַצויבערנדע.

**ז.**

זובר — אַ בופל־אָקס, זעלטענער מין פון ווילדן אָקס.
זשידזשי — יידן.

**ט.**

טאָפּטשען — איינטרעטן, צו מאַכן פלאַך מיט די פיס.
„טו־בי״ — צווייטער קלאַס, אָפּטיילונג „בי״.
טראָטואַר — סיידוואָק, גלאַטער וועג פאַר פוסגייערס.
טריפס — רייזעס.
טרעין — באַן.
טשיפּמאָנק — אַ חיהלע, ענלעך צו אַ וועווערקע.
טשעסט — אַ מיליטערישער סאַלוט.

**י.**

יאַסטרעב — אַ רויבפויגל (שפּאַרבער).

**כ.**

כאַרט — אַ מין הונט, געוויקסיק און דאַר.
כיתות — קלאַסן, גרופּעס (אין חדר).

**ל.**

לאַפּט־בילדונג — אַ געביידע פאַר פאַבריקן און סקלאַדן.

**מ.**

מאָהילניק — אַ בית־עולם.

מאַכנאַטער — האַריקער.

מוּאווים — באַוועגלעכע ליכט־בילדער, קינעמאַטאָגראַף.

מיניען — בייטן זיך, פּינקלען.

מיעשטשאַניעס — שטאָטישע בירגער.

מעקענע שטימעלע — אַ קולכל, ענלעך צום קלאַנג „מע" פֿון אַ ציג.

**נ.**

ניקל — אַמעריק. מטבע, 5־סענט שטיק.

**ס.**

„סאָני יור׳ר פּאָני" — זוניו, ביסט קאַמיש.

סוואַרבעס — תנכן, עשרים וארבע.

סוויטש — קאָנטאַקט.

סטרעכע — אַ דאַך.

סיט — זיץ־פּלאַץ.

סמירנאָ — אַכטונג, רואיק זיין!

סינק — אָפּגוס פֿאַר וואַסער.

סקאָרעי — שנעלער.

סקעיטס — שליט־שו אויף רעדלעך.

סקראָבען — אָפּקראַצן, שאָבן.

**ע.**

עברי־יינגלעך — אָנפּאַנגער אין חדר.

על — „עלעוועיטעד", הויכבאַן.

עלינו לשבח — „מיר דאַרפֿן לויבן", דער אָנהויב פֿון אַ תּפילה.

**פּ.**

פּאָדוואָר — הויף, יאַרד.

פּאַכטער — אַרענדאַר פֿון מילך־ווירטשאַפֿט.

פּלאָטקעלעך — קליינע פּישלעך.

פּאָליאַנקע — שטיקל פֿעלד אין מיטן וואַלד.

פּאַראַסאָל — שירם, אַמברעלאַ.

פּאַרקאַן — אַ פּאַרצאַמונג.

פּאָשאָל — אַוועק!

פּושערס — קעסטלעך אויף רעדלעך.

פּליושטש — קלעטערנדיקער געוויקס.

פעני — קלענסטע אַמעריק. מטבע, 1־סענט שטיק.
פּיען — שטומפּ, וואָרצלשטיק פֿון אָפּגעזעגטן בוים.
פּחד — שרעק.

**פֿ.**

פֿאָני — קאַמיש.
„פֿאָר גאָדס סעיק" — אום גאָטס ווילן.
פֿייט — געפֿעכט, שטרייט.
פֿערי — פּאַראָם, שיף וואָס פֿירט אַריבער פּאַסאַזשירן פֿון איין ברעג אויפֿן צווייטן.
פֿרינדזש — ראַנד פֿון געזימס.
פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ — אַ מיראַזש, אַן אָפּשפּיגלונג אין דער לופֿטן פֿון עפּעס, וואָס איז זייער ווייט און נישט דערגרייכבאַר.

**ק.**

קאַסטימער — קויפֿער, קונה, קונד.
קיזשאַק — אַ יונג פֿערדל.
„קליינע גרופּע" — רעוואָלוציאָנערע גרופּע פֿון קינדער.
קאַמאַרעס — מאָסקיטאָס.
קענדי — צוקערקעס, זיסקייטן.
קראָוד — געדיכטער עולם מענטשן.
קרייקעס — פּאַסן געוואַנט ביים ראַנד.

**ר.**

ראַיד — פֿאָרן מיטן אויטאָמאָביל.
ראַקער — הינטשלעגער.
ריקשאַ — אַ צוויי־רעדלעך וועגעלע, וואָס ווערט געשלעפּט פֿון אַ מענטשן צו פֿירן פּאַסאַזשירן.

**ת.**

תיפֿלע (טיפֿלע) — אַ קלויסטער, אַ קירכע.